משה נאַדיר

# פון נעכטן ביז מאָרגן

ווילנע—1928

ווילנער פארלאג פון ב. קלעצקין

# אינהאַלט

זייט

זייט

# שוין לאַנג שטיל געווען

When they had heard
these words, they marvelled
and left him, and went their way.

אויף דיין געזונט — דו, ווי דו הייסט דאָרטן!
אין דער פלאַש ווערט ווינציקער, אין קאָפּ — אויך!
צייט זאָגן עפּעס הייסס פרישס, וואָס זאָל אויפרעגן און דערוואַרעמען.

וואָרום שוין צו לאַנג איז שטיל געווען ביי אונז אויף דער „יידישער גאַס". גאָטס גייסט איז געשוועמען איבער די מוטנע זמירות-וואַסערן, סאַמעטענער אומעט אַהער, סאַמעטענער אומעט אַהין, אָבער... באסטארדס!

גיב דעם צערעניו אַ ציצעלע, — זויגט עס, ווערט עס פעט, גרויס, וואַקסט אויס אַ געזונט שייגעצל — אויף אַ יידישער ברוסט געהאָדעוועט.

— אומעט טי מאָי!..

מיידלעך, וואָס וואַשן אין דערהיים די פּאַלש-זיידענע אונטערוואַרג אין אַ שיסל מיט „מילינעס און טרערן", טוליען זיך צו אַזאַ צעגלאַנצטן, שיין-ריידעוודיקן אומעט, גלעטן אים די אויער-לעכלעך און זינגען מיטן ניגון פון אוכניעם:

— עך, טי אומעט...

וואַרפט מען צונויף אין איין גריבל בלאָנדע טעג, קעל־בערנע נעכט, מילכיקע לבנות, אָפּגעריבענע האָפנונגלעך, טעזיסן, טוי און שפּייעכץ און — מ'לאָזט דעם פּאַנאָגראַף.

*

ר' יוחינטשע בן איקרא זאָגט אַזוי:

— דערצערנט נישט די ווייבער; האָט מיט זיי צו־ביסלעך חתונה און באַרויקט זיי!

וויל ס'פּנים אַ ברען טון פון בושה, דערמאָנט זיך די אַפּטייק און לאָזט נישט.

ס'איז באַוווסט: אומאַנשטענדיקע מיידלעך לאָזן זיך נישט אָנרירן פאַר דער חתונה; זיי האָבן מורא — מ'עט אויסגעפינען.

*

אומעלעגאַנט, כ'לעבן, אַזוי צו רעדן. אָבער, צום שוואַרצן יאָר! — רעגט זיך אויף, ווערט צעציטערט! אַנו!..

בויגט נישט אָן די קעפּ, אַזוי ווי אַן איבערגעקערטע „9", וואָס ווערט דורך דעם איבערקערן קלענער, זעקסיקער. לאָזט זיך נישט!

און באַשליסט איר שוין אַמאָל צו ברענגען אַ קרבן, טאָ זעט־זשע, ס'פאַרגאָסענע בלוט זאָל זיין נישט אייער קעלבלס נאָר אייערס.

ווילט איר נישט, קאָנט איר נישט, טאָ נעמט און רעדט פון בתולהשאַפט. לויבט עס, על פּי נוסח עוואַנגעליום, מירן פאַרשטיין וואָס איר מיינט דערמיט.

*

סאַמעטענער אומעט אַהער, סאַמעטענער אומעט אַהין, אָבער די קריטיק עסט פאָרט לאַטקעס, וואָס זענען באַשפּריצט מיט אונזער בלוט, צי ניין?

די קריטיק איז געבוירן אין אַ גאָלדן יאַרמולקעלע. זי דאַרף נישט שווער אַרבעטן. דערזעט זי ערגעץ אַ הינטן — נעמט זי און פּאַטשט. דערנאָך, אַז דעם געפּאַטשטן הינטנס אויבן צעכליפּעט זיך, בלייבט זי שטיין פאַרפרומט, צעגלאָצט, בלאָזט אַוועק די לאַנגע פּאה פון די ברעג ליפּן און זאָגט:

— קסילברימזשע — נו!..

(ס'איז נישט שלעכט געזאָגט, האַ?)

די קריטיק איז מאַכטיק. זי האָט גאָרנישט אין דער פּויסט — אַ חוץ מאַכט. איר הוילע האַנט איז, אַזוי צו זאָגן, אַן אייזערנע הענטשקע. אָבער אַז די גאַנצע האַנט איז אַ צוגעשרויפּטע, — אַ פּאַלשע, פּאַלט קיינעם נישט איין — גייט זי אַרום אין פרעמדע קיכן און באַליידיקט אַנשטענדיקע, ליטעראַרישע באַלעבאָסטעס, גיט אַ שמעק אַהער, אַ ניוך אַהין — דער צימעס טויג נישט, דער טשאָלנט איז איבערגעזאַלצן, און זי גיט אַ באַפעל: „גט זיך מיטן מאַן, און האָט מיר אַ גוטן שבת!"

דער פּראָזיסט, דער קריטיקער, איז גרינג אויף די פיס. טעמעס האָבן עלטערע יידן און יידענעס פאַר אים אויסגעטראַכט אין „ליידנשאַפטלעכע" נעכט. הייסט די טעמע: עלימיילעך אָדער שאַמשע אָדער פּראַדזשע, איז די אַרבעט אַ פּשוטע: שטופּ אַריין אַ פינגער אין אויג אַריין, וועט מען שרייען גוואַלד. וועסטו אַנטלויפן און צוריקשרייען: „גוואַלד, איך בין אַ דאָס-אָ, ווי הייסט עס... אַ מאַרטירער!"

איר ווייסט דאָך: פונוואַנען ווייסט דער קייזער, אַ שטייגער, אַז איר הייסט בעריש? איר שטעלט זיך אַוועק ביי דער קייזער-בריק און איר ווילט אַ כאַפּ טון עפּעס. קומט צולויפן דער ראש-הקהל און שרייט: „בעריש, ר' בעריש, וואָס טוט איר? דער קייזער פאָרט!" און אַז דער קייזער דערהערט דאָס, ווייסט ער, אַז איר הייסט בעריש.

דער קריטיקער איז אַ פאַרזוכער. ער שטעלט אַרויס די געבענטשטע צונג דורך אַ ווענטל, און איר טראָגט אים אונטער: „האָניק?" עפּעס יאָ, עפּעס נישט. שאַ, לאָמיר זען נאָכאַמאָל,

„האָניק?" דאַכט זיך, אַז ע — דאָס עמהע. קסילברימזשע — נו!

די טייטש פון דעם לעצטן וואָרט איז: וואָס קומט אַרויס פון האָניק, אַז ס'איז דיין האָניק?.. גיב־זשע אים ווידער עסיק, וועט ער זיך גלאַט אַ צאַפּל טון און אויסשפּייען:

— דיין עסיק, וואָס גיסטו עס מיר?

דער ריכטער איז אייביק גערעכטער — אַפילו פון דעם אָנקלאָגער.

און דער שוואַרצער ריכטער־מאַנטל שרעקט איבער.

שלעכטע אויגן צי שלעכטע ברילן? מ'ווייסט נאָר: דער זעער זעט בלויז די ברילן.

גייט און שמירט זיי אָן, וואָס פאַר אַ פאַרב איר ווילט! (כותל־מערבי־פאַרב קאָסט בלוי עטלעכע קופּער־שטיקלעך, גאָלד־קאָליר — אַ זילבער־פּרוטה).

דער קריטיקער איז קיין קינסטלער נישט, איז אים גוט ווי די וועלט. רעכנט אים דער קצב איבער אויפן פונטעלע פלייש, נעמט ער און בייזערט זיך אויס: ענטוועדער טאַקע אויפן קצב אַליין, אָדער אויף אייך, און דער כעס איז געשטילט.

ווייל אַ נישט־קינסטלער (טראַלאַ־לאַ!) שרייבט, וואָס ער וויל. אָבער אַ קינסטלער (וויי און טויזנט מאָל וויי!) שרייבט נישט דאָס, וואָס ער וויל, נאָר דאָס וואָס ער מוז, דאָס, וואָס ער קען.

וואָס־זשע קאָנט איר טון?

זינגען? קאָנט איר נישט, ווייל איר האָט נישט קיין גראַם צו „כמאנדזשע" (דעם קריטיקערס נאָמען). אַ חוץ דעם פעלט אייך דאָס נויטיקע צעבערל מיט פייער.

זינגען? ווי אַזוי? אין אַ נאָוועלע? וואָס פאַר אַ נאָוועלע וועט דאָס זיין?! אַ סקיצע? האָט עס נישט גענוג „מענטשלעכן מאַטעריאַל". אַ טעאַטער־שטיק? ווער וועט עס שפּילן? (אַ חוץ דעם, איז שוין סיי־ווי־סיי צו שפּעט פאַרן היינטיקן סעזאָן) קומט אויס סיידן פּובליציסטיק. אָבער ווער וועט זיך

גיין פאַטשקען מיט אַזוינע זאַכן, וואָס אין 36 מיליאָן יאָר אַרום וועלן זיי נישט האָבן קיין שום „אייביקן ווערט״?

הכלל: סאַמעטענער אומעט אַהער, סאַמעטענער אומעט אַהין, עס איז ביטער. און דאָ איז שוין קיין וויין אויך נישטאָ. ליכטיקער געוואָרן אין פלעשל, ווי ביי מיר אין קאָפּ. דאַרף מען שוין אויפהערן. נאָר איידער מ'הערט אויף, דאַרף מען אַריינשפּאַרן דאָס לעצטע געזאָג, וואָס מיר וועלן זאָגן: קינדער, קינדער. די וועלט איז גרויס און מחיהדיק. ימים אַרבעטן, ווי זיי וואָלטן געהאַט בויכווייטיק פון איינשלינגען אַלע פאַרנאַכט אַזוינע גרויסע, הייסע זונען. שפּינען באַפּעסטיקן זיך צווישן די פינגער פון כהנים, וואָס דוכענען. טכוירן — טכוירייזירן די מענטשלעכע ראַסע, טאָטערס — טאָטערן, און איר, מיינע ברידער און שוואָגערס פון קונסט-פּראָפעסיע, גייט אַרום מיט געשליפענע פאַרפום-פלעשעלעך און איר ווייקט אַהינצוואַריין אַ ביסל טרויער איבער דעם, וואָס אַ קריטיקער מיט אַ נירנקרענק, ביי וועמען די לאַנגווײַלע גייט אַרום אין שטוב מיט מעדאַלן, האָט זיך אויסגעדריקט, אַז מער ווי אַ האַלבע אייביקייט, וועט אייער קונסטוואַרג נישט געדויערן.

(אויף דעם זאָגט ר' יוחינטשע בן איקרא: מ'דאַרף איינמאָל פאַר אַלעמאָל באַווייזן דער וועלט, אַז גרויסע מענטשן זענען אויך מענטשן, און צינדט אָן, מאַכט ער, די ליכט, ווייל די זון, מאַכט ער, שטעקט שוין קוים אַרויס די נאָז. און אַ חוץ דעם, מאַכט ר' יוחינטשע, דאַרף מען נישט פאַרגעסן, אַז מענטשן זענען געוויינטלעך נאַכטאַרבעט. דערפאַר, מאַכט ער, זענען זיי נישט אַזוי געראָטן).

# די געשיכטע פון וויליאַם גראָפּער

אין בוזימקעשענע ביי מיר ליגן נאָטיצן מיט מיינע איינדרוקן פון מיין ערשטן שפּאַציר איבער די טענעמענט הייזער. איך ווייס? אפשר האָב איך מיט זיך פאָרט מיטגענומען מיין אייגן פענסטער און געזען בלויז דאָס, וואָס מען קאָן מאַכן דאַפון ליטעראַטור. (ביטער איז דעם, וואָס קלויבט די שפּייז מיט אַן אויסקוק אויף דעם, וואָס עס וועט שפּעטער ווערן דאַפון!)

אָבער איידער איך באַפריי מיך פון מיין רעכט אויף אַ דעליקאַטן אופן צו פאַרגעסן אַלצדינג, וואָס עס רינט פאַרביי פאַר מיין אויג און וואָס עס קאַרוסעלעט זיך פאַרביי פאַר מיין פּיצל לעבן, מוז איך אייך דערציילן בסוד סודות אַזוי, אַז מיין מיטשפּאַצירער ווילי גראָפּער זאָל נישט הערן און נישט וויסן דאַפון, די ג ע ש י כ ט ע פ ו ן... ו ו י ל י אַ ם ג ר אָ פּ ע ר.

שוין לאַנג, אַז מיין נייגיר האָט זיך געפלאָנטערט אַרום די צערטלעך-ליבע אויגן פון אָט-דעם יונג, וואָס האָבן די ווייכע פאַרב פון זילבערנעם לעש-פּאַפּיר, אָדער זענען צויבערדיק, ווי דאָס מויל פון אַ מעשענעם טרומייט, וואָס גלאַנצט אונטער דער בלויער ליכט פון אַ בינע...

*

— גראָפּער, וועסט גיין מיט מיר איבער די טענעמענטן?

— איך וועל גיין מיט דיר. געוויס!

און ער האָט נישט געפרעגט וואָס און ווען.

און די גוטע ציין שמייכלען. איין פוס זיינער שטייט אויף אַ בענקל. דער אַנדערער איז אויפן דיל, און די הענט זיינע טראַכט דערווייל אויס אָט־יענע מחיהדיק־זיכערע, פון ערד־אויסגעשניטענע ליניעס, וואָס ווערן פאַר אייערע אויגן — מענטשלעכע פיגורן, ריר־צייכנס, טענץ.

אַז איך קוק אויף גראָפּערס אַרבעטן, דאַכט זיך מיר, אַז אים (מער ווי אַלע אַנדערע גראַפּיקער, וואָס איך קען), געלינגט שטענדיק אָפּצורייסן אַ טאַנצנדיקן נערוו פון אַ לעבעדיקער זאַך, און אים לאָזן ציטערן אויף אייביק, און אַלע אייביקייטן, ביז דאָס ערד־רעדל אַליין וועט נאָכטון זיין מוסטער און אַ טאַנץ טון איר געזעגנטאַנץ.

*

אָבער פאַרגעסן. איך שרייב נישט קיין קריטיק איבער גראָפּערן, נאָך אַ בלעטל „פון זיין גראָבן לעבנסרייסטער", וואָס איז ווי אַ מאַלערס פּאַליטרע, פול מיט אויסטערלישע פאַרבפלעקן.

*

איך האָב — מן הצד — געטשאַטעוועט אויף דעם מיטל־היכן, זיס־פאַרשלאָפענעם יונג, אויף אונזערע שפּאַצירגענג. ער שווייגט אַזוי גרינג! איבער גאָרנישט! אַנדערע מענטשן שווייגן אַזוי שווער, אַזוי טומלדיק, אַז איר ווילט אָפּט אַ געשריי טון „געוואַלד! הערט אויף!" אָבער גראָפּערס שווייגן איז פון יענער קליינער גרינקייט, פון וואָס זיין לעבן איז געמאַכט. זיין שמייכל איז ווי די האָפענונג אויף אַ פרילינגבאַרג, ווי פּסחדיקע ווייןבעכערלעך אויף אַן אַלטן בוידעם, ווי אַ שטויב אויף אַ האַרף, וואָס שפּילט נישט...

היט זיך, דו, מיין פאַרגויעשטער מיטשפּאַצירער! איך ביי דיך באַשרייבן:

*

באַשרײבן גראָפערן וואָלט מען באַדאַרפט מיט אַ פידל־בויגן איבער אַ מיסט־פעסל. עס איז — ווי זאָל איך אייך זאָגן?

זיין לעבן איז ווי אַ ביכל, וואָס די ווערטער דאָרט באַדייטן גאָרנישט, נאָר די אותיות זענען פון פערל.

איך האָב גראָפערן דערטאַפט אין אַן אויפגעלייזטער מינוט אינם פאָרהויז פון מיין קאַפע, הינטער די רויט פאַרוויינטע פאַלמעס אויף מיין פענסטער, וואָס טראַכטן „קאָטלער".

באַגלייט פונם געצימבל פון אונזער צימבלער, און פון אַ טיי־טומאַן, וואָס האָט אונז געזאָגט „נודנע לעבן, אָ, נודנע לעבן!" הינטער דעם ווײנטרויב־געלן ליכט פון אַ פלאַכן יאַרמולקע־לאָמפ, וואָס ברענט, ווי אַ נר־תמיד איבער די קליינע לוסטיקייטן, וואָס געדויערן, ביז מ'ציילט איבער די קופער־און־זילבער־שטיקלעך אין דעם עלעקטרישן געלט־אָפקלינגער, וואָס זינגט אינאיינעם מיט פיאַנאָ און צימבל, זענען געשטאַנען מיר צוויי אַליין, מיט אַ צוגווינטל איבער אונזערע צעשויבערטע קעפ און געשמועסט, דאָס וואָס עס ווערט איצט פאַרשריבן.

*

אַז איר וועט זען גראָפערן אין גאַס, וועט איר מיינען דאָס גייט איינער פון יענע, וואָס זייער לעבן האָט קיין ווידערקול נישט, אַ פאַרשלאָפענער, ווייך־מידער איז ער שטענדיק, ווי אַ פלייט מיט פאַרזיגלטע לעכלעך. זיין אויס־שטראַלונג? ער שטראַלט אין זיך אַריין, ווי אַ ליכט, וואָס איז אויסגעבויגן אויף זיך זעלבסט, שמעלצט ער זיך פון אייגענער ווייכקייט און נישט־נוציקער העלקייט.

איז גראָפער אַ ייד? אַ גוי? האָבן זיינע חלומות אויף זיך עפעס אַ געבויר־צייכן? זענען זיינע זעענישן געמלט? געצלמט?

גראָפערס טאַטע (ער לעבט שוין היינט נישט!) איז געווען

אַ גוי, זיין זיידע (דעם פּאָטערס פּאָטער) איז געווען אַ גע־שמדטער ייד, וואָס האָט חתונה געהאַט מיט אַ רומעניִשער שיקסע, און האָט אַלע יאָרן חרטה געהאַט — סיי אויף זיין יידישקייט, סיי אויף זיין גויעשקייט. און כּדי איינמאָל פאַר אַלעמאָל צו ראַטעווען זיך פון (צום ווינציקסטן) צוויי גהינומס, פלעגט ער געבן אַ סך ליכט אין שול אַריין יעדן יום־כּפּור און — — בויען קלויסטערס...

גראָפּער, נעם, לייג אַוועק דיין טינט־געצייג און קום אַהער און דערצייל אַליין!

*

— מיין טאַטע איז געווען אַן אַריסטאָקראַט. ער האָט פיינט געהאַט אַרבעט, די מאַמען, — אַלצדינג, וואָס ס'איז געקומען אונטער דער האַנט, האָט ער פיינט געהאַט.

גראָפּער האָט דאָס געזאָגט אַזוי פּראָסט, ווי מען ווייזט אַ כירורג אַ וווּנד.

— און דיין מאַמע? לעבט זי נאָך?

גראָפּער האָט אַוועקגעשמייכלט אַ זיפץ און געזאָגט האַלב־ווערטערדיק:

— יאָ, זי לעבט. פאַרוואָס זאָל זי נישט לעבן? זי טרינקט ווייניק וואַסער. זי איז אַ נידריקע און ברייט־היפּטיקע. זייער אַ שטאַרקע פרוי. אַ פּויערטע. זי האָט שוין אַ צווייטן מאַן... און לעבט, ווי עס לאָזט זיך, אַמאָל ערגער — אַמאָל נאָך ערגער.

איך בין נישט זיכער, צי די לעצטע דריי ווערטער האָט טאַקע גראָפּער געזאָגט. עס קלינגט, ווי עפּעס מיין אייגענער אַ וואָלוועלער שפּראַכשפּיל...

— האָסטו שוועסטער? ברידער?

— שוועסטער? האָהאָ! איך האָב דריי שוועסטער. איינע האָט חתונה געהאַט מיט אַ קוקלוקסניק. איינע מיט אַן אָרי־מאַן. איינע האָט געזאָלט ווערן אַ טענצערין, האָט זי געטאַנצט

און געטאַנצט, אַזוי לאַנג ביז וואַנעט זי האָט חתונה געהאַט מיט אַ פלאָמבער.

— דער טאַטע דיינער — בּאַ וואָס האָט ער געאַרבּעט?

— געאַרבּעט? אַריסטאָקראַטן אַרבּעטן נישט. אַנשטאָט דעם, זעצן זיי זיך אַוועק און האַסן. אַז ער איז געקומען קיין אַמעריקע פון רומעניע, האָט ער פאַרקויפט (דערהויפּט צו זיך אַליין) ווייַן און בּראָנפן אין קליינע אויסלענדישע פלעשלעך, וואָס זענען געוויקלט אין שטרוי, כּדי זיי זאָלן זיך נישט פאַר־קילן. דערנאָך האָט ער זיך דערפלאָנטערט עפּעס צו עדעלשטיינס טעאַטער און געוואָרן „אַן אָשער"... אָבער ער האָט ווייטער געהאַסט און געטרונקען און ווי־עס־איז געלעבּט, און זיך זייער אָפּט געקעמט די האָר און געשאָלטן די מאַמען און געשלאָגן די קינדער און איז איידל גרוי געוואָרן — אַריסטאָקראַטיש־גרוי...

— דיין בּרודער?

— ער איז נאָך יונג. ער גייט אין סקול, אַמאָל שוין גע־ווען שיר אַרעסטירט פאַר גנבענען אַ קלאַרנעט. קאָן נישט פאַרשטיין, וואָס איז דער חילוק, איך בּעט אייך, ווו די קלאַר־נעטן געפינען זיך, אַבּי מ'קאָן אויף זיי שפּילן... פון אים וועט שוין נישט זיין קיין לייט. ער איז געראָטן אין מיר. איך האָבּ אים ליבּ! אַרבּעטן? „אָטיטער כאַפּן אַרבּעטן!"

גראָפּער האָט אָנגעצונדן אַ נייעם פּאַפּיראָס אָן יענעם, וואָס ער האָט געהאַלטן בּיים אַוועקוואַרפן און אַריינגעזאָגט אין אַ ניי צוגווינטל, וואָס איז אַריין דורך דער פלוצים־צעעפנטער טיר:

— איך האָבּ אַ בּאָבּן און אַ ויידן אויף עסעקס סטריט. איך האָבּ זיי שוין נישט געזען אַ טוץ מיט יאָרן. מיין מוטערס עלטערן. דער זיידע פּעדלט מיט לימענעס און האָט אַ טבע אַריינצולייגן זיין אָפּגעשפּאָרט געלט בּלויז אין אַזוינע בּענק, וואָס „קראַכן"... איך בּין זיכער, אַז ווען מיין זיידע זאָל היינט אַריינ־לייגן אַ קוואָדער אין דער „יונייטעד סטייטס טרעזשורי", וואָלט זי איבּערמאָרגן געקראַכט.

— און ווי פלעגט זיך דער מאַמעס משפּחה פאַרהאַלטן צו דער מאַמען ?

— די מאַמע איז געווען „אויסגעמעקט"... קיינער האָט מיט איר נישט געוואָלט האָבן צו טון. קיין מאָראַל האָבן זיי נישט, די פֿויערן פון מיין מאַמעס צד. אָבער פיינט האָבן קאָנען זיי, ווי אַריסטאָקראַטן...

— דער זיידע ? — כע, ער האָט אפשר דרייסיק יאָר געפּעדלט מיט לימענעס אין ניו-יאָרק. דערנאָך האָט ער זיך מיישב געווען. ער וועט איינמאָל פאַר אַלע מאָל פּרוּוון זיך אַריבערכאַפּן די ברוקלינער בריק. איז ער אָפּגעגאַנגען עטלעכע טריט און איז צוריקגעקומען. ער האָט מורא געהאַט, אַז די בריק וועט זיך נישט האַלטן. אַ גרויסער פּעסימיסט מיין זיידע.

— ווען האָסטו אָנגעהויבן מאָלן ?

— דער רוח ווייסט ? איך האָב שטענדיק געמאָלן. געלערנט אין סקול האָב איך זיך שלעכט, נאָר מאָלן פלעג איך אומעטום. אַפילו אויף די באַקעטע קניעס, וואָס האָבן אַרויסגעקוקט פון די צעריסענע קינדערשע זאָקן... דער טאַטע פלעגט שלאָגן, די מאַמע פלעגט שרייען, די שוועסטער פלעגן לאַכן, און איך פלעג מאָלן. ס'רוב האָב איך געמאָלן אויף „אשר-יצר-פּאַפּיר" — ס'איז דין, קאָסט קיין געלט נישט (מ'קאָן עס ערגעץ צוגנבענען !) און אויב אַ מענטש האָט טאַלאַנט, קאָן ער דערויף אויך באַווייזן, וואָס ער קאָן !

*

גראָפּער האָט שוין געהאַט אויסגערויכערט דעם צווייטן פּאַפּיראָס, און איך בין שוין געווען מיד פון אויפעפענען אַ פרעמד סידורל און לייענען שילט-ווערטער און בענטש-ווערטער, וואָס איך וועל זיי קיינמאָל נישט נוצן אין מיין דאַווענען. איך — מיט אַזאַ לבנהדיקער ליבשאַפט צו מיינע יונגע יאָרן, צו מיינע טאַטע-מאַמע, צו מיין שטעטל. איך — אַן אָפּגעהיטע פלאַנץ אין אַן אָפּגעהיטן גאָרטן, ער — אַ קאַקטוס-פלאַנץ, וואָס שיצט זיך מיט

די אייגענע הויט-נאָדלען און וואַקסט פאַר זיך אַליין און וואַקסט אַזוי הויך — ביז צום הימל אַרויף?

ווער קאָן באַשיידן דאָס רעטעניש פון אַ מענטשנס וועג?

*

איך האָב גראַפּערן פאַמעלעך אַרויפגעפירט אויף דעם צנויפלעבן פון די געשלעכטער אויף דעם באַאיכן-זיך מיט דעם כנגד. גראַפּער האָט גערעדט אַזוינע גלאַנצ־דיקע גראָבע רייד, ווי אַטלעס; דערציילט פון זיין דערוואַכונג, וואָס איז געקומען פון דעם, וואָס אַלע קליינע יינגלעך אין זיין חברס אַ שטוב (פוילישע גוימלעך ערגעץ אויף האַוסטאָן סטריט) האָבן זיך געשפּילט מיט די אייגענע קנופּן, ווי מיידלעך שפּילן אין „צייכנס", און אַלע פלעגן עס באַטראַכטן פאַר אַ קינדערשן שפּילן. אַפילו די מאַמעס פון די קינדער, פון יענעם אָרימען הויז, פלעגן שטיין אין שמייכלען און הנאה האָבן, וואָס די קינדערלעך פאַרברענגען זיך אַזוי שיין, און לויפן נישט אַרום איבער די גאַסן מיט „אָופּערס" און ווערן נישט פאַרדאָרבן...

— און וואָס האָסטו צום בעסטן ליב?

— איך האָב ליב דאָס טעלערל פון הימל און שנאַפּס און דיקלעכע פרויען. דינע זענען אויך גוט. מיין גרעסטע אמביציע איז, אַז פרויען זאָלן מיך „וואַמפּירעווען", זאָלן מיר נאָכלויפן, אָנשטאָט איך זיי. איך פויל מיך צו אַרבעטן.

— און ווי איז מיט דיינע ערפאַרונגען?

— אָ, איך האָב אַ פאַרגאַנגענהייט — נאָר נישט גענוג. איך האָב מיך אויף די קורסן אין די קונסט-אַקאַדעמיעס אָנגעזען מיט אַזויפיל נאַקעטקייט, אַז ביי מיר איז נישט קיין חילוק: צי אונטערקליידלעך, צי פיס. ס'איז אַלץ איינס. ס'איז קונסט-מאַטעריאַל, אָדער טינופת, אָדער ליריק — פאַרשרייב, נאַדיר, ס'איז איינס פון די דריי זאַכן.

און דיין ערשטע ליבע, חבר גראַפּער?

— מיין ערשטע ליבע איז געווען ערשט די פערטע אָדער

די פינפטע. אָן די ערשטע עטלעכע ליבעס האָב איך מיר בלויז אָנגעשאַרפט דעם אַפּעטיט. דאָס עסן איז געקומען אַ סך שפּעטער. מיין טאַטע פלעגט מיך מיטנעמען און ווייזן, ווי אַזוי מ׳קריגט פרויען. פאַרפירן? פאַרפר ר נישט, מאַך זיך געפּגרט! לאָזן זיי דיך פאַרפירן. זיי האָבן דאָס ליב. אַזוי פלעגט דער טאַטע לערנען. אָבער איך בין שטענדיק געווען אַ שלעכטער תּלמיד.

— וואָס האלטסטו פון ליבע?

— פע, צופיל פּערווערזע זאַכן. און אַז אַ בעטלער בעט אַ נדבה — שפּייט מען אים אָן אין האַנט אַריין. איך האָב פיינט אָרימקייט, ס׳איז נישט נאָר אַן אומבאַקוועמלעכקייט, נאָר אַ באַליידיקונג! „פּוידעמיט!“ דערפאַר האָב איך אַ פייף געטון אויף מיין גוט-באַצאָלטער שטעלע אין דער „טריביון“ און בין אַוועקגעקראָכן צו די „מאַסעס“ און צום „ליבערייטאָר“ און איצט צו אונזער קאַבצאָנישער „פרייהייט“. יאָ, מיט איין מיידל האָב איך געהאַט אָט אַזאַ דערפאַרונג: זי איז געווען דעגענערירט. פלעגט טון, וואָס מען דאַרף נישט. איך האָב זי צעביסלעך ליב געהאַט. פלעג איך זי בעטן: טו עס נישט, טייערע, טו עס נישט, — האָט אָבער נישט געהאָלפן. האָב איך איר אויפגעמאָלן אַ שוואַרצע מאַסקע מיט דערשרעקנדיקע אויגן, און געהייסן איר אויפהענגען די מאַסקע איבער איר בעט, פלעגט זי קוקן און וויינען און נישט טון. ווי באָדלער זאָגט:

„אויף גרינע קאַצישע וואלד-ווערבעס געזעגנט זיך דאָס לעבן, און ווער סע רינט אַוועק אינאיינעם מיט זיך, דעם איז גוט“.

גראָפּער האָט געשמייכלט מיט זיין קוים-קוימיקן שמייכעלע, דער יונג האָט מיך אַוודאי אָפּגענאַרט. באָדלער האָט אפשר קיינמאָל אַזוינע פערזן נישט געשריבן (צי יאָ?). אָבער איך האָב פאַר אים דערטאַפּט ערגעץ אַ קליין אויסלענדיש פלעשל, אַרומגעוויקלט מיט שטרוי, און צום אָנדענקען פון זיין האַסטיקן געבוירן-ווערן און צו זיין גלייך-לייַנידיקן, אָפּגעדעקטן לעבן און

צו זיין גראָבער, געזונטער מייסטערשאַפט, האָב איך מיטגעטרונ־
קען און געזאָגט:

— פאַר אונז ביידן, גראָפער! פאַר די „לעצטע צוויי־
גראנאדירן", וואָס פאַרגעסן נישט צו באַשפריצן זייערע פראַק־
לאַצן מיט פאַרפום, בעת זיי גייען צו די באַריקאַדן!

# אין צוויי טענעמענט הייזער

אינדרויסן (וואָדען, אין שטוב?) איז געגאַנגען אַ פּליוכע, גרויסשטאָטיש רעגנדל, וואָס באַנעצט אַן ערד, וואָס איז צוגעדעקט מיט אַ רעגנמאַנטל פון אַספאַלט. פּעסימיסטן האָבן זיך באַוואָפנט מיט קאַלאָשן, רעגנשירמס און קאַנדלצוקער.

פאַרוואָרלאָזטע האָלעדריגעס אויף דער בויערי האָבן אַריינגעגענעצט אין אַ נאַסן טומאַן אַריין און געטראַכט: „אַ שטוב, אַ שטוב. אַ בעט, אַ בעט. אַ ווייב, אַ ווייב". אויף די יידישע גאַסן האָבן — איבער אַלע פאַרווישטע פאַרבן — געגלאַנצט די נייע, רויטע, רויע פייגן, און די אַפּטייקערס האָבן אַרויסגעשטעלט אין די וויטרינעס פיש-אויל און גומי-בייטלען און גאָרטשיצע-פּלאַסטערס. דער עלעקטרישער צאָן ביים דענטיסט אויף אונזער גאַס האָט געבּרענט אונטערן טומאַן און אַראָפּגעסלינעט מיט טראָפּנס רעגן, און געקרעכצט אויף זיין קייטן־יאַסלע, געקרעכצט, ווי דאָס גאַנצע לעבן וואָלט געווען אַ באַלויכטענער צאָנווייטיק עפּעס אין אַ פרעמדער מיטנדרינענדיקער וועלט.

איך האָב געוואַרט אויף גראָפּערן מיט אַ שעה שפּעטער, ווי איך האָב ערוואַרט אים צו טרעפן. איך האָב גערעכנט, אַז עס איז אַוודאי נישט זיין טבע צו האַלטן וואָרט, אָבער דאָסמאָל האָט ער מיר אָפּגעטון אַ שפּיצל און איז געקומען מיט אַ שעה שפּעטער, ווי מיט דער שעה שפּעטער, וואָס איך

האָב ערוואַרט, ער זאָל קומען. איך בין, פאַרשטייט זיך, נישט געווען איבערראַשט דערפון. איך האָב אים נאָר געזאָגט גוט שבת (ס'איז געווען פרייטיק), און ער האָט מיר צוריקגעענטפערט גוט שבת, און מיר האָבן ביידע אויפגעשטעלט די קאָלנערס פון אונזערע חשובע לעטניקעס, און זיך אַ לאָז געטון — אין דער וועלט אַריין.

אַזוי גיך, ווי מיר זענען געווען אין דעם הינטישן דרויסן, אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן מיט וועטער און מיט פּנעוומאָניאַ (זייער אַ פיין וואָרט פּנעוומאָניאַ), האָבן מיר זיך געקויפט צו שטיקלעך כאַלוואַ ביי אַ פייגן-כאַרביקן ייד אויף עלען-סטריט, און מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט בײַ אַ פענסטער פון אַ קאָלדרע-געשעפט און אַריינגעקוקט, ווי מען שלעפט אַן אַטלאַסענע קאָלדרע הינטערן „פיכל'' פון אַ ניי מאַשין. די קאָלדרעס זענען ווי אַטלאַסענע, צעפלאַכטע קעלבלעך — זיי לאָזן זיך נישט דערלאַנגען אינדערזייט מיט אַ נאָדל. אָבער דער שטעפּער שלעפט זיי מיט גוואַלט אַהינצעצו, באָכעט זיי איבער דער פּלייצע. שטופּט זיי אונטער מיט גוטן און מיט בייזן — זיי מוזן לויפן אַהינצעצו, צריינצעצו, געשטאָכן פון אַ הייסער נאָדל.

אַז די קאָלדרע איז געווען פאַרטיק, איז אונז אַראָפּ אַ שטיין פון האַרץ. מיר האָבן אָ'געקלאַפּט דעם שטעפּער אין פענסטער און אַריינגעשריגן אין דויט: „מ'רן קומען שפּעטער", און אים געוויזן אויף שטום-לשון אַ צירקל אַרום דעם רעכטן אויער און אַוועקגעגאַנגען.

אין אַן אַנדער קאָלדרע-געשעפט איז געזעסן אַ ייד און געניייט מיט דער האַנט און עפּעס געגעסן און געלייענט אַ בלאַט-צייטונג און געהאַלטן זיין באַק לעבן אַ ווייבלס. ער האָט מיך דערמאָנט אָן אַ יידישן בחור, וואָס כ'האָב אַמאָל געזען אין קוני-איילאַנד. ער איז געשטאַנען ביז צום האַלז אין צאָרנדיקן ים און געקייט אַ באַנאַנאַ און געלייענט אַ ביכעלע און זיך געפאָכעט מיט אַ פעכער און זיך געלאָזט מאַסירן דעם קאָפּ פון זיין מיידל —

אַלץ פאַר אַמאָל! ווייל די צייט שטייט נישט און מען מוז אַריינכאַפּן וואָס מער.

— נו, וואָס וועט זיין? — האָט געפרעגט גראָפּער. — וווהין וועלן מיר גיין?

— דו מיינסט, וווהין וועלן מיר זיך טון קערן און ווענדן? — האָב איך פאַרלייטישט זיין יידיש. — מיר'ן גיין, — האָב איך געזאָגט, ווי דער ביבלס אַן אייניקל — מיר'ן גיין, וווהין די אויגן וועלן טראָגן.

— גלאַט אַזוי?

— גלאַט אַזוי!

— און אַז מען וועט אונז פרעגן, ווער מיר זענען און וואָס מיר ווילן, וואָס זאָלן מיר זאָגן?

— מיר וועלן זאָגן, וואָס עס וועט קומען אין מויל אַריין! — האָב איך געזאָגט. — און שטאַרק זיך ברודער גראָפּער, האָב איך אים אַרומגעטרייסט, ביים סאַמע סוף פון זיין שטיקל כאַלוואַ — מיר דאַרפן זיין גרייט אויף פעטש, ניטלעך און בלומענבעזימס. קום!

*

מיר זענען אַרויף אין אַ היז אויף עלעען סטריט, וואָס האָט געהאַט אין זיך אַלע גערוכן אינדערוועלט. — „דער אָריענט!" — האָט דעקלאַמירט גראָפּער, ווען ער האָט דערזען אַרויסקומען אַ ווייבספּאַרשוין מיט צוויי הויכע קיילעכדיקע תּליות הינטערן שפּענצערל, און מיט אַ באַגדאַד־געלעכטערל אויף צוגעשמירטע ליפּן.

— די אָריענטע! — האָב איך אים פאַרבעסערט.

— וווינען דאָ יידן? — האָב איך געפרעגט?

— כּן! — האָט זי געענטפערט. — יהודים!

— גם אתּם יהודים? — האָט זי זיך געווענדט צו גראָפּערן.

— לייק העל! — האָט גראָפּער געענטפערט. גלאַט אַזוי, פון פיינקייט וועגן...

— יו וואָנט סי באָס?

— יעסס! — האָט געזאָגט גראָפּער. — הו איז די באָס אָוו יורסעלף?

— מייסעלף!

— גוד פאָר יו! — האָט געזאָגט גראָפּער — און איר שיר געגעבן אַ קלאַפּ אין דער פעטער פּלייצע.

— ליסן! — האָט זי זיך אַוועקגעשטעלט רייטנדיק מיט צעווערטלטע פּיס, אינם קוים-ליכטיקן קאָרידאָר — וואַדאַוואָניר?

איך האָב איר דערקלערט, אַז מיר זענען גאַז-אינספּעקטאָרן און מיר זענען געקומען „אינספּעקטן" די גאַז-מעטערס.

— ווי נאָ געז, ווי קעראָסין! — האָט די פרוי נישט גע-לאָזט גיין ווייטער.

— אָלרייט, — האָב איך געזאָגט — וועלן מיר „אינספּעקטן" דעם קעראָסין...

בעניבוי זענען אָנגעקומען נאָך עטלעכע טומלדיקע-טונקעלע מעשן, און מיר זענען שוין געשטאַנען זאַלבע-זיבן, לעבן אַ וואַסער-קראַן אין קאָרידאָר, און דער ריח פון אַ נאָענטן בית-הכסא האָט באַגלייט אונזער שמועס-סימפאָניע.

— ווער איז אינספּעקטאָר? — האָט איינער פון די שפּאַ-ניאָלן גערעדט אויף יידיש.

— איך! — האָב איך געזאָגט בראַווגע, און זיך אַ רוק געטון נענטער צום אָראָפּגאַנג.

— ווייזט אייער בעדזש?

— די בעדזש?! — האָב איך געזאָגט און געשטופּט גראָפּערן צו די טרעפּ. — וואָס פאַר אַ בעדזש? — אָ, יעס! — האָב איך מיך דערמאָנט — די בעדזש מיינט איר! סעי, האָב איך כלומרשט אַרונטערגעשריגן אונטן אַראָפּ — בעני, קום ווייז זיי די בעדזש... די לייטע ווילן זען דיין בעדזש... העי, בעני, ווו ביסטו?

און שוין לאַנג, אַז צוויי שלעפעריקע טאַלאַנטן זענען אַזוי געשמאַק נישט געלאָפן — ווי מיר צוויי אויף אונזער ערשטן באַזוך ביי די ספרדים אָדער שפּאַניאָלישע יידן.

*

גראָפּער האָט אויף גיך צעקייט אַ ביסל גאַסנלופּס, געקוקט אויף מיר מיט צעשויבערטע, אַלומינום-אויגן און זיך צעזונגען אויף ענגליקאַניש די סוף שורות פון „סעמיועל האָל", — וואָס דערציילן, ווי אַזוי דער מערדער סעמיועל האָל זינגט, ווען ער גייט צו דער תליה:

„Let this be my parting Knell.
Parting Knell.
Hope to see you all in Hell.
Hope to Hell you sizzle well,
Damn your hibes !"

דערנאָך האָט ער אַריינגעוואָרפן אין מויל אַריין אַ פּאַפּי-ראָס און געזאָגט:

— מער גיי איך נישט!

איך האָב גענומען איינטענהן מיט אים, אַז ס'איז נישט העלדיש פון זיין זייט און, אַז אַ רעוואָלוציאָנער מוז זיין גרייט — ס'מינדעסטע — צו כאַפּן פּעטש, און הלוואי, זאָג איך, וואָלטן אַלע וועלט-מלחמות אויסגעגאַנגען צו פּעטש — וואָלט נאָך כ'לעבן געווען צום דערליידן. אומגעפער אַזוי-אָ, מיט אַ ציטאַט פון דעם פילאָזאָף אַרגוס רענדרער, אַז ווער ס'ע שטעלט נישט איין, דער געווינט נישט.

גראָפּער האָט זיך געלאָזט איינרעדן. מיר זענען אַוועק צוריק אויף דרעווניע (סעקאָנד), געבליבן שטיין פאַר אַ פענסטער פון אַ שטעקן-געשעפט, און געקוקט אויף בוימלעך, וואָס זענען צוועקגעפאָרן פון דאָרף אין שטאָט אַריין און געוואָרן אויסגע-פּוצטע, נישט-נוציקע פלעקער, מיט איידעלע הענטלעך, אָנשטאָט

ברענהאָלץ פאַר אָרימע מענטשן אָדער פּרוכטגעבער פאַר הונגעריקע אָדער כאָטש קוליעס פאַר קראַנקע.

לעבן אונז זענען געשטאַנען דריי בחורים און גערעדט אויף אַ געליטעראַרישטן יידיש. איך האָב געכאַפּט די ווערטער: „קולטור", „עלעמענט", „עמפּינדונג", „דערהויבונג", און פינף־זעקס זשיטלאָווסקישע הגמס און אַ פּערטל טוץ „בשעתעס"...

כ'האָב מיך אַ ווענדט געטון צו איינעם פון די בחורים, מיט די געקרייזלטסטע האָר און דעם יידישסטן פּנים, (זיין נאָז איז געווען ווי אַ לעבעדיקער פייל, וואָס ווייזט צום מזרח) און געפרעגט:

— קאָנט איר אונז אפשר אַריינפירן אין אַ יידישער שטוב אַריין, ערגעץ אין דעם געגנט?

צווישן די דריי איז געוואָרן אַן אויפרור: ווער זענען מיר? וואָס ווילן מיר? וואָס זענען מיר אויסן?

איך האָב זיי געזאָגט, אויף גויאיש, אַז מיר זענען אַ קאָמיסיע פון וואַשינגטאָן, אויסצופאָרשן די לאַגע פון די יידן אויף דער איסט־סייד.

דער אָנגעקרייזלטער בח״ר האָט זיך באַראַטן מיט די אַנדערע צוויי. זיי האָבן אַ ווײַלע זיך געצאַמפּערט צווישן זיך, און סוף כל סוף האָב איך געהערט, ווי ער זאָגט:

— מ'דאַרף נישט קיין מורא האָבן... זיי ווייזן אויס צו זיין גוטע ערלים... הגם... (ער האָט געהאַט אַ שוואַכקייט צו „הגאַמס").

אַז מיר זענען אָפּגעגאַנגען אַ שנייל וועג, האָב איך זיך מודה געווען, אַז גראָפּער איז אַ ייד, און אַז איך אַליין בין אויך אין סימפּאַטי מיטן יידישן פאָלק.

— גוט! — האָט געזאָגט דער געקרייזלטער. — וואָס פאַר אַ טיפּ יידן ווילט איר זען?

— וואָס פאַר אַ טיפּ יידן — האָב איך געזאָגט — האָט איר?

ער האָט זיך באַראַטן מיט די אַנדערע צוויי און געזאָגט:

— איך האָב צווייערליי: אַן עכט אָרטאָדאָקסישן, אַ...

עסעקס סטריט, און אַ נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלן אויף דזשעפערסן סטריט. „הגם" — (ווידער הגם!) האָט ער זיך געווענדט צו די אַנדערע, איך מיין, אז די נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלע וועלן מאַכן אַ בעסערן איינדרוק.

גראָפּערס פוילקייט האָט גענומען דעם צעפּטר אין האַנט אַריין. ער האָט געזאָגט:

— פירט אונז, וווּ ס'איז נ ע נ ט ע ר.

דער געקרייזלטער יונגערמאַן האָט אונז געפירט. די צוויי אַנדערע זענען געגאַנגען פון הינטן. ער האָט אונז אַריינגעשלעפּט אין אַ טיפער הקדמה איבער דער לאַגע פון די יידן אויף דער איסט־סייד, און אַז סע וואָלט שוין געווען צייט, מאַכט ער, אַז די קריסטלעכע וועלט זאָל פאַרשטיין, אַז די יידן האָבן אַן אייגענע קולטור. אפשר וויל איך, וועט ער מיך צופירן צו זיין סאָשעל־קלוב אויף העגרי סטריט, וועל איך הערן אַ לעקציע איבער משה העס. „הגם", האָט ער זיך ווידער געווענדט אויף יידיש צו די הינטערשטעליקע צוויי מיטגייער — אפשר וועט דאָס נישט מאַכן דעם געווינטשטן איינדרוק, מחמת דער לעקטשורער טראָגט אַ יאַרמולקע...

אַז מיר זענען אַרויס אויף דער אַנדערער זייט פון זיין הקדמה, זענען מיר געשטאַנען אויף עסעקס סקריט, ביי נומער 147.

— אָדאָ איזעס! — קומט אַרויף זשענטללייט!

— דו וועסט רעדן יידיש! — האָב איך איינגעראַמט גראָבערן, אַז נישט וועטן זיך נישט קאָנען צונויפרעדן... ווייל איך בין אַ קריסט... שש... גיי דו פאָרויס.

*

דער געקרייזלטער האָט אונז געראַטן אַוועקוואַרפן די פּאַפּיראָסן... ווייל ס'איז אַן אָרטאָדאָקסישע שוּב. און ער האָט מיר גענומען דערקלערן, אַז בײַ פרומע יידן ווערט רויכערן אום שבת באַטראַכט פאַר אַן עבירה...

— טאַקע? — האָב איך געזאָגט. — אַן אינטערעסאַנט פאָלק די יידן!

מיר זענען אַריין אין אַ דריי־צימערדיקער, אַלט־מאָדישער דירה (קאָסט 25 דאָלאַר אַ חודש דירה־געלט), פול מיט ברענענדיקע ליכט אין שווערע זילבערנע לייכטער... אויפן „וואַש־טאָפּ" זענען געשטאַנען אָנגעשטעלט אַ סך טעלער מיט וואַרעמע פיש מיט רויגן. דער טיש איז געווען געגרייט, און דער פנים פון זער אומשולדיקער חלה איז געווען צוגעדעקט מיט אַ ווייס „מוציא־לחם־מן הארץ"־טישטוכל, ווי אַ פרומע כלה.

„ווי הייליק" — האָב איך געטראַכט, ווי דעבאַליי — „די יידן האַלטן דאָס נאָך־נישט אָנגעהויבענע, דאָס נאָך־נישט־פאַרזוכטע, דערנאָך ברעכט מען דאָס מיט נישט־געוואַשענע הענט, און די ראָזשינקעס ווערן אַלטגעבאַקן און פאַרלירן זייער טעם".

*

דער געקרייזלטער האָט אונז צעקייט, אַז דאָ וווינען אַן אַלט וואַרשעווער פּאָר פאָלק. דער אַלטער איז נאָך אין סינאַגאָגע, די אַלטע פירט די ווירטשאַפט, האָט אַ שטיקל רעסטאָראַן, און ציט דערפון ס׳ברעקל ברויט. אַ משפחה זענען זיי, דאַנקען גאָט גאָר אַ גרויסע. (ער האָט געמען אויסרעכענען קינדער, אייניקלעך, אור־אייניקלעך. עס האָט מיר גענומען שווינדלען פאַר די אויגן, ווי אַז איך זע אַ קעלנער, וואָס טראָגט אַ בארג מיט ליידיקע געשיר צוריק אין קיך אַריין).

גראָפּערן האָט דער געקרייזלטער הגמאָוויץ דערקלערט אויף ריין יידיש, אַז זיי — די דריי בחורים עסן דאָ, נישט ווייל עס קאָסט ביליק, נאָר ווייל די עסנס זענען זייער פרישע... אָבער די לייטע אַליין זענען נישט זייערס גלייכן... „ווי קומען זיי צו אונז?"

אויפן „וואַש־טאָפּ" זענען געשטאַנען בערג מיט האָליפּטשעס און האָבן אָקעגנגעטראָגן זייער כשרען אַראָמאַט, צום געשטיקטן מזרח־בילד אויף דער וואַנט. און משה מאָנטיפיאָר האָט אַראָפּגע־

לאָזט די אויגן הינטער זיין שיינער, פיערעקעדיקער יאַרמולקע — אַ צי געטון מיט דער נאָז און זיך מחיה געווען...

די אַלטע לשנה־טובה־קאַרטע מיטן ספר־תורהלע אינעווייניק האָט אויף אונז געקוקט, ווי אויף יעווסעקן, דער רוח זאָל אונז נעמען! נאָר דאָס רויטע סלאָיקל מיט כריין האָט פאַרשייט אָפּגעענטפערט דער זיסער חלה־מיט־ראָזשינקעס, אַז ס׳איז ביטער... און הלואי עס זאָל אויסגיין בלויז צו די דערהרגעטע פיש... און די געקוילעטע הינער...

איך בין געזעסן לעבן גראָפּערן. אויף אַ סאָפּקע, וואָס איז געווען אָנגעוואָרפן מיט מאַנטלען און ווייבערשע היט, ווי אַ יאַטקע מיט אָפּגעלופּעטע פעלן...

ס׳איז אַריינגעקומען די אַלטיטשקע באַלעבאָסטע מיט אַ שווער־געפּאַלדעוועט לייב, זיך אַ ווישׁ געטון ס׳מויל מיט צוויי פינגער און גערעדט אַ געצויגענע וואַרשעווער שפּראַך. מער צום טעלער מיט געהאַקטע לעבערלעך, ווי צו אונז.

— די לייט זענען אונזעריקע? ווי הייסן זע? זע דאַרפן עפּעס דאָ הינען? זע ווילן אפשר מיטשפּייזן?

דער געקרייזלטער האָט מיך אַ טורקע געטון איך זאָל טרינקען טיי. ער׳ט באַצאָלן...

מיר האָבן זיך געזעצט טרינקען טיי. עס זענען דערווייל אָנגעקומען קינדער און קינדס־קינדער... רויט־צוגעסמאַלעטע ווייבלעך, און שימי־רירנדיקע מיידלעך... עס איז געוואָרן, ווי אין אַ היפּאָדראָם...

ס׳איז מיר געוואָרן הייס, אי פון דער טיי, אי פון די פאַרשידענע הייסע שבת־זאכן, אי פון דעם מענטשנאָטעם. איך האָב שוין געוואָלט גיין. אָבער דער געקרייזלטער האָט געווונקען דער באַלעבאָסטע, זי זאָל רעדן צו מיר, ווייל סע קאָן אַרויסקומען אַ טובה פאַר יידן.

— הערצנאָרויס! — האָט זי אַ זאָג געטון צו מיר. — מיר מאַכט נישט אויס, צי עך פאַרשטאַיט יידיש, צי נישט, אויב עך זענץ געקומען אַהער אָנטון יידן צרות, וועל איך ענק פאַרשעלטן די יאָרן... קיקצניש, מאַכט זי, דרויף, וואָס איך בין אַן אָרעמע

פרוי און האָב בלויז „צוויי שטיבאַר מיט אַ קאָך". אַז עך שעלט ווערט עס מקוים... אינדרייים אין וואַרשע, האָב איך געהאַט אַ טראַקטיר אַף טוואַרדי-גאַס, זע וואַיסן אפשר, ווו דאָס איז?

— דער מאַן פאַרשטאַיט נישט קאַ יידיש! — האָט איר דער געקרייזלטער אויפגעקלערט.

— אַ פינצטער לעבן אויף אים! — האָט זי געזאָגט, אַזוי רויק און אָנשטענדיק, ווי מ'זאָגט אַ שטייגער: „גוט יום-טוב". אויף אַ קופערט לעבן מיר איז געשטאַנען אַ שיסל מיט פאַלשע גומענע פירות, האָט זי זיי צוועקגענומען, ווי זי וואָלט מורא געהאַט, אַז איכל זיי טריף מאַכן מיט מיין בליק...

דערהערט, אַז זי האָט געוווינט אויף טוואַרדי גאַס אין וואַרשע, האָב איך זיך דערמאָנט, אַז י. ל. פרץ האָט אויך געוווינט אויף טוואַרדי גאַס.

איך האָב שטילערהייט געזאָגט גראָפערן, ער זאָל זי פרעגן, צי זי האָט געקענט פרצן. זי האָט געזאָגט, אַז ניין. זי האָט נישט געקענט קיין „פערעצלען".

איך האָב געזאָגט גראָפערן, ער זאָל איר אויסמאָלן אַ בילד פון פרצן. גראָפער האָט אַזוי געטון. די פרוי האָט זיך אַ קלאַפ געטון מיטביידע הענט אין די היפטן און אַ קוויטש געטון:

— הער נאָר מיינע צרות... צי איך האָב אים געקענט? סי דאָך ס'יידל פון דער גמינע, וואָס פלעגט צעטיילן ברויט צו די אָרעמע לייט... הער נאָר כ'בעט דאָך...

איך האָב מיך דערוווייל פאַרגעסן און אַראָפגענומען דעם הוט. זי איז געבליבן שטיין קעגן מיר מיט אַ האָליפּטשע אויף אַ גאָפל, ווי אַ כשרע געטין פון דער גרויסער מקוה, וואָס רופט זיך ים, און געזאָגט:

— אָי, עך שטאַרב. דאָס זענען זיי דאָך אַליין פרץ...

און זי האָט מיר געטשעוויקעט אין די אויגן אַריין מיט דער האָליפּטשע...

גראָפער האָט איר געזאָגט, אַז פרץ איז טויט.

— האָבן זע מיר אַ גיט יאָר! — האָט די פרוי זיך נישט געלאָזט. — וואָס פאַרציילן זי מיר מאַנסעס! אָט שטאַיט ער דאָך

דאָ... סאַדן אפשר זיין זון?.. וואָס פאַרשטעלן זע זאָך פאַר אַ גוי? פסשיין אָפּצעלייקענען יידישקייט?

דער געקרייזלטער האָט געלאַכט, צוגענומען ביי דער אַלטער די האַליפּטשע, זי אויפגעגעסן און געזאָגט.

— דער מאַן איז פון וואַשינגטאָן.

— וואַשינגטאָן, שמאַשינגטאָן — האָט זיך די פרוי נישט געלאָזט — גוי, שמאָי... ער פאַרצאַילט זיי מעשיות, און זיי, די בהמות (זי ווייזט אויף די קינדער און קינדס-קינדער, וואָס רינגען אונז אַרום) און זיי, בהמות, גלאַיבן... הא, זע גאַין שוין?

איך האָב שוין טאַקע גענומען דעם מאַנטל אויף די אַקסלען. גראָפּער האָט צונויפגענומען זיינע בלייַשטיפט-קאַריקאַטורן, זיי אַריינגעשאַרט אין קעשענע.

— וואָס האָבן זע דאָ געמאַכט פּיקטשעלעך? — האָט די פרוי געזאָגט. — אַנו, וואַזן זע נאָר די פּיקטשעלעך?

איך האָב ווידער דערשמעקט געפאַר, האָב איך גראָפּערן אונטערגעשטופּט עטלעכע פון מיינע אייגענע „ריסאָוואַניעס”, וואָס קיינער קאָן נישט וויסן, וואָס איך בין מיט זיי אויסן.

די יידענע האָט זיי באַטראַכט און געזאָגט צו גראָפּערן:

— זע האָבן, אַפּנים, אַ גרינגן קאָפּ... און זי האָט געשמייכלט. אַפילו איר זענען מיינע צייכנונגען נישט געפעלן!

*

מיר זענען אַרויס אין גאַס, באַגלייט פון די דריי בחורים. איך האָב זיי שטאַרק געדאַנקט, דער עיקר דעם געקרייזלטן יונגנמאַן, אים פאַרזיכערט, אַז איך וועל — אים צוליב — שוין זען זאָגן אַ גוט וואָרט פאַר די יידן אין וואַשינגטאָן. ער האָט מיר צוריקגעדאַנקט, נאָר אַז מיר האָבן זיך שוין געהאַט אָפּגעזעגנט, האָט ער מיך געפרעגט אויף יידיש:

— זאָגט מיר כאָטש, וועט די געשיכטע זיין געדרוקט אין דער „כרייהייט“ — מר. נאַדיר?

...איז הייסט דאָס, האָבן זיי מ י ך גענומען אויפן זעצער? נו, גוט, אַ צווייטן מאָל וועלן מיר שוין זיין מער פאָרזיכטיק!

# אין שניידערשאָפּ

איך בין געגאַנגען, וווהין מ׳האָט מיך געפירט. דער פירער איז געווען ס. ליפּצין. דער שאַפּ איז געווען אויף בראָדוויי אין פערטע גאַס. אַ גרויסע הויזן-וועסטן-רעגנמאַנטלען פאַבריק. עטלעכע שטאָק — מיטלמעסיק, עטלעכע שטאָק — פלאַך.

נישטאָ קיין פאַרכאַפּנדיקער אימפּעט אין אָט-דעם שניידערשאָפּ. קיין גרויסער ריטם. ס׳איז „דזאַז", זיגזאַגיש׳וויברירט, חולי-נופלדיק. אַ טומל אָן אַ שויב. אַ בלינדער פלאָנטער פון הענט, וואָס וואַרפן זיך אין משוגענע טענץ; כאַפּן עפּעס, ציען עפּעס פון מויל אין דער לופט אַריין, וואַרפן עפּעס. קערפּערס ליגן זיך, בויגן זיך, איינגעבויגן, איינגעבויגן... נידריקער, נידריקער. יעדער נערוו איז אַ בענדל אויף אַ געשפּאַנטן פיילנבויגן. אָבער, טייערע, געזונט זאָלט איר זיין, וואָס שיסט מען דאָ? ווו איז דען דער שונא?

*

פלינק, פלינק זינגען די שטעפּ-מאַשינען זייער „דזשעז". די פרעסלעך זענען מיט דאַמף אָנגעפולט, הענגען, ווי קליינע הויב-מאַשינען אויף אַזוינע דלת-פורמיקע שטאַנגען, וואָס טראָגן צו ס׳פּרעסל וווהין מען דאַרף. מ׳גיט אַ כאַפּ, אַ קוועטש, אַ בראָט. אַן ענגע, יחידיקע נאָט צעעפנט זיך, צעטיילט זיך, שפּאַלט זיך. אַ זייטל פון אַ ראָק, מיט זאַקשטאָף פון אונטן און אַ סך ווייס-

אויף-שווארצע שטעך, ווי לייז אויף אַ מיליטער-פּאַראַד, ווערט ווי אַ פלאַך זייטל פלייש, אַרונטערגערוקט אונטער דעם אַדום-מאַנצנדיקן שוויצבאָד. דאָס „זייטל" צעפּאַרעט זיך, ציט זיך אויס פון הנאה: גלייך, שטייף, פלאַך. ווי אַ צעקנייטשטער ייד אויף דער אויבערשטער באַנק פון מרחץ „אוי, הייס-הייס-הייס! אוי, גוט-גוט-גוט!".

*

די עלעקטרישע מאַשין אַרבעט זיך אַריין מיט נקמה. שניידט געשמאַק די שטיקער געוואנט, די לאַנגע-לאַנגע שטיקער געוואַנט. די חבר-חברדיקע שטיקער געוואַנט, וואָס האָבן זיך ביז איצט געוואַרעמט אַרום זיך-אַליין; האַרץ-צו-פּלייצע, חבר-צו-חבר: „מיר אַלע קיילעכדיקע, ענגע, צוזאַמענדיקע, וואָס אין אונז איז פאַראַן . אַזויפיל משך, אַזויפיל צעשפּרייט-מעגלעכקייט"...

*

דער פינגערהוט איז די קרוין אויפן פינגער, און דער פינגער איז דער קאָפּ. אויפן אמתן קאָפּ ליגט געוואַנט-שטויב... אָדער אַ פרום היטל אָדער אַ לאַקיר-גלאַנץ פון אַ דזשען-קעפּל.

די קאַנאָנען זענען אָנגעשטעלט. די אַרמיי האָט זיך מיט די ציין איינגעגראָבן אין די באַהאַלט-פּלעצער. שראַפּנעלן פּלאַצן איבער די קעפּ, פייערן בלעזלען-זיך, אָבער קיין געשריי הערט מען נישט: נישט פון שרעק, נישט פון זיג, נישט פון אַנגסט, נישט פון געווינס. אַ טויטע גלייכגילטיקע מלחמה פון מענטשן, וואָס איילן זיך די שעהן צו צערייבן אויף פּאָרך. איילן זיך אַרייַנצופּאָרן אין שונאס גרענעץ וואָס גיכער... אַליין זיך אַריינצורייטן אין לעמפּערטס האַלז. מיט אַ טרומייטערל אין האַנט... איילן זיך דעם מאָרגן אַנטקעגן – דעם קליינעם, נישטיקן מאָרגן אַנטקעגן, וואָס איז דעם קליינעם נישטיקן היינטס אַ זון...

*

דער שונא? דער שונא? ווו איז דער שונא?

דער חצי-פּאָרמאַן פון שאפ טראָגט איין (1) רויטן הויז און איין (1) געלן. אַ פּאַטעטישער קאָמיקער אָדער אַ חדוהדי-קער בדחן?

זאָל דאָס זיין דער שונא? אָט דאָס בחורל מיט ברי״ן, וואָס זאָגט קדיש נאָכן טאַטן און דאַוונט אַליין פאַרן עמוד?

איז י ע נ ע ר דער שונא? אָט דער קורלענדער, בלאַטער בחור, וואָס האָט קאַסאָקע פּרינציפּן, וואָס רעדט דייטש און באַלעקט זיך מיט דעם ביסל גראָבן אָטעם, וואָס קומט אים איבער די פולבלאַכע ליפּן? אָט דער שמש, דער חנוכה-ליכט אָנצינדער, וואָס גייט אַליין אויס, גלייך מיט אַלע חנוכה-ליכטלעך?

*

דער שאפ-פייזאַזש: אַ וואַלד מיט צאַפּלדיקע הענט. ווייסע דאַמף-רערן איבער אַלע אונטערן סופיט, קליינע רונדקייטן. טויזנט מעטער קישקעס פון אַ חיה, וואָס פאַרצוקט מיט אַ תמעוואַטן פּנים אַ שפּין מיט טויזנט פיס, וואָס בויעט שטיל, שטיל איר פעסטונג אַרום דער פריילעכער פליג... אַרום דעם קורלענדער דייטש. אַרום דעם פאָרמאַן, וואָס זאָגט קדיש נאָכן טאַטן... אַרום „שמ ל״ דעם „בוטלעגער״, וואָס גייט אַלע שבת אין שול אַריין— פאַרקויפן בראָנפן... אַרום דעם אַלטן איטשע, וואָס פרעסט שוין העכער 42 יאָר הויזן; אַרום די קאָנטשעטאַס און ליזאַס און מריס, און האַנטשעס, וואָס נייען אַריין זייערע מינוטן אין די ליידיקע „ברוסטן״ פון די רעק, און צעשטעכן זיך די פינגער, ווען זיי דערזעען אַ לעבעדיקן, פרישן מאַנסביל?

*

בוקאַרעסטי. כאָדאָראָוו. מינסק, צפת. סקערנעוויץ. אברוצי. טעלער. ווינער. לוריע. טאם נאוויצקי. לעווין. קאַרמא. בלאק. זילבערשטיין, פשעמריען. — פעלקערשאַפטן פון דער וועלט. אַלע צונויפגעמישט, פאַרייניקט אין דעם גייעג נאָך דעם טעפּעלע תענוג, נאָך דעם ברעקל ברויט.

ווי אין אַ גלאַנצנדיקן פערז:

אַ שיסעלע האָניק,
אַ שטיקעלע ברויט:
דערנאָכדעם דער ט-ט.

אַ געלער צל-מות
לויפט נאָך ווי אַ הונט
אין פ-ט אויף מיין ווונד.

*

איך וויל אַרויסרופן גייסטער. אַרויסצויבערן דאָס באַזונדערדיקע ביי די מענטשן. אָבער ס'האַלט אינמיטן מלחמה. מען קאָן זיך נישט אָפּשטעלן. מ'יאָגט, מ'יאָגט, מ'יאָגט. אַלע וויגן זיך אַהין, אַהין, ווו די פענסטער-קראַטעס דערציילן פון אַ גרויס, פריי געפענגעניש! אונטער דער הויט איז שווער צו זען. און די הויט אַליין איז פאַרויכערט און פאַרדאַמפּט. פולווער שמעקט אין דער לופט, צעגריזשעטע טעג, פאַרסמאַלעטע פליגלען — אָבער די מלחמה איז אַן אַלטע, אַ באַנאַלע, ווער וועט וועגן איר זינגען? ווער וועט פאַרשלאָגן אַ מאָנומענט צו איר אומבאַקאַנטן, געפאַלענעם זעלנער?

*

איך, דער געפוצטער דיכטער, פיל מיך אָפגענאַרט. די ראָמאַנטיק, פליז! לאָז מען אַזוי גוט זיין און מיר צושטעלן די ראָמאַנטיק! אָדער די ליריק! אָדער דעם גרויסן, צעפע־כערטן פאַטאָס!

ס׳רוב אַרבעטער זענען מידע, גלייכגילטיקע. דער קאַמף איז אַרום דעם ברויט און דעם גליק, די פליגל הויבן זיך נישט הויך. אָבער די יונגע, די מוטיקע, שיסן מיט געזאַנג — זינגען אַריבער זייערע שראַפנעלן אין שונאס לאַגער אַריין. „די נויט נעמט אַראָפ פון אונזערע קעפ!‟ עס פאַלט אויף דער אויער־פויק, עס שרעקט איבער, דער שונא ווערט אומרויק, ער באַהאַלט זיך אין „פאַלם־ביטש‟, ביים ברעג ים, הינטער אַ פאַלמען־בוים — פאַרדאַמט זאָל ער ווערן!

*

אינם רעכטן ווינקל פונם גרויסן שאָפ שטייט אַ געקרייזל־טער, דינער מענטש און באַוועגט דאָס פרעס־אייזן. פלינק, פלינק, פלינקער. די נאָטן פון די אַרבל צעפאַלן זיך, ווי געגטע ליב־האָבער. די אַרבל זענען זיך־אַרבל־פאַר־זיך אַליין, אומאָפהענגיקע. „פרייע אַרבל‟, וואָס האָבן גלצדינק אין דער ערד. אַנאַרכיסטן. ווילן זיך מיט קיינעם נישט באַהעפטן. אָבער דאָס לעבן האָט אויך עפעס צו זאָגן! און דער „אַרבל־מאַכער‟! כאַפט מען אָט־די נאַרישע „אינדיווידואַליסטן‟ פאַר די קעפ און מען וואַרפט זיי אַריין — אַהין ווו מען באַדאַרף. „דו קערסט זיך אָן, ברו־דערל, צי דו ווילסט יאָ, צי דו ווילסט נישט. זיי נישט קיין פעטער און צאַפל דיך נישט!‟

*

איך האָב גאָרנישט געזען.
בלויז די „לאַנדשאַפט‟ פון אַ פאַרקרימט פנים. אַ שטום

צאַפּלניש פון מענטשן, אָן אַ געשריי... דער פּוס איז געלייכט דער ווייטיק אויך. די צייט אַליין (די ממזרקע) וועט דערשלעפּן פאַר די הערנער צום ליכטיקערן טאָג, צום האָניק-האָניקדיקן טאָג.

(מיט טויטע בינען?...)

*

אויפן וועג צוריק פון שאָפּ האָב איך געטראַכט פון סטראַווינסקיס סימפאָני לעצטן זונטיק באַטאָג אין מעקאַ-טעמפּל.

עס טומלט זיך. עס גרילצט. עס צעפּירן די וויאָלס און די טשעלאָס און די באַסן דאָס דינע געזאַנג פון אַן איינציקן פידל. עס דונערט מיט — סאַמעט. עס בליצט מיט שוועבעלעך. אַ פליג שלעפּט אַן עלפאַנט ביי אַ פּיסל. עס אַרט מיך נישט: אָבער אַ גאַנצער אָרקעסטער מיט לעבעדיקע מענטשן שוויצן, האַלטן די טאַשן-טיכלעך צווישן אַקסל און האַלז, בלאָזן אַריין זייערע אָטעמס אין מעשענע קישקעס, אין הילצערנע „בלינדע נעכט". עס אַרט מיך, עס אינטריגירט, עס פאַרכאַפּט.

*

דעם ריטם פון דעם שניידערשאָפּ האָב איך נישט פאַרשטאַנען. די קאָמפּאָזיציע איז מיר ווילד-פרעמד. אָבער די גוואַלטיקע שיינקייט פון הונדערטער הענט, וואָס באַוועגן זיך צום טאַקט אַרויף און אַראָפּ, האָבן מיר דאָס האַרץ גערירט.

ס. ליפּצין (מיין באַגלייטער) האָט געוואָלט וויסן, וועגן וואָס וועל איך שרייבן: פון לעבן, צי פון דער נאַטור?

„איך ווייס", האָב איך געזאָגט, „מירן זיך צעטיילן, אויב איר'ט שרייבן פון לעבן, וועל איך שרייבן פון דער נאַטור. צוויי שרייבער פון לעבן אָדער פון דער נאַטור איז צופיל".

## ווי די ראָמאַנען-שרייבער שרייבן

כ'האָב מיך אַרויסגעכאַפּט שטילערהייט אויף אַ שפּאַציר איבער דער בויערי. געוואָלט גיין איינער אַליין זיך אַ גראָב טון אין די לעבענישן פון די אָרעמע-און-פריילעכע, דערנידעריקטע אָבער נישט דערשלאָגענע.

אויפן וועג האָט מיך אָנגעיאָגט דער גיך-פּיסיקער בוכוואַלד, מיט דער גאַנצער פּראָפעסאָרישער לענגלעכקייט פון זיין עקספּרעס-פיגור. ער האָט זיך אָנגעהאַלטן מיטן גאַנצן באַברילטן פּנים ביים ברעג פון אַ פאַרקילטער ליולקע, געצויגן דעם ליידיקן ציבוק, און געזאָגט: עפּ-הע, נו וואָס, נאַדיר? טשאָרט וואַס פאָבערי! דערמיט! פאַרוואָס, עפּ-הע, ווערט איר נישט קיין לייט? פאַרוואָס, עפּ-הע, קאָנט איר נישט אַריינקריכן (די „ריש'' איז ביי אים אַ גויעשע, ווי ביי אָלגינען) אין סאַמע ר-רויען וויר-ר-וואַר-ר פון געזעלשאַפטלעכן לעבן?

איבער אונזערע קעפּ האָט אַ קלאַפּ געטון דער עלעווייטער. הינטער אונז זענען — צווישן די אייזערנע לייטער-סלופּעס פון דער אויבערבאַן — געלאָפן אויטאָמאָבילן און האָבן אונז שיר דערהרגעט, אַ גרויסער „אָטאָ-טראָק'' פון פּוטער-מיט-אייער איז נאָכגעלאָפן בוכוואַלדן און אים דווקא געוואָלט איבערפאָרן. איך האָב אים אַ שלעפּ געטון צו זיך (דאַכט זיך: רעכטס) און אים אַ ביסל אָפּגעראַטעוועט פון אַ ז י כ ע ר ע ר צ ע פ ל א כ ו נ ג.

*

„אין לעבן" — האָט בוכוואַלד געזאָגט און זיך צוגעהאַלטן ס'נייַע קאַפּעליושל, ווייל אינדרויסן איז געווען אַ ווינט. „אין לעבן איז נישט אַלצדינג פּיקציע און שיינשרייבערייַ. ס'איז פֿאַראַן אַ געזונטע, רויע דינאַמיק, וואָס ביי — —".

דער ווינט האָט אים אַראָפּגעכאַפּט ס'נייַע היטל, און ער האָט נישט געקאָנט אויספירן, וואָס ער האָט געוואָלט זאָגן.

געראַטעוועט ס'נייַע קאַפּעליושל, זענען מיר ווייטער געגאַנגען, יעדער מיט זיין באַזונדערן בליק איבער דער וועלט און איבער דער דינאַמיק...

ס'איז מיר איינגעפֿאַלן, אַז איך וואָלט באַדאַרפֿט זאָגן „עקלעקטיש", האָב איך געזאָגט „עקלעקטיש", און מיר געקויפֿט פֿאַר צען סענט וועלשענע ניס. צונויפֿגענומען צוויי ניס איינ-איינעם און מיט דעם ברודערשן כח, וואָס איין נוס האָט אנטליען דער אַנדערער, איז מיר געווען גרינגער זיי ביידן אויפֿצוקנאַקן.

„איר זעט שוין!" האָב איך געזאָגט צו בוכוואַלדן, „נישט אַלעמאָל איז פֿאַרייניקונג-קראַפֿט".

„וואָס-זשע באַווייזט עס?" האָט ער געפֿרעגט.

„עס באַווייזט", האָב איך געזאָגט, דריי זאַכן: „ערשטנס! צווייטנס! דריטנס!"

„און פֿערטנס" מאַך איך „אָט שטייען מיר לעבן אַ ציגיינער-געוועלבל, מיט אַ שילדל „פּרענאָלאָגיסט" — לאָמיר אַריינגיין און זיך לאָזן לייענען די קעפּ, עמיר זען, ווו מיר האַלטן אין דער וועלט".

אַלע ציגיינער אויף דער בויערי רעדן גענוי זיבן (7) שפּראַכן. אַלע האָבן גרויסע סעראַטענע שילדן אין די פֿענסטער מיט אַ בילד פֿון אַ מענטשלעכן קאָפּ, וואָס איז צעשריבן, ווי אַ לאַנד-קאַרטע. די טיר צום אַריינגאַנג איז פֿאַרהאָנגען מיט

פֿאַרביקן געוואנט. אינעווייניק איז דאָס געוועלב צעטיילט אין דריי צימערן: וווין-צימער, שלאָף-צימער, אַטעליע. איבער יעדן צימער איז אַ רויש-פֿאַרביקער, ביליקער פֿאָרהאַנג. אויפֿן פֿענסטער זיצט אַ מיטליעריקע פֿרוי, אין ציגײַנערשן פּראַכט: גרויסע אוי-רינגען, בראַסלעטן, לאַכנדיקע ציין, סקריפּנדיקער בוזעם.

אויפֿן אינעווייניקסטן פֿענסטער געזימס זיצט אַ יונג מיידל, פֿאַרשמירט און אויסגעפּוצט, זי האַלט אַ ביכל אין איין האַנט, אַ ציבעלע אין דער אַנדערער און רעדט צו דער באָבען — אויף שפּאַניש, דאַכט זיך.

די באַבע איז אַן אַלטינקע באָבע, אָנגעטון אין איר פֿולן ציגײַנערשן פּורים-גלאַנץ. דאָס פּנים איז בײַ איר צערעדלט און געפֿאַלדעוועט, פֿון ביידע אויערן-לעפּלעך איז בײַ איר אײַנ-דערמיט אויסגעשניטן אַ טריאַנגל, זיי זעען אויס ווי באַקציין. אויף יעדן „צאָן-שפּיץ" פֿון אַן אויער איז אַן אוירינגל — אַ זילבערן קייקעלע. 4 זילבערנע קייקעלעך אויף 2 אויערן.

די אַלטינקע באַגוטנאָוועט אונדז אויף אַ ביטערן ענגליש. בוכוואַלד גיט זיך אַ צעלאָז אויף זײַנע 7 לשונות, אַזוי ווי ע ר ק ע ן. סוף-כּל-סוף שטעלט ער זיך אָפּ אויף רוסיש. אמת, די ציגײַנער-באָבע רעדט טאַקע אויף גאַנצע זיבן שפּראַכן, אָבער פֿאַרשטיין פֿאַרשטייט זי בלויז רוסיש, און דאָס אויך ש וו אַ כ ל ע ך.

די אַלטע הייסט בוכוואַלדן אַרויפֿלייגן אויף דער דלאָניע אַ זילבערנעם דאָלאַר. מיר זוכן ביידע אַ זילבערנעם דאָלאַר און מיר געפֿינען נישט. „אָלרײַט", זאָגט זי, „לייגט אַרויף אַ פּאַפּירענעם". בוכוואַלד טוט ווי מען הייסט אים. די אַלטע בעמט-אים פֿאָרנט פֿאַרן טשוב (מישטיינס געזאָגט) און זאָגט:

„איר זענט אַ גוטער מענטש, נאָר צופֿיל פֿאַרנומען מיט געשעפֿט. שפּעטער מיט אַ יאָר, וועט איר זײַן זייער רײַך. דערווײַל האָט איר ערגערניש פֿון אייערע געשעפֿטן. אָבער ס'וועט זיך אַלץ אויסלאָזן צום גוטן. איר האָט צוויי שונאים — איינער אַ בלאָנדער, אַ נידעריקער, און איינער אַ הויכער... אַ ברונעטער, (בוכוואַלד דערלאַנגט אויף מיר אַ קוק) דעם בלאָנדן

שונא וועט איר לייכט איבערקומען, אָבער מיטן ברונעטן וועט איר האָבן אַ לאַנגן קאַמף. (בוכוואַלד דערלאַנגט אַ זיפץ) עס גייט אייך אַ בריוו. איר וועט מאַכן אַ רייזע. איר וועט האָבן גליק אין ליבע. אָבער פאָרט נישט איבערן וואַסער".

אַז זי איז פאַרטיק געוואָרן, האָט זי צוגעלייגט צוויי פינגער צו די ליפּן, זיי אַ קוש געטון און געזאָגט „ווישאָ כאָראָשאָ. גודבאַי!"

„באָבינקע", האָב איך געזאָגט, „לייענט מיר אויך פון קאָפּ".

„איך בין צו מיד", האָט זי געזאָגט, „אָבער מיין טאָכטער וועט אייך לייענען. העי", האָט זי אַ געשריי געטון אין פענסטער אַריין, „קאַרישאַנדאַ!"

די יונגע ציגיינערין איז אַריינגעקומען אינעווייניק. איך האָב זי באַטראַכט ביים רויטן גלאַנץ-ליכט פון דער פורים-בודע: זי האָט געהאַט אין זיך עפּעס יידישס, פרומלעכס. נאָר די אויגן אירע — אוי די אויגן אירע, דער רוח זאָל זיי נעמען!

די אַלטע באָבע איז אַוועקגעקראָכן שלאָפן. דאָס פאַרשמירטע אייניקל מיט דער ציבעלע אין דער האַנט — אויך.

איך בין געבליבן אַליין מיט בוכוואַלדן און מיט דער ציגיינער-טאָכטער.

איך האָב אַ ווינק געטון צו בוכוואַלדן, ער זאָל מיטגיין מיט מיר, ווייל איך האָב צו ווייניק גלויבן אין ציגיינערינס און צופיל — גאָלדענעם זייגער.

ב. האָט (נעמלעך?) אַזוי געטון.

די ציגיינער-טאָכטער האָט אַרויסגעוויזן די אייגענע טעכניק, ווי איר מאַמע, די באָבע. זי האָט מיר געהייסן אַוועקלייגן אויף מיין האַנטפלאַך אַ דאָלאַר, האָט אים שטילערהייט אַריבערגעגלעט צו זיך אין גרינעם פאַרטוך אַריין. האָט אַרויפגעלייגט אַ האַנט אויף מיין שטערן, צוגעמאַכט די אויגן, זיך פאַרטראַכט אויף אַ מינוט, און געזאָגט:

— אייער נאָמען איז משה נאַדיר. איר קומט פון

גאַליציע. אייער פאָטערס נאָמען איז מאיר. אייער מוטערס נאָמען איז חנה. איר האָט 4 שוועסטער און איין ברודער. דעם ברודערס נאָמען איז פיליפּ — —.

איך בין געווען געפּלעפּט. זי האָט געטראָפן צו דער האָר. איך האָב מיך איבערגעקוקט מיט בוכוואַלדן, יענער האָט אַרויסגעגלאָצט צוויי אויגן, ווי בעכערס.

די ציגיינער-טאָכטער האָט ווידער פאַרמאַכט די אויגן, פעסטער אַרויפגעלייגט איר האַנט אויף מיין קאָפּ — ס'האָט אַזש וויי געטון. דערנאָך האָט זי ווידער אָנגעהויבן רעדן, ווי פון אַ בלינדן חלום אַרויס:

איר האָט אַמאָל ליב געהאַט אַ מיידל. פראַדיע האָט זי געהייסן. איר זענט דעמאָלט געווען אין גאַליציע, זי איז געווען אַכט יאָר יינגער פון אייך. איר האָט איר געשוווירן ליבע. איר האָט צוגעזאָגט זי מיטצונעמען קיין אַמעריקע. אָבער איר האָט נישט געהאַלטן קיין וואָרט. (איר קול האָט אָנגעהויבן אַביסל ציטערן.) איר האָט זי נישט מיטגענומען. איר זענט אַוועק מיט אַ פּויליש מיידל, וואָס האָט געהייסן קאַסיאַ...

— און וואָס איז געוואָרן פון פראַדיען? — האָב איך געפרעגט, פאַרגלויבט אין דער וואָרזאָגעריי פון דער שיינער ציגיינערין, וואָס האָט זיך געוויטלט, הינטער דער טונקעלער הויט, און איר פנים האָט באַקומען די געמישטע פאַרב פון רויזן-מיט-האָניק.

— „וואָס פון פראַדיען איז געוואָרן?" — האָט איבערגעזאָגט די ציגיינער-טאָכטער אויף אַ ציטערדיק קול, און עפּעס האָט זיך ס'ברוסט לאַצל פון איר גרין פאַרטוכל גענומען הויבן אַרויף און אַראָפּ – „פון פראַדיען איז געוואָרן אַ... ציגיינערין אויף דער בויערי!.."

- „פראַדיע!" האָב איך אַ געשריי געטון.

„פראַ–דיע מיינע!" — — —

...ווי די ראָמאַנשרייבער שרייבן: 4 ליפּן האָבן זיך פאַרייניקט אין אַ לאַנגן-לאַנגן קוש.

*

— נו, איז שוין פאַראַן אין לעבן פיקציע? — האָב איך געפרעגט ביי בוכוואַלדן, נאָכדעם ווי איך האָב מיך גוט אויסגעוויינט.

בוכוואַלד איז געזעסן ווי אַ דערהרגעטער: ערשטנס צוליב דעם מיידל אַליין — נישט אַלע־טאָג טרעפט מען אַ מיידל, וואָס זאָל זיין גלייך צו ריווע קראַנט, (עס מאַכט נישט אויס, וועד די ריווע קראַנט זאָל נישט זיין!) צווייטנס: האָב איך אים בפירוש באַוויזן, אַז דער אמת איז שטאַרקער פון פיקציע. נאָר וואָדען: מ׳דאַרף אים קאָנען אויסטראַכטן — דעם אמת, ווייל דאָס לעבן אַליין פוילט זיך אַ ביסל.

# די שקאַרפּעטקע

„דו ווייסט, נאַדיר," האָט געזאָגט גראָפּער, „אין ניו-יאָרק איז פאַראַן אַ מענטש, וואָס הייסט „באַונסינג מייק", ער איז אַן אַרויסוואַרפער בײַ „טרייד". אַז מ'דאַרף עמעצן אַרויסוואַרפן אין אַ געשלעג-שענק אויף דער וועסטסייד, ווי די געפערלעכסטע „קאָסטימער" קומען זיך צונויף, שיקט מען נאָך אים. אַז „באַונסינג מייק" וואַרפט אַרויס — וואַקסט שוין קיין גראָז נישט... „מער ווי איינמאָל", מאַכט גראָבער און וואַרפט קונציק אַריין אין מויל אַריין אַ ברויגעם מעקסיקאַנישן פּאַפּיראָס, „מער ווי איין מאָל וואַרפט מייק נישט אַרויס קיינעם. אָבער ס'איז גענוג. מען קומט שוין נישט צוריק. דו ווילסט זען, ווי ער זעט אויס? וועל איך דיר אים אויפמאָלן".

גראָפּער האָט מיר אויסגעמאָלן אַ יונג, ווי אַ גאָרילאַ-מאַלפּע, מיט הענט, ווי קלאָעס, און אַ מויל, וואָס שטייט כמעט אונטן — אויפן קאַרק.

„זעסט". זאָגט ג. „אָט דאָס איז ער. ווילסט זיך באַקענען מיט אים? מ'קאָן אַריינגיין אינעם שענקל, ווו ער אַרבעט..."

*

איך האָב אים געזאָגט, אַז איך האַלט, אַז ס'איז אַ נאַרישקייט פון אַ מענטש (אַפילו אַ שרייבער), צו ווערן דער מאַן פון זיין אייגענער אלמנה. „לאָמער בעסער", זאָג איך

„גיין ערגעץ אין אַנאַנדער פּלאַץ, וווּ די נאַטור איז נישט אַזוי ווילד, און וווּ דער קלימאַט איז נישט אַזוי שענדלעך פאַרן געזונט...״

*

מיר האָבן זיך אַרויסגעלאָזט אויף סעקאָנד עוועני, געקוקט אויף די דעכער, אויף די הייזער, געזוכט עפּעס אַ פאַרבאָרגן, פאַרבאָטן ווינקל.

„אפשר וואָלטן מיר זיך פאַרדינגען צו שאַרן שניי?״ האָב איך געפרעגט בײַ מײַן מיטשפּאַנער, וואָס האָט געשפּאַנט איבער די בערג מיט קויטיקן שניי. „דאָס וואָלט געווען זייער גוטער מאַטעריאַל פאַר אַ באַשרײַבונג.״

„שאַרן שניי?״ האָט געזאָגט ג., „איז נישט קיין קרומער אײַנפאַל. איך האָב אַ גאַנצן זומער, מאַכט ער, געטראַכט דערפון.״

ג. איז געבליבן שטיין בײַ אַ שניי-מיידל, וואָס קינדער האָבן געמאַכט אין גאַס, האָט איר צורעכט-געמאַכט ס׳פּנים, מיט דער נאָז, איר אַרומגעגלעט די ברוסט, זי אַוועקגעלייגט אויף אַ זײַט, איר געגעבן אַ קוש אין קאַלטן מויל אַרײַן און געזאָגט: „שלאָף געזונטערהייט״. דערנאָך האָט ער ווייטער געשפּאַנט איבער די בערג מיט קויטיקן שניי און גערעדט:

— הײַנטיקן זומער האָב איך „געטרעמפּעוועט״ איבער קאַליפאָרניע. פלעג לעבן, ווי אין חלום, און נאָכגיין דעם מילך-וועג אָדער די מילך-וועגן... וווּ איך האָב געזען, אַז דער מילכמאַן שטעלט אָפּ אַ פלעשל מילך, פלעג איך בלײַבן שטיין און באַטראַכטן די לאַגע.

— וואָס! — האָב איך זיך פאַרחידושט. — דו האָסט געלעבט אויף מילך?

— אויף געגנבעטער מילך! — האָט ג. ראַפּסאָדירט. — די ביבל, מאַכט ער, זאָגט, אַז געגנבעט וואַסער איז זיס. אָבער געגנבעטע מילך — דאָס איז אַזוינס, וואָס אפילו אַ מאַנסביל מעג טרינקען! עס איז בעסער, ווי פויגל-מילך. בעסער, ווי פּיראַמידן-זאַפט, בעסער ווי — —

ער איז אַריין מיטן לינקן קאַלאָש אין אַ ריזיקן שניי-קניש און געבליבן שטעקן. איך האָב אים געמוט אָנגעמען ביים שוך און אים אַרויסשלעפּן פון אַ צרה...

„אויב פאַרפרוירן ווערן", האָט געלייריקט ג., „איז שוין בעסער ערגעץ אויפן פעלד, נישט דאָ, אין דער פאַסקודנער שטאָט, ווו חברה שטייען גרייט מיט די שרייב-מאַשינדלעך אויף אויסצוקלאַפּן אַנעקראָלאָג..."

— און דאָס, וואָס דו זאָגסט שאַרן שניי, — האָט זיך ג. דערמאָנט — ס'איז געווען טעג, הערסטו, פאַראַיאָרן זומער, ווען די מילך-פלעשלעך האָבן זיך אויפגעהערט מעלקן. דער האָניק איז מיר געראָנען פון די אויגן. נאָר ער איז געווען געזאַלצן. עסן האָט מען אים נישט געקאָנט. בין איך אַוועק צו אַ פאַרמעריש הייזל און געזאָגט: „גיצעפּעס"! האָבן זיי נישט געוואָלט געבן, סיידן איכל מיך שטעלן קאָסן היי, אָדער קלויבן יאַגדעס. בין איך אויפגערעגט געוואָרן און געזאָגט: „פאַר וואָס האַלט איר מיך, פאַר וואָס? פאַר אַ בראָדיאַגע? פאַר אַ פוילענצער? אדרבא, האָב איך געזאָגט, גיט מיר שניי צו שאַרן, גיט מיר אייז צו שניידן, פונם טייך — גיט מיר וואָסער ס'איז אַרבעט! נאָר נישט אויפן פעלד, ווייל מיין זיידע, זאָג איך, איז געשטאָרבן אין פעלד, און פון דעמאָלט אָן האָב איך מיר, זאָג איך, געגעבן אַ שבועה, אַז אין פעלד אַרבעט איך נישט". אָבער איצט (מאַכט ג. און ווערט טרויעריק), איצט זע איך איין, אַז איך האָב געהאַט אַ טעות. פאַרקערט: גיב מיר גראָז צו קאָסען, גיב מיר קוקורוזעס צו שיילן, יאַגדעס צו קלויבן, — אַלצדינג, נאָר נישט קיין שניי שאַרן... איך האָב פיינט שניי. שניי, מאַכט ער, איז פאַרצעלייען וואַסער... איך האָב ליב מיין וואַסער, מאַכט ער, ענטוועדער אין נאַטירלעכן צושטאַנד, אָדער מיט עפּעס — וואָס ס'איז היינט שווער צו קריגן...

מיר זענען געבליבן שטיין, אָנגעבלאָזן איינס קעגן ס'אַנדערע, ווי צוויי הענער, מיט צעפּעכערטע פליגלען. ערשטנס, ווייל צוליב אים האָב איך אַרויסגעוואָרפן אומזיסט אַ גאַנג,

און צווייטנס, ווייל פאַרבייגייער, וואָס האָבן מיך דערקענט, האָבן געמיינט, אַז איך בין שוין אַזוי נידריק געפאַלן, אַז איך גיי אַרום און שעפּ פּרישע לופט אינמיטן העלן טאָג.

*

ג. האָט זיך פאַרטאַיעט און גענומען קוקן עפּעס אויף אַ פענסטער פון אַ זעקסטן שטאָק. ס'איז אַרויסגעהאָנגען אַ צוויי געלע, היימיש-געמאַכטע שקאַרפּיטקעס, ווי פאָנען אויפן שפּיץ פון אַ שיף.

איך האָב אויך פאַרריסן דעם קאָפּ אין דער הויך און געבליבן שטיין אינמיטן דער שניי-בלאָטע. פון אויבן און פון אונטן האָט געשיט אַ שטיל, כשר, זאַוואַרוכעלע... אַ זאַוואַ-רוכע, וואָס מ'האָט ביי איר אַרויסגענומען אַלע באַק-ציינער, איידער מ'האָט זי אַרויסגעשיקט אין דרויסן אַרויס.

אין עטלעכע מינוט אַרום זענען אַרום אונז געשטאַנען אַ האַלבע וועלט מענטשן, אַלע פאַרפרוירענע, אין-די-זשמעניעס בלאָזנדיקע, האָבן פאַרריסן די שווער-פאַרהיטלטע קעפּ אין דער הויך און זיך געחידושט:

— וואָס איז געשען? — האָט געפרעגט איינער.

— גאָרנישט. אַ שקאַרפּיטקע. — האָב איך געענטפערט.

— אַ קאַרפּענטערקע? האָט איבערגעזאָגט אַ דריטער.

— יעס, האָט געזאָגט אַ פערטער, — אַ קאַרפּענטערקע איז אַראָפּגעשפּרונגען פון זעקסטן פלאָר.

— דערהרגעט?

— וואָדען? נישט דערהרגעט?

— ווײ צו דעם לעבן מיינעם! — האָט געקרעכצט אַ פרוי, וואָס האָט געפירט אַ זעקל קוילן אויף אַ קינדער-וועגעלע. — נאָר מען שפּרינגט!

— עפּעס אַ משוגען לאַנד דאָס אַמעריקע. צום גוטן יאָר, — האָט געזאָגט אַ ייד, וואָס האָט געהאַט אַ פוטערנע באָרד, וואָס

איז אים אַרויף ביז אויף דער שפּיץ נאָז — „וואָס עפּעס — האָץ! מען שפּרינגט!"

— אַי-אַי! — געהרגעט זאָלן זיי ווערן! — האָט געזאָגט אַ שטיל מיט אַ שטיקל פּנים.

— ווער? — האָט געפרעגט אַ טוכן הימל.

— ווער עס וויל... אַז מען דערלאָזט, צו אַ קאַרפּענטערקע...

— און ווו איז איר מאַן, דער קאַרפּענטער?

— מסתּמא איז ער שוין פון די שיינע מענדעלעך!

— פאַרברענט און פאַרשרפעט זאָל ווערן אַמעריקע.

— ווען וועט זיין די לויה?

— די לויה... איז שוין געווען?

— וואָס הייסט שוין געווען? — זאָגט דער ייד מיט דער פוטערנער באָרד — חברה-קדישה זענען געשטאַנען אין דרויסן און געוואַרט, זי זאָל אַראָפּשפּרינגען. זי איז דאָך ערשט אַראָפּגעשפּרונגען.

— אַ שיינער ערשט, — ענטפערט די פרוי, וואָס פירט די קוילן אויף אַ קוילן-וועגעלע — יענע איז שוין טויט אַ שעה...

— וואָס-זשע שטייט איר און קוקט?

— וואָס שטייט א י ר און קוקט?

— איך קוק, ווייל איר קוקט.

— און איך קוק, ווייל איר קוקט.

— בהמות! — ווערט די באָרד אויפגערעגט און הויבט אָן ציטערן. — שטעלן זיך אַוועק קוקן: וואָס? ווער? ווען?

— און איר שטייט נעבעך נישט? — ווערט די יידענע אין כּעס, און האַלט צו ס'זעקל קוילן ביים האַרץ, ס'זאָל זיך נישט אויפרעגן...

— שוטה!

— לעקיש!

אין אַ רגע אַרום איז געלעגן אויף דער ערד אַ צעשאָטן זעקל קוילן און אַן איבערגעקערטער ייד.

*

די עקספעדיציע האָט זיך פונדעסטוועגן נאָך נישט געענדיקט. מיר האָבן זיך נאָך אויפן וועג אַהיים אַריינגעכאַפּט אין אַ שדכנים-ביוראָ, און זיך געלאָזט רעדן... אויסגעצייכנטע שידוכים, ווי איר וועט מאָרגן גצוואָר ווערן.

# אין הייראַטס־ביורא

ס׳איז געווען פאַרנאַכט. א נייער שניי האָט זיך געאײַלט צו־צודעקן דעם אַלטן, ברודיקן שניי. ווי איינער, וואָס טוט אָן אַ ציכטיק נאַכט־העמד איבער זיין קויטיקער וועש און גייט זיך לייגן שלאָפן, אַרבעטער זענען געגאַנגען פון דער אַרבעט. בלע־כענע קעסעלעך האָבן אַפּגעשטעקט פון די רעכטע אַרבל, ווי יעדער פון די מענטשן וואָלט געהאַט איין מעטאַלענע האַנט, מיט אַ בלעכענעם שטאָפּעק דאָרט, ווו די פינגער־צווייגעלעך דאַרפן זיין.

גראָפּער האָט „געבענקט אַהיים", צו זיינע אָנגעפּאַרבטע מיידלעך, וואָס שלאָפן אויף האַרטער לייוונט, און בעטן נישט קיין עסן און קאָסטן נישט קיין געלט. פאַרקערט, מען קאָן זיי נאָך אַמאָל פאַרקויפן צו — — כבוד, און... (מאַכט ער) ווייל איז צו דעם, וואָס הענגט אויף מיי:ע מיידלעך אויף דער וואַנט. מען קאָן זיי, מאַכט ער, אַפילו איבערקערן מיטן קאָפּ אַראָפּ. זיי וועלן גאָרנישט זאָגן. זיי זענען, מאַכט ער, טייערע מיידלעך, ווי... אולטראַמאַרין, כאָטש זיי זענען נישט אינגאַנצן אומשולדיק. דו געדענקסט, זאָגט ער, דאָס בלאָנדע מיידל מיינס, וואָס זיצט אַ נאַקעטע אויף אַ ברענענדיקן אויוון? זי איז מיר נעכטן באַנאַכט געקומען צו חלום און מיך געשאָלטן, פאַרוואָס איך פאַרשעם זי, און פאַרוואָס איך לאָז נישט דעם אָפּגלאַנץ פונם פייער אַ לויכט טון אויף איר פנים, אַנשטאָט — —

ס'איז אונטערגעקומען א וועגעלע מיט הייסע קאַשטאַנעך און געבראָטענע פּי-ניסלעך („פּינאַטס"). סקוימנדל פון דעם „בראָטער" האָט פריילעך געפייפט, גלייך די וועלט וואָלט געווען פול מיט לעקעך און בראָנפן. דער פירער פון דעם וועגעלע האָט אָנגעבויגן דעם קאָפּ און די אַקסלען און איז אַריין טיף אין דער צווערוכע אַריין, — מער האָבן מיר פון אים נישט געהערט.

„דו ווייסט", האָב איך נעזאָגט צו ג.ן, — „מיר וואָלטן זיך געדאַרפט געזעגענען מיט די אַלע מענטשן, וואָס גייען דאָ פאַרביי. „ווער ווייסט", זאָג איך, „צי מיר וועלן זיי נאָך אַמאָל זען?"

ג. האָט טאַקע גלייך אָפּגעשטעלט אַ פּאָר פרעמדע מענטשן און זיי געזאָגט „גודבאַי". זיי האָבן אים אָנגעקוקט, ווי משוגע. איינער, מיט אַ בייזער, בלאָער נאָז, האָט אים אַפילו געסטראַשעט מיט פּעטש.

מיר האָבן זיך קוים אַרויסגעדרייט און אַרויף אויף אַ סטויב („סטופּ") פון עפּעס אַ טענעמענט-הויז, געבליבן שטיין, געקייט ראָזשינקעס (מיר רירן זיך קיינמאָל נישט אַרויס אויף אונזערע עקספּעדיציעס אָן אַ פּעקל ראָזשינקעס!) און נישט געוווּסט, וואָס ווייטער צו טון.

דערווייל, ווי מיר שטייען אַזוי און קייען ראָזשינקעס, באַווייזט זיך אַ ייד מיט לעפּישע וואָנצעס און מיט אַ פּנים, וואָס דערמאָנט אָן איינעם, וואָס האָט איינגעשלונגען אַ רויע לימענע.

— נאַט היר — מאַכט ער, — פּליז, גראַד-היר... דיז איז פּאַר דזשוס.

— אַים אַ דזשו! — מאַכט ג., כאָטש ער ווייסט נאָך דערווייל נישט וועגן וואָס עס האַנדלט זיך.

— יו דזשויש? — מאַכט דער ייד מיט אַ ניגון פון הבדלה,— דאָנטעלמי, רילי? יומיניט? לאָמיר הערן, מאַכט ער, רעדט יידיש!

— איך דיך גלייך זייער, ווייל דו אַ שיינער ביסט — מאַכט ג. — מיטאָגע שפּאַס, מאַכט ער, דו ביסט דער קאַצס מיאַו...

— אויב אַזוי, — מאַכט דער ייד — זענען זע דאָך יידן. טאָ זאָגן-זשע זע מיר, וואָס זוכן זע? דאָ הינע, מאַכט ער, אין אַ הייראַץ-ביוראָ... אַ מאָדערנע שידוכים-אָפיס. ווייסענזע... נישט

פון די אַלט־מאָדישע שאַדכונים... באַגינען, מײַנט ער, איז אַ קלוב, וווּ הייראַצפּייאיקע מענער אין פרויען קומען זיך צונויף באַקענען, וויסענזשע. אַדמישן איז צען סענט. זעמיזן אַרויסנעמען אַ קאַרט. זײַנען זע פּילײַכט דיזעלבע לײַטע, וואָס זענען דאָ געווען ווענישעק און געזוכט אַן אַלמנה?

איך האָב אַ שטורקע געטון גראָפּערן, ער זאָל זאָגן, אַז „יאָ“.

— זויב אַזוי, — מאַכט דער ייד — געדענקאַכדאָכענען! עץ זענץ די צוויי דאָקטוירים פון בראָנזוויל, איזוואָר?

— כהאָב געשאָקלט סיי מיט מײַן קאָפּ, סיי (הינטענאַרומערט) ניט ג.ס.

„לאָמיר זען, — מאַכט דער ייד און נעמט זיך אָן ביים שפּיץ קינבאַק, ווי ביי אַ באָרד, וואָס מ׳קלויבט זיך זי צו נעמען אין מויל אַריין — זי (ער ווייזט אויף מיר) זענען פאַראינטערעסירט אין אַ... אַלמנה, צי אין אַ סינגלפרוי?

איך האָב אים געזאָגט, אַז ס׳איז קיין חילוק נישט, צי אַ סינגל פרוי צי אַן אַלמנה, אַבי גאָט זאָל העלפן, זאָג איך, זי זאָל מיר געפעלן.

— כאָפּצוגאָט! — האָט געזאָגט דער ייד. און מיט מיר איז ער שוין כמעט געווען פאַרטיק. „נו און דער יונגערמאַן איז אויך אַ סינגלמאַן?“ האָט ער אָנגעוויזן אויף ג.ס נאָז, וואָס איז (צוליב דער קעלט אַפּנים) געווען מיט היפּשע עטלעכע יאָר עלטער פון אים).

— איך? — האָט געזאָגט ג. — איך בין מער סינגל פון אים (ער ווייזט אויף מיר — דער שורקע!) מיטאָנאַ שפּאַס“, מאַכט ער, „איך בין פאַרהייראַט בלויז אַלאַ קאַרט“...

— סיפּאָז... — מאַכט דער ייד און האַלט זיך ווידער ביים שפּיץ קינבאַק און הערט שוין נישט, וואָס מ׳רעדט צו אים, — סיפּאָז, אַז איר גלייכט נישט קיין דיקע, צי יאָ? וויסענזשע, מאַכט ער, ס׳איז קומיש, אָבער ס׳רוב דאָקטוירים גלייכן דווקא פעטע נישט קיין קיי־און־שפּיי, ווי די הייטקע סינגל מיידלעך. האַ, וואָס זאָגענזשע?

— פעטע! — האָב איך מיך אַרויסגעכאַפּט.

— אויב אַזוי-זשע, — מאַכט דער ייד, קומטשע אַריין אינעווייניק.

*

אינעווייניק.

אַ ליידיקלעך, לאַנג צימער, מיט אַ סך אויפשריפטן אויף די ווענט, מען זאָל נישט שפייען און זיך האַלטן אַנשטענדיק. עס שפּילט אַ פּיאַנאָלע. יונגע, אָנגעשמירטע מיידלעך קרימען אויס די פּיס, און דריגען מיט זיי, ווי זיי וואָלטן איינמאָל פאַר אַלע-מאָל ווען פּטור ווערן פון די פיס. קורץ-פּאותדיקע בחורימלעך, מיט צוגעקלעפּטע, וואַזעלין-אָנגעגלאַנצטע האָר, דריגען אויך מיט די פּיס, די קנעפּלעך אויף זייערע יונגע הויזן זענען ענג, נאָר צום פּלאַצן.

עס איז אַזוי — נאַריש-טרויריק.

אַזוי אומזיניק-אומעטיק.

עס דרייט זיך אַרום אַ ייד אין אַ זיידענער יאַרמולקעלע, רעדט שטיל צו די יינגלעך און די מיידלעך, שטעלט פּאָר, פּאָרט צונויף, דרייט זיך אַוועק און האַלט ביידע הענט צונויפגעלייגט אויפן בויך — דער בויך זאָל נישט אויסזאָגן.

אַז דער „זיידענער" ייד האָט אונז דערזען, האָט ער זיך אַזש דערלאַנגט אַ צאַפּל, אַ זאָג געטון: „שלום-עליכם, האַד-יודו, פּליסטומיטשע" און אונז געפרעגט, צי מיר זענען די צוויי דאָקטוירים פון בראָנזוויל.

דער אַנדערער ייד האָט אים — פון אַ זייט — געוויזן מיט אַ פינגער ביים מויל, ער זאָל נישט דערטשעפּען... און אין דער הויך האָט ער געזאָגט: „ס'אָלרייט, לאָזט די דזשענטל-לייט צו מיר, ר' מענאַשע".

— טשעקן! — האָט געזאָגט דער ייד נומער איינס און ביי מיר גענומען אַראָפּציען דעם מאַנטל.

איך האָב אים געזאָגט, אַז איך וויל נישט „טשעקן". איך וויל צוערשט אַ קוק טון אויף מיין... שידוך.

— שידוך, — האָט איבערגעזאָגט דער ייד און זיך ווידער גענומען צו דער שפּיץ מאָרדע — אייגנטלעך, מאַכט ער, האָבן מיר פאַר אייך עטלעכע פּאַסיקע פּ־ויען, נאָר צו „פּאַריוון" געזונטערהייט. נאָר איך פאַרשטיי דאָך, מאַכט ער, אַז איר זוכט די אמתע וואַרע, ס'זאָל זיין אי, ווי מ'זאָגט, אין בעט אַריין, אי אין קעשענע אַריין... שאַ — האָט ער זיך אַ ווענד געטון צום „זיידענעם ייד" — ווי וואָלט זיין, מ'זאָל די לייטע צונויפפירן מיט דעם שאַינעם מיסעכל פון האַרלעם? איר ווייסט וועמען איך מיין? די מיטן חן-גריבעלע און מיט אַן אייגענעם „סטייבל"? זי איז זייער אַ פיין אַלמונעלע, — ווער מיר גוטס גינט.

ער האָט זיך אַ קנאַקנדיקן קוש געטון אין די אייגענע שפּיץ-פינגער און זיי אויפגעהויבן אינדערהויך.

— נו, און איך? — האָט געפרעגט ג.

— פאַר אייך — האָט געזאָגט דער ייד — האָב איך אַ מאַידעלע עי-וואָן, נישט קיין יוראָפּישע, נאָר טאַקע אַ געבוירענע לעידי, עי נאָמבער וואָן. ער האָט זיך ווידער אַ קוש געטון אין די שפּיץ-פינגער און צוגעגעבן אַ פריילעכער:

— ס'עט זיין טשוקעדיק און טשאַקעדיק!.. — איר ווילט לאָזן אַ „דעפּאזיט"?

איך האָב נישט פאַרשטאַנען, וואָס ער מיינט.

— איר פ'שטאַיט, — מאַכט ער — יעדער דזשענטלמאַן, וואָס מאַכט אַן אַפּאָינטמענט מיט אַ „לעידי", דורך אונזער אָפיס, מוז לאָזן פינף דאָלאַר „דעפּאזיט", פאַר עקספּענצעס, וויסענזע? מ'דאַרף צופאָרן נאָך דער לעידי, זי ברענגען ס'אַן עקספּענץ! ניש מער: אַז גאָט העלפט, אַז מ'פירט אויס דעם שידוך, ווערט עס אַראָפּגערעכנט.

— מיר'ן שוין גיין! — האָב איך געזאָגט צו ג.ן און אַ קרעכץ געטון.

— וועלל... אָלרייט... איז אַן אַנדערש מאָל. אַיסופאָז... איר'ט קומען אַן אַנדערש מאָל... „טשעקן" די קליידער ווילט

איך נישט? — טאָ גייט-זשע אַרויס דורך דער טשעק-רום... ס'איז בענטער.

מיר זענען אַריין אין „גאַרדעראָב", ווי מ'האָט אונז געהייסן, אַ דאַמע האָט אונז איבערגענומען, געפרעגט צי מיר גלייכן דאָס „פּלעיס", מיר אויסגעשטרעקט די האַנט צו באַגריסן, און בעת איך האָב איר געגעבן מיין האַנט, האָט זי מיר מיטן מ'טלסטן פינגערל אַ קיצל געטון אין דער דלאָניע, זיך צעלאַכט מיט הלבנע ציין און אונז אָנגעקוקט תמעוואַטע.

— יו אַר אַרעסטער! — האָט געזאָגט ג. און זי ביי זלעך אָנגעכאַפּט ביים אָרעם.

די דאַמע האָט זיך שיר צעוויינט, זיך גענומען בעטן, מיר זאָלן זי „באַפרייען".

— געדענקט-זשע, האָב איך איר געזאָגט אויף דעטעקטיוו-לשון, ס'ערשטע מאָל שענקען מיר אייך, אָבער ס'צווייטע מאָל, אַז מיר'ן כאַפּן, אַז איר קיצלט אין דער דלאָניע, וועט זיך טון חושך...

*

אין דרויסן האָבן מיר ביידע אויסגעשפּיגן, אָנגערוקט די קאַשקעטן און... זיך געשעמט צו קוקן דעם וועטער אין די אויגן אַריין.

# פּרעמדע הויטן

ווידער אַ שפּאַציר.

דאָס מאָל איבער אַ שאָפּ פון פוטערוואַרג.

איך גיי, ווי שטענדיק, מיט דעם פאַרשלאָפענעם ג. היינטיקס מאָל נעם איך נאָך מיט קאָטלערן אויך. זאַלבעדריט איז די צרה אַ דריטל, דער נחת אַ דרייפאַכער.

*

אַ וואַלד מיט בוימער. אינמיטן וואַלד, בײַ אַ שטעפּמאַשין — אַ בער אין אַ יאַרמולקע, אַ פוקס אין אַ לייבסערדאַק, אַ מאַרדער אין ברילן.

דער טכויר זיצט בײַ אַ מאַשין און שטעפּט צונויף די אָפּגעלופּעטע הויט פון אַ פוילישן מלמד. די הויט איז זייער אַ פיינע. וועט זיין אַ גוט פוטערל פאַרן רייכן ים־פערד. דער קאָלנער וועט זיין באַפּוצט מיט דער הויט פון אַ יונג כלה־מיידל. דער צושניידער (דער פּיפּערנאָטער) שניידט ןפונאַנדער די הויט אין דינע לאָקשן, נייט זיי צונויף מיט קליינע שטעפּ... דער נאגלער קלאַפּט זי אַרויף מיט טשוועקלעך. ציט זי אויס, ווי ווייט ער קאָן. דערנאָך קלאַפּט מען זי אויס. מען פּרעסט זי... מ'לאָזט זי דורך אַזאַ קיילעכדיקן מאַשין־צילינדער, ווי אַ הייך־אויוון, וואָס רייניקט אויס דעם שטויב. די ים־פערדיכע נעמט אַרויס פון קעשענע 1200 דאָלאַר, באַצאָלט דערפאַר,

טוט עס אָן, מען ווינטשט איר מזל-טוב, מיט מזל זאָל מען לעבן.

*

ניין. ס'איז נישט קיין וואַלד. ס'איז אַ שאָפּ, אַ שעפּל. ביי די שטעפּ-מאַשינען זיצן מענטשן, נייען פּאַר מענטשן פרעמדע הויטן... די אייגענע הויט איז אַ וויסטער בזיון, פּע, וועלכע אַנשטענדיקע פרוי וועט עס גיין זיך באַרימען, אַז זי האָט אַן אייגענע הויט? אַלע פאַרשמאָדערטע קבצנים האָבן אייגענע הויטן. אַ קונץ איז זיך אָנטון די פעל פון אַ טכויר, זדער פון אַ פּערסישע שאָף...

*

דער באַלעבאָס פון שאָפּ זיצט (האַלב-פּאָרנדיק) אויף אַ בענקל און שניידט פעל מיט אַ נאַקעט קלינגל פון אַ מעסער. עס דאַכט זיך: דאָ איז אַלצדינג נאַקעט. אַפילו די בלויע אויגן פונם ברויט-געבער, אַפילו די געצייג.

דער באַלעבאָס: אַמאָל געווען, זאָגט מען, אַ שטיקל סאָציאַל-דעמאָקראַט, זיך באַוועגט קיילעכדיק, קיילעכדיק, קיילעכדיק. ביז ער איז אַליין היפּש-קיילעכדיק געוואָרן. הויט-שינדן באַצאָלט זיך, אַפּנים, בעסער ווי צו זיין אַן אידעאַליסט...

שינדן פעל דאַרף מען קאָנען. מען דאַרף צוערשט קאָנען „טראַפּן" (פאַנגען), גיין איבער די וועלדער, שטעלן ס'לעבן אין געפאַר.

סאָציאַל-דעמאָקראַטן טוען עס נישט. זיי לאָזן אַנדערע פאַנגען, שינדן. אַליין איבט מען זיך אויף אויסציען די פעל...

דער קרוין-פּרינץ פון שאָפּ, זאָגט מען מיר, איז אַ מייסטער אויף אויסציען. ער קאָן נעמען די פעל פון אַ מייזל און עס אַזוי אויסציען, אַז מען זאָל מיינען, אַז עס איז אַן עלפאַנט. גיט אים אַ פעל פון אַ פלוי, און ער וועט עס אייך אַזוי קונציק אויסציען, אַז עס וועט ווערן דערפון אַ טוליפּל,

און כע וועט נאָך בלײַבן אַ שטיק אויף אַ שטריימל (פּלויענע שטריימלעך זענען זייער אין דער מאָדע...)

*

די מאַשינען זינגען. דער שטויב פון די אויסגעקלאַפּטע פעל פאַרנעפּלט דאָס געאַנג. עס וויינען חיות און מענטשן. עס וויינט דער אומזין פונם וועלט-באַשאַף, דאָס רשעות פון אַ טאַטן, וואָס רייצט אָן איין קינד אויף ס'אַנדערע, זיי זאָלן זיך קעגנזייטיק אויפעסן...

*

קאָטלער שטייט ווי אַ רעקרוט. אויסגעשטייפט. די נייע בלאָנדע וואָנצעס, וואָס ער האָדעוועט, פילן זיך היימיש צווישן די געלע פעלן, ווילן פון זיין ליפּ אַראָפּשפּרינגען, אָנכאַפּן אַ פיקסנעקל ביי דער האַנט און אַ געשריי טון: „ברודער מיינער! געקוילעטער ברודער מיינער! איך האָב זייער אַ גוטע היים... מ'פּאַסט אויף מיר זייער גוט אויף, אָבער ווער ווייסט, וואָס מאָרגן וועט פון מיר זיין".

קאָטלערס יונגע וואָנצן קוקן אַרויף צו זיינע טאָטערשע אויגן און זעען דעם חלף אויפן האַלז...

קאָטלער דערקענט דעם באַלעבאָס פונם שאָפּ. דער אויפשריפט אויפן פענסטער איז זיינער. ס'איז אַביסל קרום. ער האָט געהאַט צרות מיט אייגמאָנען ס'געלט פאַר זיין אַרבעט.

— ס'טייטש, פאַרוואָס קרום?

קאָטלער האָט זיך נישט פאַרלוירן.

— קרום? ס'איז בלויז פון דרויסן. אינעווייניק, אין זיך, זענען די בוכשטאַבן גלייך. פאַרקערט ווידער, אַז מען מאַכט זיי פון דרויסן גלייך, זענען זיי אינעווייניק קרום. וואָס איז דער חילוק?

אָ, דער נישט-צו-באַשרייבנדיקער קאָטלער!

*

איך דערמאָן מיך, וויאַזוי איך האָב מיך מיט אים דער־קענט. ס'איז געווען אויף מיין זומער־פּלאַץ. אַ יונ־טאָג. די עפּל שמעקן. די „מאָגידזשעס" זענען צייטיק. מיין קליינער זון שטייט אינדרויסן מיט אַ טעלערל זויערמליך און גיט די „געלע הינדלעך" צו עסן. (אָ, קינד מיינס! שפּעטער מיט אַ צוויי חדשים וועלן זיך די זעלבע הינדלעך דורכפּאָרן דורך די מענטשלעכע קישקעלעך, און דער מיסט־פירער וועט זיי אַוועק־נעמען אין אַ פעסל און עס וואַרפן אויפן פעלד. און עס וועלן בליען יולי־רויזן פאַר דיר, מיין קינד!)

איך שטיי ביים פענסטער און רויכער מיין דייטשע סטו־דענטן־ליולקע און טראַכט אַהין, אַהין, איבער אַלע בערג אַריבער. קריכט מיר אַריין אין אויג אַריין אַ לענגלעכער יונג, אויסגע־צויגן ווי אַ זעלנער, אָבער ער וויגט זיך אויף די היפטן, ווי אַ טיר, וואָס איז אַראָפּ פון די זאַוויעסעס.

ער טראָגט אַ פעקעלע אונטערן אָרעם: פאַרבן און פענזלען און בייגל!

ער זוכט אַרבעט. אפשר קאָן איך אים געבן אַ שטעל פאַר אַ קעלנער?

פריער האָט ער געאַרבעט אין קאמישאַ. אַ פיין שטעלעלע. מיט פיינע בערג. די מענטשן זענען אויך פיינע. דער „באָס" זיינער איז אויך געווען אַ פיינער. נאָר ער האָט נישט געוואָלט באַצאָלן. האָט ער אים (דעם באָס) אָנגעפּאַטשט. דערנאָך האָט ער זיך מיט אים פיין געזעגנט און אים געבעטן, ער זאָל אים טויזנט מאָל אַנטשולדיקן, וואָס ער (דער באָס) איז אַזאַ פיינער דבר־אחר, און ער האָט אים געמוזט פּאַטשן.

— נו, און „טיפּס", איר נעמט „טיפּס"?

— איך אַליין? נעווער! נאָר מיין קעשנקאַלע...

און ער צעקנעפּלט זיך און ווייזט אַ בלוי־וויס געקעסטלט

העמד. אויף ביידע בריסט-קעשענעס. אויף ביידע קעשענע-דעקלעך — לעכלעך, ווי אין אַ קינדערשער שפּאָר-קעסטל, און אַן אויפשריפט „טיפּס".

דער יונג איז מיר געפעלן. איך האָב אים געהייסן קומען צו דער אַרבעט א י ב ע ר א י אָ ר זומער.

ער איז געקומען!

*

דער געוועזענער סאָציאַל-דעמאָקראַט שניידט אַ האָניק-ברוין חיהלע. די פעל האָט אונטן אַ שטעמפּל „קאַלינסקי".

דאָס ווערן די חיהלעך אומישנע אַזוי געצוירן מיט אַ שטעמפּל אויף דער אונטערשטער הויט — מ'זאָל חלילה, ניעט מאַכן קיין טעות.

איך באַקען זיך אַ ביסל מיטן פּאַך-זשארגאָן. דער באַלע-באָס וויל, איך זאָל געדענקען, אַז „גראָצן" איז דער טייטש: דער גלאַנץ-פונקט אויף אַ פעל. די „דראָמינג-מאַשין" איז אויף צו מאַכן „זיידענע יונגעלייטלעך" פון פּראָסטע ווערוריקלעך.

*

דער חבר, וואָס פירט אונז, גיט אונז אַ ליטר מיט ציפערן:

דער פּאַך פאַרמאָגט 12,000 אַרבעטער. די „ביזי"-צייט איז זומער — אין די סאַמע היצן, ווען די זון וואָיעוועט, און דיר ווילט זיך אַרויפכאַפּן אויף די פּלייצעס אַ ביסל נאַסן ים, און אויף די אויגן אַ ביטל גרינס. די ערגסטע צרה (אומעטום איז דאָ צרות, אַפילו ביי אָרעמעלייט!) איז מיט די גריכן. די „פּאָריערס" ליידן פון זיי אָן אַ שיעור. זיי זענען אַ פרעמדער עלעמענט.

איך האָב אים געוואָלט אַרויפפאַלן אויפן אַקסל און זאָגן, אַז מיר יידישע קינסטלער פאַרשטייען זיין ביטער האַרץ. וואָרום מיר ליידן אויך פון די ג ר י כ ן...

אַ גוטער אַרבעטער פֿאַרדינט — ס׳מ׳ל אויך אַלע פּיקען־פֿאַנגערס און האָזן-טויטערס! אָבער ס׳איז פֿונדעסטוועגן בעסער ווי... אַרומצוגיין ליידיק. (קאָטלער האָט פֿאַרקערט, אַז אַרומגיין ליידיק איז אַ סך, אַ סך בעסער, ווי שלינגען בערן-שטויב!).

*

אינם זעלבן שאַפֿ אַרבעט אַ — וועגעטאַריער. ער עסט קיין פֿלייש נישט... (ס׳איז אַפֿילו אַ ספֿק, צי ער לאָזט זיך אַמאָל אויסוואַשן די וועש. ער איז קעגן מאָרד!) אָבער דאָ האָרעוועט ער געשמאַק. מיטן שווייס פֿון פּנים עסט ער — באָטוס מיט פּראָטוס...

די פּיקסלעך און די וועווריקלעך פֿליען אונטער זיין באָדל, אַזוי פֿלינק, ווי אַ רחמנות-געדאַנק.

ער מאַכט אַ לעבן!

*

ביים סוף פֿון אונזער שפּאַציר (גראָזער האָט זיך אוועקגעזעצט און איז אַנטשלאָפֿן געוואָרן. מיר האָבן אים אויפֿגעוועקט מיט אַן אויסגעשריי „אַ בער גייט!" און אים געגלעט די באַקן מיט אַ פּעלכל). האָט קאָטלער געפֿרעגט דעם באַלעבאָס, פֿאַרוואָס ער הענגט נישט אויף עפּעס אַ גוט אויל-בילד ביי זיך אין אָפֿיס. דער עקס-סאָציאַליסט האָט זיך צעשמייכלט אינאיינעם מיט זיין זעקס-פֿונטיקער דימענט-שפּילקע און געזאָגט:

— וואָס רעדט איר? ס׳איז נישט אין מאָדע! אַמאָל פֿלעגט׳ן אויפֿהענגען געשטאָפּטע הירשן, אָבער היינט דאַרפֿ׳ן שוין דאָס אויך נישט — ביזנעס זענען, דאַנקען גאָט, אָלרייט...

— פֿונדעסטוועגן עפּעס אַ גוטע פּיקטשע „געמאָלן פֿון ראַפֿולן" וואָלט נישט געשאַט. — האָט קאָטלער געזאָגט מיט אַ אַ גרינג הארץ, אַ דאגה אים!

די דימענט-שפּילקע האָט אַוועקגעגלאַנצט דידאָזיקע עצה,

זי געמאַכט צו גאָרנישט. האָט קאָטלער זיך געמאַכט תמעוואַטע און געפרעגט:

-- נוצט איר כאָטש דעם נייעם סאָרט צימאַווקא? איר דאַרפט עס נוצן...

דער דימענט-שפּילקעס טאַטע האָט געזאָגט:

— וואָס איז דאָס פאַר אַ צימאַווקא?

— צימאַווקא, — האָט קאָטלער געזאָגט מיט אַ מאַריאַנעטן-קול — ווייסט איר נישט וואָס דאָס איז? ס'איז אַזאַ וואַסערל, וואָס אַז מען שערט אָפּ אַ סויבעלנעם פעלץ און מען שמירט אָן דאָס אָפּגעשוירענע מיט דעם-אָ וואַסערל, וואַקסט באַלד אויף אַ נייער סויבל...

# בילדער פון פּאַסעיק

צוּדאי איז טרויעריק, ווען מענטשן אין אַ גינגאָלדן לאַנד שלאָגן זיך פאַר אַ גרעסער שטיקל ברויט. אָבער אויך אין סאַמע רעגן פון רויך פאַלט אַמאָל אַריין אַביסל זון, וואָס ליכטיקט-אויף.

מענטשן זענען מענטשן. דאָס איז זייער אַ סך!

דאָס ביסל האַרץ, וואָס אַ מענטש טראָגט מיט זיך, האָט שטענדיק זיינע קאַפּריזן. דאָס גרינגע געמיט זיצט אויף דער הוידאַלקע — קעגן אַלע וועלט-שוועריקייטן, קעגן אַלע סאָציאַלע מעסער-שטעכן.

*

נאָכדעם ווי איך האָב מיך אין פּאַסעיק אָנגעזען מיט דעם „טיפן אומגליק, וואָס פינסטערט אינם קעלער פון אַלע ווייטיקן", האָב איך אויך געזען אין פּאַסעיק, צווישן די סטרייקערישע טעקסטיל-אַרבעטער — אויפגעמונטערטע סצענעס, געהערט אַ סך לוסטיקע געשיכטן, וואָס זענען פון שטרייק אַרויסגעקומען.

דאָס מאָל איז עס געווען *) יונגער סלאָוואַק מיט איינגעפאַלענע שטשאָקעס — אַזוי [illegible]ף, אַז מ'האָט אויף יעדער באַק געקאָנט באַהאַלטן אַן עפּל.

ער איז איינער פון די פאַרב-אַרבעטער, וואָס מ'דאַרף

*) אַ פאַבריק-קוואַרטאַל אין ניו-יאָרק.

זיי מינטערן, זיי זאָלן אַוועקלייגן די געציייג. ער האָט בלויע, פֿאַרצעלייענע אויגן, ווי אַ ליאַלקע. זיין פּנים-הויט איז געל, ווי וואַקס. די ליפּן טונקל און דיק, מיט שיטערן בלוט אָנ-געיוירן.

ער איז אַ שטאַמלער. נישט נאָר מיטן מויל שטאַמלט ער, נאָר מיטן גאַנצן לייב... מיט די גרויסע אויגן, און מיט די שווערע, ברייטע פּיס מיט די כמעט-פֿאַרזשאַווערטע באָקעס.

איך נעם אים אַריין אין אַ „לאָנטש-וואָגן״, וואָס איז ווי... דער ציוניסטישער משיח: דאַכט זיך 4 רעדער גרייט אויף אַוועקצופֿאָרן. אָבער ס׳איז נאָר אַזאַ חנדל, אַן אָנשטעל. די רעדער זענען שוין לאַנג פֿאַרזשאַווערט. ניין, וואָס רעד איך? ס׳איז גאָר קיין רעדער נישטאָ! דער לאָנטש-וואָגן שטייט נאָר אויף פֿיר קלעצלעך. נאָר קיינער באַמערקט דאָס נישט. עס האָט די פֿאָרם פֿון אַ וואָגן — דאָס איז גענוג.

איך באַשטעל צוויי „הייסע הינט״, צוויי שווערע שאָלן מיט ביטערס- און-ברוינס. מיר שמ״רן מיט אַזוינע פּיצלעך לאָפּעטקעלעך דעם זעניפּט אויף די וואַרעמע לענגלעכע זעמעלעך, ווי די בידנע וווּרשטלעך זוכן אַן אָרט זיך צו ראַטעווען, און מיר רעדן (מער-ווייניקער אויף ענגליש) וועגנ׳ם שטרייק און וועגן... וווּרשטלעך, און וועגן די צמאָליקע יאָרן, ווען מ׳האָט נאָך געקאָנט אַראָפּלויפֿן מיט אַ ליידיקער בלעכענער כּלי, און זי אַרויפֿברענגען אַ פֿולע... מיט שוים...

דער יונגער סלאָוואַק האָט זיך שוין איינגעשמירט די וואָנסעס מיט דעם געל-פֿעפֿערדיקן „שמיראָכץ״, אָבער עס מאַכט נישט אויס. ער לעקט עס אָפּ, מיט אַזאַ אַפּעטיט, ווי ער וואָלט וועלן איינשלינגען די וואָנסעס אויך. ער האַלט דאָס שווערע, מאָדנע קאַווע-טעפּל ביי ביידע אויערלעך (עס האָט צוויי אויערלעך!) און די פֿאַרצעלייענע אויגן ווייסן גאָרנישט, וואָס סע טוט זיך ביי אים אַפֿילו אונטער דער נאָז.

— „חברל״, זאָג איך צו אים, אַז ער האָט שוין אַ

ביסל באַרויקט זיין אַפּעטיט, „פֿאַרוואָס ווי׳סטו נישט אַרויס-גיין שטרייקן?״

ער ענטפֿערט פֿראָסט און ערלעך:

— איך קאָן נישט!

— פֿאַרוואָס קאָנסטו נישט, חבֿרל?

— ווייל אַזוי.

— פֿאַרוואָס „ווייל אַזוי״?

— ווייל... פֿאַרשטייסטע, איך ק אָ ן נישט... איך ה אָ ב נ י ש ט מ י ט וו אָ ס...

ער צעשטאַמלט זיך, רויטיקט זיך, אָבער די אויגן זיינע ווייסן נאָך אַלץ פֿון גאָרנישט. אויסגעפּוצטע, פֿאָרצאַפּלטע אויגן, וואָס קערן זיך מיט קיינעם נישט אָן.

— זאָג, ברודערל, וואָס קוועטשט דיך? שעם זיך נישט!

— ס׳איז אַזוי, פֿריינטל: איך קאָן נישט שטרייקן, ווייל איך האָב נישט קיין נייעם „כוט״ (אַנצוג) און קיין גאָלדענעם זייגער...

הכּלל, וואָס לאָזט זיך אויס פֿון אַלע זיינע סקריפּענדיקע רייד? עס לאָזט זיך אויס, אַז ביי אים איז „שטרייק״ עפּעס אַזאַ מין יום-טובֿ, וואָס מען גייט אויף פּאַראַד... אַ מין אַמע-ריקאַנישע חגא... נאָר אַזוי ווי ער האָט קיין נייעם קאָסטיום נישט און קיין זייגער נישט, קאָן ער נישט „מיט-מאַכן״...

איך פּרוּוו אים געבן צו פֿאַרשטיין, אַז שטרייק איז... מלחמה, זעלנער שלאָגן זיך — נישט מיט אַנדערע זעלנער, (ווייל אַלע זעלנער זענען גלייך אויף צרות) נאָר מיט די ס אַ מ ע גענעראַלן... מען וויל ביי זיי צונעמען די עפּאָלעטן, מיט די גאָלדענע שווערדן, און זיי שיקן אין שלאַכט אַריין, גלייך מיט אַלעמען...

דער סלאָוואַק צעשמייכלט זיך מיט די פֿאָרצאַפּלטע אויגן, גיט מיר אַ פֿעסטן קלאַפּ אויף דער פּלייצע און זאָגט:

— פֿריינטל, ס׳איז אומזיסטע רייד. ביז איך וועל מיר נישט קאָנען איינשאַפֿן אַ נייעם „סוט״, מיט אַ גאָלדענעם זייגער, וועל איך נישט שטרייקן. איך וויל נישט, מאַכט ער,

מען זאָל פון מיר חוזק-מאַכן. מילא, אין אַ פּראָסטן זונטיק, מאַכט ער, איז געגוג ווי איך גיי... אָבער אויף אַ שטרייק, מאַכט ער. אַז מען קאָן זיך נישט אָנטון ווי סע דאַרף צו זיין, איז שוין בעסער ג אָ ר נ י ש ט...

*

איך בין אַריין אין אַ געוועלבל פון נאַפט און חזיר, און צוקערקעס און שרייב-געצייג — אַ היימיש-פּוילישע קראָם פון „מיעשאַניך טאָוואַראָוו".

עטלעכע פרויען זענען געשטאַנען און געהאַנדלט, און זיך געדונגען, און בשעת מעשה גערעדט פון — אייגענע צרות.

אַן עלטערע, ברייטע פרוי מיט עטלעכע שטאָק גוידערס, וואָס האָט געשלעפּט זויערקרויט פון אַ פעסעלע אַרויס, און אַזוי ביסלעכווייז פאַרזוכט (לויט מיין שאַצן) אַרום אָנדערהאַלבן קוואָרט קרויט, האָט זיך באַקלאָגט, אַז דער „שטרייק" וועט איבערבייטן דעם „סיזן", און זי וועט נישט קאָנען אַוועקפאָרן היינטיקן אָסיען צו איר זון אין קליוולאַנד.

איך האָב געפרעגט בא דער גוידערדיקער פרוי, וואָס האָט נאָך אַלץ געגעסן זויער-קרויט:

— איר זענט אַ וועבערן?

— ניין, — האָט זי געענטפערט, איך בין אַן אַקושאָרקע... אַ האַלבע שטאָט מיט פאַסעיקער קינדער האָב איך איינע אַליין „מיט אָט-די צוויי הענט" (זי האָט געוויזן צוויי רויטע הענט, וואָס זענען געווען באַליכטן מיט שטראַלן פון ווייסן קרויט), מיט אָט-די צוויי הענט האָב איך אָפּגענומען האַלב פאַסעיק מיט קינדער...

איך האָב געהוידעט מיטן קאָפּ. עס האָט געזאָלט הייסן, אַז איך באַוווּנדער זי.

„זאָגט-זשע מיר, איך בעט אייך", האָב איך געזאָגט, און אַליין שיר אַריינגעשטופּט די האַנט אין פעסעלע מיט קרויט, „ווי אַזוי וועט דער שטרייק מאַכן אייך אָפּהאַלטן פון פאָרן צו

אייער זון — קומענדיקן אָסיען?... דענקט איר דען,‟ זאָג איך, „אַז דער שטרייק וועט זיך פאַרציען ביז הערבסט?‟

— „ניין‟. מאַכט די אָקושערקע, „חלילה. זאָל קריסטוס אָפּהיטן. אָבער ס׳איז אַן אַנדערע זאַך...‟

— וואָס אַ שטייגער?

די גוידערדיקע פרוי קוקט אויף מיר... וויל זיך באַצייגן, צי זי דאַרף מיר אויסזאָגן, צי נישט. איך קויף אַ פּאָר שאָקאָלאַדקעס, צעטייל עס צו די צוויי קליינע קינדער, וואָס שטייען לעבן מיר און פאַררייסן די אויגן צו מיין ברייטן קאַפּעליוש און דליבן זיך די נעזלעך. דאָס העלפט. די בריק צווישן מיר און דער אקושארקע שווימט שוין אויפן וואַסער... מיר זענען אייגענע מענטשן — פּאָליאַקן...

די הייב-אַם זעצט זיך אַוועק אויף אַ בענקל, ווישט זיך אָפּ ס׳מויל מיט איר רעכטער האַנט, און זי זאָגט:

— פאַרשטייט איר, לאַנדסמאַן? ביי אונז אין פּאַסעיק אַרבעטן כמעט אַלע פרויען אין די וועבערייען, גלייך מיט די מענער. נישט-מער: מען בייט זיך. אַז דער מאַן אַרבעט ביי טאָג, אַרבעט די פרוי ביינאַכט, און פאַרקערט. ווייל איינער דאַרף דאָך אויפּפּאַסן אויף דער שטוב און אָנגרייטן אַביסל געקעכץ... און אַרבעטן אַרבעט דאָ כמעט יעדער זיבן טעג אַ וואָך, ווייל מען קאָן נישט אויסקומען מיט די פאַרדינסטן. מוז מען צו יעדער וואָך צו-שטיקעווען נאָך אַ טאָג „אָווערטיים‟. וועט איר דאָך פרעגן, לאַנדסמאַן, פון וואַנעט-זשע נעמען זיך די קינדער? (וואָרים קינדער האָבן די היגע וועבערס גענוג. יעדע פאַמיליע האָט אַ פינף-זעקס קינדער!) איז דער ענטפער: „קריסטמעס‟ און „ניו-יירס‟ (די „הייליקע-נאַכט‟ און ניי-יאָר)... אין יענע טעג אַרבעט מען נישט... קומען זיך די מענער צונויף מיט די ווייבער. דערפאַר קומט אויס באַ אונז אין פּאַסעיק, אַז כמעט אַלע ווייבער גייען צו-קינד אַרום דער לעצטער וואָך אין סעפּטעמבער... וואָס איז באַ אונז די קימפּעט-וואָך... פאַרשטייט זיך, איז אַמאָל דאָ זיבנטלעך אויך, אין אויגוסט. אָבער די הויפּט „ביזע‟ הויבט זיך אָן ביי אונז. הייבאַמס, ווי-

איך האָב אייך שוין געזאָגט, אַרום סוף סעפּטעמבער, אין אָק־טאָבער איז שוין שטיל... דעמאָלט פאָר איך געוויינטלעך אַוועק צו מיין זון, אין קליוולאַנד... ער איז דאָרט אַ דאָקטאָר... און רייך — אָי-אָי-אָי... (איך ווייס נישט, צי זי האָט מיך געוואָלט מיט דעם „אָי-אָי-אָי״ אַ שטאָך טון, ווייל זי האָט דערקענט, אַז איך בין אַ בן-ישראל, אָדער האָט זי אפשר אין זיך טאַקע אַסימילירט דעם יידישן אָי-אָי-אָי! באַמערקט: כמעט יעדער געשלאָ-גענער גוי איז אַ שטיקל ייד.) אָבער דער שטרייק... דער שטרייק (מאַכט זי) וועט איינגאַנצן צעדרייען דעם קימפּעט-חודש אין פּאַסעיק... איצט וועט מען מוז ליגן איינגעלייגט אין פּאַסעיק... וואָרן, אַז מענער אַרבעטן נישט ווייסט איר דאָך...

*

איך האָב מיך צעזעגנט מיט די ווייבער און מיט די צוויי פּאַסעיקער סוף-סעפּטעמבער קינדער, און בין אַוועק צוריק קיין ניו-יאָרק — טראַכטן וועגן די וווּנדער פון דער וועלט, און פון די מענטשן, וואָס פולן אָן די וועלט (ווי אַזוי עס זאָל נישט זיין!) מיט... נ אָ ך מענטשן.

# מיט די נעזער צו דער וואַנט

שאַ, איר האָט אַמאָל געפּרוווט שלאָפֿן — ווערטיקאַל? איך מיין: אַזוי־אָ שטייענדיקערהייט, ווי שלעפּערס שלאָפֿן אין דער בויערי — אין קאַלטע ווינטער־נעכט — לעבן קופּער יוניאָן?

איר ווייסט, ווו קופּער־יוניאָן איז? עס איז אויפֿן ברייטן סקווער. עס איז אַ טעמפּל פֿון בילדונג און וויסנשאַפֿט. איינער אַ מענטש קופּער (אַזוי רעכן איך) האָט איבערגעלאָזט אַ פֿונדאַציע אויף צו לערנען אָרעמע מענטשן אַלע חכמות פֿון דער וועלט. האָט מען דערפֿאַר אָפּגעגאָסן זיין פּרצוף־גוף אין בראָנז און אים אַנידערגעשטעלט אינדרויסן... בעת אינעווייניק אַרבעט דאָס פֿאַבריקל פֿון תורה־און־סחורה און געפּוצטע שטיוול. די געביי איז אַ פֿאַרנעם. פֿיל־טרעפּיק און סאָליד. אַ סך געבויגנטע סטעליעס, געוועלבטע אַרקן — און דער עיקר — טאַקע נאָכאַמאָל: אַריינגאַנג־טרעפּ און שיך־דעכלעך, פֿאַר דעם פֿאָדערהויז.

און דאָרטן טאַקע, ביי דעם אַריינגאַנג אויף דעם געמויערטן פּלאַסט, אונטערן דאַך, שטייען אין די לויזיקע, קאַלטע (אָדער רעגנדיקע) נעכט די „באָמערס" און שלאָפֿן שטייענדיקערהייט, — מיט די נעז צו דער וואַנט — מ'זאָל קאָנען בעסער דעם אָטעם כאַפּן — שטייט מען אַזוי אָפּ אַ נאַכט און — מ'שלאָפֿט

און מע פלאָנטערט זיך (שטעל איך מיר פאָר) אין די נעפּלדיקע, װאַרעמע חלומות, װי אין אױסגעטראַכטער קאַשע-מיט-שמאַלץ.—

*

נו, גאָט, גיב אַ קוק און זע: דו האָסט אַ מענטש באַשאַפן או... װילסט ער זאָל פאַר דיר לעבן א ו מ ז י ס ט... פאַרלאַנגסטו נאָך ער זאָל פאַר דיר שלאָפן שטײענדיקערהײט א ו י ך!

און דו, פילאַנטראָפּישע נשמה פון פעטער קופער: שעפּסט פעטלעך מיט נחת דערפון, װאָס דײַן „קופערנע יוניע" איז אַ מיל, װאָס מאָלט חכמה און װיסנשאַפט — אױף גרינגער און בעסער צו מאַכן ס'לעבן פון די מענטשן, בעת דיזעלבע מענטשן, װעמענס לעבן דאַרף פאַרבעסערט-װערן, שטײען מיט די נעז צו די װענט פון דײַנע געבײַדעס, און שלאָפן... ערגער װי הינער, בידנער װי די חזירים, עלנטער װי... מתים?

עס איז געקומען צו רײד. — מײַן ליבער הער גאָט, און מײַן ליבער פעטער קופער — עס איז געקומען צו רײד קעגן... גאָרנישט-און-אַלגעמײַן, און — קעגן דעם פּיפּיקן סדר פון דער װעלט, װאָס טשעסטערטאָן און דר. א. גינזבורג האָבן מורא איבערצומאַכן...

*

„דער מענטש", זאָגט דר. א. גינזבורג, „צײכנט זיך אױס פון אַלע חיות מיט דעם, װאָס ער ש ל אָ פ ט א ו י פ ן ר ו ק ן"... נו, גוט, גיט-זשע אים, מײַן ליבער דאָקטאָר, אַ מעגלעכקײט צו שלאָפן... האָריזאָנטאַל, װי דאָס לעבן און די נאָרמאַלע זינד פאָדערן. אָבער אַז אַ מענטש שלאָפט פון א ו י ב ן - א ר אָ פּ? אַז אַ מענטש האָט אַפילו נישט, װוּ אַװעקצולײגן זײַן טעגלעך ביסל טױט?

אָ, יעהאָװאַ מײַן לאַנצמאַן (איך בין כמעט זיכער, אַז גאָט איז אַ... גאַליציש-פּױלישער, אַנישט װאָלט ער נישט

אונטערגענומען צו פירן אַזאַ וועלט, מיט די הוילע 10 פינגער!) אָ יעהאָווא, ווען דו זאָלסט קאָנען רויט-ווערן, וואָלט די גאַנצע וועלט שטענדיק געווען באַלויכטן מיט... זון-אונטערגאַנג. (זיבן זונען וואָלטן שטענדיק אונטערגעגאַנגען, אונטערגעגאַנגען, אונטערגעגאַנגען! אויפגעגאַנגען וואָלטן בלויז לייכט-ליכטיקע בלאַסקייטן פון פאַרשמאַכטע לבנהס!)

*

און צו די „באָמערס”, וואָס שלאָפן מיט די נעז צו דער וואַנט, מיין הימל-געשריי: קינדער! איר זענט דאָך מענטשן, לעבעדיקע מענטשן, ווי שעמט איר זיך נישט אַזוי די געטער צו באַליידיקן? זענט איר שמאַטעס? זענט איר פליגן — וואָס שלאָפן אויף דער סטעליע — מיטן קאָפּ אַראָפּ (אַפילו אויף זיי רייסט מיר שטענדיק ס'האַרץ, איך האָב מורא, אַז זיי וועלן אַראָפּפאַלן!). מוטער-קינדער, מענטשן-זין! וואָס איז שענער: צי שטיין מיטן נאָז צו דער וואַנט, אָדער צי שטיין מיט דער נאָז צום... (ווי איר רופט עס אין די ביכלעך) לעבן, מיט ציין און מיט הענט אָנגעשאַרפט, מיט אויגן—אָנגעשפּאַרנט, מיט די פיס — גרייט די לאַנגווייליקע מיילן צו צעטרעטן. —

באַדענק דיך, דו אַרויסגעוואָרפענער.

דו, נאָך איינער און נאָך צען און נאָך טויזנט און נאָך אַ מיליאָן און נאָך אַ מיליאַס — אַלע קאַלטע נעז צום ווינט, צום שטורם...

ווערט אַ פייער ווערן, ווערט וואַרעמער ווערן. — —

צעריר זיך, דו מענטש מיטן-נאָז-צו-דער-וואַנט! פאַרשטעל דיר ס'מויל נישט. און פאַרשטעל דיר די אויגן נישט! די לויז פון אָרעמקייט איז איבער דיר, ווייל די האָסט נאָך אַ העמד אויף דיר, ווייל דו האָסט נאָך אַ שמאַטע אויף דיינע אַקסלען, וואַרף אַלץ אַראָפּ. נאַקעט טו דיך אויס און ווייז דיך, ווי דו ביסט מיט דיינע ברענענדיקע אינסטינקטן, מיט דיין הייסן ווילן צו לעבן, צו עסן, צו שלאָפן, צו ווייבן!

...וואַרף זיי דעם ערד-קוגל אין פּנים אַריין—די טריפהנע ערד-קוגל פרעסער!

פאָלג מ י ך!

סע וועט זיין שענער און לייטישער, ווי צו שטיין מיטן נאָז צו דער וואַנט-פון-וויסנשאַפט און... שלאָפן, און לאָזן די מיאוסע נאַכט טון איבער דיר איר... באַדערפעניש!

*

מיין פריינט דער בעקער (ד. ראָס, 1065 באָסטאָן ראָוד, ניו-יאָרק) שרייבט מיר מיט זיין קאָטשערע-לאָפּעטע-כתב אונ-געפער אַזוי:

פאַקטיש קערן מיר ביידע צו די שיין-שאַפער. איר שאַכט שיינע ליטעראַטער, איך שאַף שיינע ברויטן. איר דיכטעט לידער, איך דיכטע... לעכער אין אייער-בייגל

איך וויל אייך בעטן (שרייבט מיין פריינט דער בעקער), אַז ווען איר וועט גיין איבער די טעמנע-טענעמענט-הייזער, זאָלט איר נישט פאַרגעסן זיך אַריינכאַפּן צו אונז אין קעלער, ווו מען באַקט ברויט פאַר דער וועלט, און לעקעך פאַר — דער אונטערוועלט... פאַרגעסט אויך נישט מיטנעמען אייער „געטין”, זי זאָל דאָרטן אַ טאַפּ-טון אין דעם געמיש פון שטינ-קענדיקער לופט, היץ, שטויב און רויך, און פאַר אַ צוגאָב דער געשטאַנק פון טויטע און לעבעדיקע ראַצן.

...איצט וויל איך אייך זאָגן, ווי זיך צו באַוואָרענען קעגן די הונגעריקע ראַצן: אַז איר וועט דערזען, אַז אַ ראַץ שפּרינגט אייך אַנטקעגן, און וויל אייך אויסגריזשען די אויגן, זאָלט איר אַרויסנעמען אַן „אַמעריקן פלעג”, און אַ געשריי טון „ליבערטי”, וועט זיך דער ראַץ דערשרעקן און טראַכטן „אויב ליבערטי... איז דאָך נישטאָ וואָס צו רעדן... מען מעג שוין זיין הונגעריק אויך”...

בקיצור (שרייבט מיר מיין פריינט דער בעקער), איך בין אַ בעקער און באַק — דווקא עפּעס אַזוינס, וואָס געדויערט

ניט אייביק! אָבער, גלויבט מיר, אַז ווען איך זאָל וועלן וואָלט איך געקאָנט באַקן בראָנזענע ברויט אויך. דאָס וואָלט געדויערט אייביק, און עס וואָלט אַריינגעשטעלט מיין נאָמען אינם רייסטער פון... די קינסטלער, אָבער — עס וואָלט געווען אָכנוויי צו אייך, צו מיר, און צו דער אידיאָטישער וועלט.

פון דעם אַלעמען קאָנט איר פאַרשטיין, מיין ליבער משה נאַדיר, אַז איך בין גאַנץ ווייט פון צו זיין אַ בלינדער ליבהאָבער פון קימלדיקע ווערטער (געווען באַדאַרפט זאָגן: אייערע שרייבן דערמאָנט אָן אַ הונגעריקן וואָלף, וואָס נעמט-אָן אַ מויל מיט שפּינוועבס! — מ. נ.) און געבייגלטע געדאַנקען... און וואָס אָנבאַלאַנגט פונקען פייער — האָב איך עס אַ גאַנצן טאָג אין אויוון... די אויגן זענען מיר רויט דערפון. —

...הכלל, איך בין מיר אַ בעקער און איך באַק ברויט. איך האַלט מיך שטאָלץ מיט מיין פאַך. ווי איר מיט אייערן. איר וועט נישט אָפּלייקענען, אַז מיין קונסט (פון באַקן ציבעלע-פּלעצלעך) איז פונקט אַזוי וויכטיק פאַר דעם לעבן, ווי אייער קונסט צו פלעכטן קרענצלעך פון ציבעלע-שאָלעכץ. דעריבער זאָג איך: שלעפּט מיך נישט שטענדיק, מיין טייערער משה נאַדיר, אויף אייערע הויכע בערג אַרויף, ווו דער פייגער פּארנאס איז!.. קומט אַ ביסל אַרונטער צו מיר אין קעלער אַריין ווו די (ווי איר האָט זיך אַמאָל אויסגעדריקט) „חזירשע פּאַרנאַסע איז, האָט נישט קיין מורא, אַז איכ'ל אייך, חלילה, אויסשמירן דאָס סאַמעטענע רעקל אייערס, אָדער פאַרשוועכן דעם גלאַנץ פון אייערע שיך! נישקשה, איך רעד אייך אַ לייטישן שידוך: לאָמיר זיך ביידע נעמען. איך גיב 45 יאָר ציבעלע-פּלעצלעך נדן, און איר גיט... דאָס גוטע ביסל אויסגעטראַכטן בראָנפן, און לאָז זיין אין אַ גוטער שעה!

*

מיין ענטפער צום פּלעצל-בעקער: טייערער חבר, ס'איז נישט אמת, אַז אונזער ביידנס קונסט איז גלייך וויכטיק פאַר

דער וועלט — ניין. .א יי ע ר קונסט, ליבער חבר, איז אַ סך וויכטיקער. נישט מער, אַז איך (און מיינס גלייכן אַ ליידיקגייער, וואָס אַרבעט בלויז 19 מינוט אַ טאָג) וועט נישט ראַטשינען דאָס ביסל חלומות, וועט אויך א יי ע ר טייג אויפגיין אַ ביסל שווערער. אָן אונזער ביסל זויערקייט (און ביטערקייט) וואָלט אייער ברויט געווען צו זיס, צו „לעפּקע״, און איך ווייס נישט, צי סע וואָלט געווען האָבן דעם טעם, וואָס סע האָט איצט, ווען מיר שטייען איבער אייער דייזשע און זינגען אַהינצו אַריין אונזער ביסל האַרצוויייטיק.

מיין מומע חיה די בעקערין (ווענן איר: נאָך זעקס־זיבן ביכער!) פלעגט האָבן אַ טבע, אַז ווען דאָס טייג האט זיך נישט געהויבן, ווי סע קער צו זיין, פלעגט זי עס „אָפּשפּרעכן״... פון דער מומע חיה טאַקע, אונז צו לענגערע יאָר, האָב איך מיך אויסגעלערנט „אָפּשפּרעכן ברויט״ — עס מאַכן יערן, מיט געזאַנג און מיט טרערלעך.

און דאָס, וואָס איר זאָגט, מיין ליבער פלעצל־בעקער, אַז איך „שלעפּ די בעקערס אַרויף, אַנשטאָט צו גיין צו זיי אַראָפּ״, איז מיין ענטפער — אַ שטילער מאַך מיט דער האַנט, אַ פאַרוואָרף מיט איין לאַנגן פוס איבערן אַנדערן, און מיט דעם שטילן ציגאַר־פּאַפּירל־גערויש איבער קרוכלע זאַפראַן־פעדעם מיט עסטרייכישן טאַבאַק...

## „וואָס פרייען זיי זיך אַזוי, די שלעפּערס?"

„אין דער פרי שטיי איך אויף" – שרייבט מיר איינער, וואָס צייכנט זיך „אַ מיטל-קלאַסניק" – „און איך מאַך גימנאַסטישע איבונגען. איך שפּרינג און הויב שווערע געוויכטן, איך בויג זיך און ברעך זיך. און קאַטשע מיך אויפן דיל, כדי אָפּצונעמען אין געוויכט, און כדי נישט צו ליידן פון די מעטאַבאָלישע קראַנקהייטן, וואָס קומען מיט די מיטעלע יאָרן פון דעם מענטשן".

*

„אין די יונגע יאָרן – שרייבט מיר ווייטער דער מיטל-קלאַסניק – פלעג איך אַרבעטן ביי אַ שווערער אַרבעט אין אַ קאַווע-סקלאַד, אין אַ גאַס, וואָס הייסט „אָלד סליפּ". איך פלעג שלעפּן זעק און אָנלאָדן די וועגן. דער גערוך פון געברענטער קאַווע איז געווען אַ מחיה. די אַרבעט האָט איינגעמאַטערט און – געשאַפן אַפּעטיט, אַז איך פלעג אַהיים קומען ביינאַכט פון דער שווערער אַרבעט, פלעג איך פילן, אַז די נאַכט איז בענטשונג, און אַז דאָס מאָל אָפּרו איז אַ דערקוויקונג. דעמאָלט פלעג איך געשמאַק עסן, געשמאַק שלאָפן, געשמאַק ליב-האָבן. דעמאָלט איז די רו געווען אַ מחיצה צווישן דער אַרבעט, וואָס האָט געשטאַרקט אַלע אברים אין דעם שפּיל, וואָס האָט דערקוויקט. היינט – שרייבט דער מיטל-קלאַסניק – בין איך רייך,

האָב געלט אויף „מאַרטנעדזשעס", און פון די באַנוסן און די פּראָצענטער, וואָס איך באַקום, קאָן איך לעבן באַקוועם. אָבער מיינע כּוחות זשאַווערן אין מיר. מוז איך זיי אויסאיבן אויף... גימנאַסטישע איבונגען, מוז שפּרינגען און האַקען, און ציען די רינג-ספּרוזשינעס, און זיך קאַטשען אויפן דיל, כּדי אויסצופילן דער נאַטורס פאָדערונג נאָך אַ ר ב ע ט".

*

איך טראַכט אָפּט: פאַרוואָס האָבן מענטשן אַזוי פאַראומזיניקט דעם צוועק פון אַרבעט? אַרבעט איז דאָך זיכער נישט קיין קללה, נאָר אַ ברכה. די קלוגע שלאַנג האָט פאַרשטאַנען, אַז אָן אַרבעט וועט דעם מענטשנס לעבן זיין וויסט און לאַנגווייליק. די אַרבעט איז דער סאַלאַמאַנדער, וואָס עסט אויף אונזער צייט, כּדי מיר זאָלן נישט באַמערקן, אַז די צייט עסט אונז אויף.

גייט אַרויס, קינדער, און פּראָקלאַמירט די ברכה פון אַרבעט!

נישט: „מיר מוזן נעבעך אַרבעטן, און זיי גייען אַרום ליידיק", נאָר „מיר אַרבעטן, טראַ-לאַ-לאַ, און זיי גייען נעבעך אַרום ליידיק — די פאַרשאָלטענע, און ליידן פון קראַנקהייטן, און האָבן פאַרשימלט בלוט אונטער די זוימגעוועבן, און מוזן זיך קאַטשען אויפן דיל..."

די רייכע קאָמיקערס — די נאַראָנים!

די צייט, וואָס זיי פאַרשווענדן אויף דער נודנער אַרבעט פון לקחענען דאָס שטיקל ברויט און די פלאַש וויין, וואָס מיר האָבן פאַר זיי באַשאַפן, האָבן זיי דאָך געקאָנט פאַרשווענדן אויף טאָפּל-הנאה צו האָבן: פון ברויט מיט וויין, און פון דער פרייד, וואָס קומט מיט דעם שאַפן פון דעם ברויט-מיט-וויין!

די אָרעמע — רייכע!

כּוח איז, ווי אַלע אַנדערע מענטש-פאַרמעגנס — די ליבע, ווי דאָס געלט: נאָר נישט אויף אַוועקצוגעבן.

די פרייד פון כּוח ליגט אינם — אויסגעבן, אינם פאַרשווענדן,

די האַק, דאָס גראַב-אײַזן, די שוסטער-פּײַל, די נײַ-מאַשין, ווי נעמען-צו אונזערע כּוחות און קערן אונז אום פרישער און הייסער.

מיטן שמידן פונם גלי-אײַזן, שמיד איך אויס מײַן כּוח, מײַן געזונט, מײַן אַפּעטיט, מײַן ווילן צו לעבן! מיט שנײַדן קופּאָנעס, מיט גרויס-קלאַסיק-זײַן, מיט גאָרנישט טון — פאַרשימלט אין מיר מײַן לעבן, ווערט ווייך און אומנוציק מײַן רוקנשווערד, און איך דערוואַרב מיר מיט דעם ס'רעכט אויף — צו געניצן, אויף צו פגרן פון נודנעקייט.

*

איך בין אַנומעלטן געווען צו גאַסט בײַ אַ „זשענטלמאַן-פאַרמער". ער איז געגאַנגען אָנגעטון, ווי אין שטאָט, אין שוואַרצן אַנצוג, אין ווײַסן העמד, פליגל-קראַוואַט, געפּוצטע שיך. זײַן שטוב האָט וואַנעס, אַ שפּריץ-באָד, אַ ראַדיאָ, אַ טעלעפאָן, ער האָט דינער און דינסטן, און דינערס דינער, און דינסטנס דינסטן. ער האָט די שטאָט פאַרשלעפּט אַהער — אויפן באַרג אַרויף. זײַן ווײַס זײַדן העמד לאַכט, ווי אַ סקעלעטן-מויל, קעגן דאָס שוואַרץ פון דער רויער ערד, וואָס רינגלט אים אַרום. ער האָט די ווייכע ציוויליזאַציע פאַרנאַרט אַהער, ווו די האַרטע פּרימיטיווקייט ריטשעט איר געשריי — מיט די קראָעס אויף די ביימער, און מיט די ביקעס אין די שטאַלן. די אַרבעטער אַרום אים זענען פריש און געזונט. די פרייד פון אַרבעט איז אין זיי. דער ריטם פון נוצלעכקייט, זענען שטענדיק פאַרנומען, פאַריאָגט, אָנגעפּרישט מיט דעם אָטעם פונם רײַנעם דרויסן. פון דער גליענדיקער קעלט אין ווינטער און פון דער מחיהדיקער היץ אינם זומער. אָבער דער „זשענ-טעלמאַן פאַרמער" און זײַן געל-פּנימדיקע פרוי, און זײַנע קינ-דער, וואָס ליגן שטענדיק אין די שטעט און קומען בלויז „אַהיים", כּדי צו לאַכן פון דער ערד און שפּעטן פון אַרבעט, — אַלע זענען זיי אַזוינע אומעטיקע פלעקן אין דער שיינער שטוב,

אַזאַ פֿאַסקודנע מויזן־גרילץ אינעם ליכטיקן געשריי פֿון נוצלעכקייט.

*

דער „זשענטלמאַן־פֿאַרמער'' האָט מיך אַרומגעפֿירט איבער זיין פֿאַרם. מיר געוויזן דעם גרויסן סאָד מיט פֿלוימענבוימער, וואָס ער האָט פֿאַרפֿלאַנצט. „עס האָט מיר געדויערט'', האָט ער געזאָגט, „איבער צוויי יאָר, ביז איך האָב אויסגעקאָרעניעט די אַלטע, פֿאַרפֿוילטע בוימער. ס'איז געווען אַ גוואַלטיק שטיק אַרבעט. מיינע מענטשן האָבן געהאָרעוועט, ווי די עזלען. צעשאָסן די ערד מיט דינאַמיט. איינער פֿון די חברה האָט זיך נעבעך אויסגעשאָסן אַן אויג. אָבער איך האָב עס דורכגעבראָכן''...

דער דזשענטלמאַן־פֿאַרמער האָט אַ זיפֿץ געטון. גענומען אַראָפּציִען אַ געלע הענטשקע פֿון זיין לינקער האַנט, אויפֿגעהויבן פֿון דר'ערד אַן אַראָפּגעפֿאַלן צווייגל, דערמיט געשמיסן די לופֿט, און ווייטער גערעדט:

— אַ סך אַרבעט געווען דאָ, ליבער פֿריינט! איר האָט גאָר קיין באַגריף נישט, וואָסער ווילדערניש אָט־דאָס פּלאַץ איז געווען, ווען איך האָב עס אָפּגעקויפֿט. אַלע שכנים האָבן געלאַכט פֿון מיר, געזאָגט, אַז איך וועל דאָס נישט דורכברעכן. אָבער וואָס האָב איך געטון? איך האָב אַרויסגעשיקט אַ כאָפּטע אַרבעטער, מיט אַ פֿאָרמאַן... אין סאַמע ווינטער, אין די גרעסטע פֿרעסט... זענען זיי דאָרט געלעגן און געפּרווירן, און דינאַמיטירט, און געריסן די ערד מיט די ציין, און אויסגעגראָבן אַ ברונעם — איבער 140 פֿוס די טיף! אויסגערייניקט ס'וואַלד פֿון די פֿאַרפֿוילטע בוימער, פֿאַרפֿלאַנצט יונגע פֿלוימען... און, אַז איך בין אַרויסגעקומען אָנהויב זומער און אַ קוק געטון, ווי סע בליט און סע לעבט, און ווי ס'איז אויפֿגעבויט אַ גרויס הויז, מיט אַנדערע געביידעס, האָב איך געזאָגט צו זיך: „אמת, ס'האָט מיך געקאָסט אַ סך כּוחות, אָבער ס'איז ווערט געווען. איך האָב נישט געאַרבעט אומזיסט. קומט'', מאַכט ער און נעמט מיך אונטערן אָרעם, און פֿאַרקאַטשעט די „מאַנזשעטן''

פון די הויזן, ער זאָל זיך חלילה נישט איינשמירן אין דער בלאָטיקער ערד — „קומט ווער איר זען, וואָס איך האָב אויפֿגעטון מיט די אייגענע צען פינגער און מיט מיין שטאַרקן ווילן".

אפשר אַ האַלבע שעה האָט מיך דער זשענטלמאַן־פֿאַרמער אַרומגעשלעפּט איבער זיינע סעדער און פעלדער, וואָס זענען איצט געווען צעווייקט פון די שנייען און די רעגנס. אויף די בוימער זענען געזעסן מענטשן און געשניטן די פוילע צווייגן. אַנדערע האָבן געקאַלעכט די שטאַמען, נאָך אַנדערע האָבן זיך געפּאָרעט בײַ די טראַקטאָרס, אין די שטאַלן בײַ די בהמות, אין די הינער־הייזער, אין די פּאַשינקעס, ווו די בינען זענען. פון אומעטום האָט זיך געהערט געלעכטער און געזאַנג. אַז דער זייגער איז געוואָרן צוועלף, האָבן זיך די אַרבעטער פֿאַרזאַמלט אין שייער, ווו די קוואַס־מיל איז, געגעסן מיט הייסע אַפּעטיטן זייער מיטאָג־ברויט, פֿאַרטרונקען מיט פּרוכט־ווײַן, פֿאַרביסן מיט טענץ און לידער. אַן אַלט מאַנעלע מיט אַ ציטערדיקן קאָפּ און אַ רויט־פֿאַרווינטיקט פּנים איז געזעסן אויף אַ קעסטל און געטרונקען הייסע טיי פון אַ דיק־בויכיקער שאָל אַרויס און געשמאַק געגריזשעט פון אַ ווערפל צוקער. דאָס אויסגעהוילטע מויל האָט זיך געהכמהט מיט דעם יונגוואַרג. זיין רעכטע האַנט האָט אַלע ווײַלע געפּאַטשט די אייגענע דינע ליטקע. ער האָט זיך צוריקגעבויגן כמעט פלאַך מיט דער פּלייצע אויפן דיל — פון געלעכטער... דערנאָך האָט ער זיך פֿאַררויכערט אַ ליולקע פון אַ קוקורוז־קאַטשן, אויסגעשפּיגן דורך די שוואַרצלעכע, געזונטע ליפּן און געזאָגט: „ווער וויל טאַנצן?"

אַ מיילך־מויד האָט זיך געמאָלדן. אַרומגענומען דעם אַלטן און געגומען גיין אַ טאַנץ אויפן נישט־זייער־גלאַטן דיל פונם שייער. דער אַלטער איז אַוועק אַן אירלענדישן „דזשיג", די מויד איז אים אַנטקעגנגעקומען מיט דיזעלבע טאַנץ־טריט, די אַנדערע אַרבעטער זענען געשטאַנען אַרום, געפּלעסקעט מיט די הענט און געלאַכט און הנאה געהאַט, ווי זעלנער.

איך און דער זשענטלמאַן-פאַרמער זענען געשטאַנען אײַנ־דרױסן און דאָס אַלצדינג צוגעזען דורך אַ שפּאַרע.

„איך װאָלט געװאָלט װיסן, װאָס פרײען זײ זיך אַזױ, די שלעפּערס?‟ האָט געזאָגט דער זשענטלמאַן-פאַרמער מיט אַ זױער פּנים. — „זײ הוליען, גלײך, װי די װעלט װאָלט געװען זײערע. סך-הכל האָבן זײ נישט מיט װאָס אַ טאָג איבערצוקומען — די אידיאָטן...‟

*

ס'איז געװאָרן זײגער אײנס. די אַרבעטער זענען צוריק אַרױף אױף די בױמער שנײדן פּױלע צװײַגן, אַנדערע האָבן גענומען שאַרפן די אַקערס, װאַרפן ס'מיסט פון שטאַל, זעגן האָלץ...

װידער איז אױף דער רונדער, עלעקטרישער האָלץ-זעג געגאַנגען דאָס געזאַנג פון אַרבעט און פון פרײד.

נאָר דער „זשענטלמאַן-פאַרמער‟ האָט זיך געשלעפּט מיט די קלײנע פּיס (אין די פּאַרקאַטשעטע פײַנע הױזן) איבער די גרודיקע פעלדער. זײַן נאָז איז געװען בלױ, זײַנע אױגן זענען געװען פאַרװאַסערט פונם װינט. דער אָטעם איז אים געריטן אױף די פּלײצעס, װי אַ פאַרשלאָפענער פּאַפּוגײַ.

„מיט די אײגענע צען פינגער דאָס אַלץ דורכגעבראָכן!‟ האָט ער געזאָגט מיט שטאָלץ, נאָכדעם װי ער איז צוריקגעקומען, געשטאַנען אױף די ברײטע טרעפּ פון זײַן הױז, און פונם שפּיץ באַרג באַקוקט זײַנע גיטער.

„און איצט‟, האָט ער געזאָגט, „װעט איר מיר אַנטשולדיקן. איך מוז מיך גײן צו־לײגן. דער קאָפּ טוט מיר װײ...‟

## איר אַלע, וואָס שלאָגט קראַנקע יינגלעך
## פון רחמנות צו געזונטע פערד

צו דיר, ברודער-לעבן, וואָס דו פוצסט דיך אין פאַרבלוטיקטע פּאַווע-פעדערן, שרייב איך מיין היינטיקן בריוו.

דיר פערזענלעך וויל איך מיטן שפּיץ פון מיין שטאָל-פעדער איבער דיין האַרץ גיין. דיר וויל איך וויי טון, דיך וויל איך באַליידיקן.

*

איך האָב געזען ס'נאַרישע רחמנות פון אַ צער-בעל-חיימניק, וואָס האָט אַ קראַנק יינגל פון דער הויכער קעלניע אראָפּגענומען און אים אַ צאָן אויסגעשלאָגן. אין שניי-בלאָטע אַריינגעוואָרפן, דערפאַר, וואָס דאָס קראַנקע, אומגעדולדיקע יינגל האָט זיינע שווערע צוויי פערד מיט אַ שאַרפער בייטש אָנגעטריבן...

ס'איז געווען פאַרנאַכט. פון הימל האָט גערעגנט בלאָטע. די שפּיזלדיקע, פייכטע קעלט האָט געגעסן די אינגעווייד. דער האָגל-שניי האָט געוויינט איבער דעם יינגל'ס צערטיק פנים. די פערד האָבן נישט געקאָנט צוהאַלטן די ערד אונטער זייערע פיס. דאָס בידנע יינגל איז געווען פאַרקילט, אומגעדולדיק, פאַרלוירן. די וואַרעמקייט האָט געוווּנקען. די שטוב-טרוקנקייט, דאָט הייסע גלאָז טיי. די נאַכט איז אונטערגעקומען. איר פינסטערע, נאַסע

פלייצע האָט זיך צעברייטלט איבער די שניי-מאָסיקע גאַסן. דאָס ייִנגל האָט זיך געבעטן ביי די פערד, געוואָרנט, געצויגן ביי די לעדער-לענטעס, ביים ציימל. די גרויסע, שווערע פערד האָבן געוואקלט מיט די הייסע בייכער און געפרוווט די ערד הינטער זיך קורצער מאַכן. אָבער דער שניי איז געווען גליטשיק-צעלאָזן, האַרט-אָנגעוואסערט, האָט די ערד געסלינעט מיט קאַלטער נקמה און צוגעהאַלטן די פערד-פיס. דעמאָלט האָט דאָס ייִנגל גענומען די שאַרפע, אָנגעפרוירענע בייטש און אַ שמיץ געטון די פערד.

דעמאָלט איז אונטערגעגאַנגען דער גוט-אָנגעטונענער, פעסטער צער-בעל-חיימניק, אַ כאַפּ געטון ס'ייִנגל באַ אַן אַרבל (ווי אַ קאַץ מויל כאַפּט אַ מייזל), אים אַראָפּגעשלעפּט פון דער ריזיק-הויכער קעלניע פון וואָג, און אים געשלאָגן ביז בלוט...

אַז דער צער-בעל-החיימניק איז אַוועק, האָט דאָס ייִנגל געהאַלטן אַ פולע זשמעניע מיט בלוט, ווי ער וואָלט זיך געפוילט אַוועקצוגיסן דאָס, וואָס ער דאַרף אַזוי נויטיק. מיט דער רעכטער האַנט האָט ער געגלעט איינס פון זיינע צוויי פערד איבער דער מאָרדע, און ער האָט געזאָגט מיט די ווינט-פאַרלאָשענע אויגן:

— מיר אַלע, געשלאָגענע — — געשלאָגענע — —

דאָס בלוט אין זיין האַנט איז געווען אַן עדות.

*

צו דיר, בעל-רחמנות-לעבן, וואָס דו פוצסט דיך מיט רחמנות צו פערד און צו קעץ, און צו פליי, צו דיר שרייב איך מיין היינטיקן בריוו.

דו ביסט — דו ווייסט, וואָס דו ביסט? אַ מיסט-מאַכנדיקע מאַשין ביסטו, אַ פּעסל שטינקעכץ אָפּגעקאַלכט און באַהאָנגען מיט סאַמעט און זייד און גאָלד-פרענזלעך. אַ כאָליערעדיקע טכוירנפעל ביסטו, וואָס דיין טכויר האָט זיך מיט דיר געמיאוסט, און דיך אויסגעטון פון זיך. אומווירדיק ביסטו! אומווירדיק! אַ ליגן ביסטו, אַ ליגן. דו, ברודער מיינער, וואָס מיין בלוט ווערט ווייס פון בושה, וואָס דו ביסט מיין ברודער!

*

מיין ברודער? הע! ס׳געלעכטער איז מיר אויף די ליפּן, ווי די שנאה ברענט. אַ ווייטיק פיל איך און אַ בושה, וואָס דו ביסט פון מיין בלוט, פון מיין ראַסע.

איך טו מיך אָן אין קליידער ביז צום האַלז. אַפילו די הענט פאַרדעק איך מיר, ווי ווייט מעגלעך, מיין הויט זאָל וואָס-ווייניקער אָטעמען פון דעם דרויסן, וואָס דו פאַרגענזעסט.

אַפילו צו דער זון שפּיי איך אַרויף. דערפאַר וואָס זי גילדט אָפּ דיך און דיין לויז-געזונט, וואָס זי שענקט דיר די ליכטיקייט אויף צו גנבענען ס׳ברויט פון דיין ברודערס פעלד. דאָס וואַרעמע טעפּל איבער זיין פייער, די עטלעכע בידנע קוילן פון זיין פייער-טאָפּ.

דו ביסט אומווירדיק, ביסטו! אָפּפאַל ביסטו. אָט וואָס דו ביסט! דו איידעלער חזיר-הונט, וואָס אין דיין רחמנות-אָנשטעל צעשלאָגסטו אַן אָרעם יינגל, ווייל ער האָט זיינע פערד מיט אַ בייטש געטריבן.

ווי געלע שטאָנגע רינען די „גאָלדענע״ רייד פון דיין מויל. ווי מויזנפּעטס איז דיין צעגאָסענע ליבשאַפט צו די „גע-שלאָגענע״, וואָס דו שלאָגסט. אומריין ביסטו, דו מענטש-שוי-שפּילער, דו פורים-הייליקער, דו קאַרנאַוואַל-גלח!

דו פרעסט און דו כאָליעסט! דו כלעפּעסט גאַנצע צע-בערס מיט פרייד. דיין גליק-פערל האָט דעם אָפּגרוך פון דעם טויטן „ים-שיסעלע״, דיין דם-התמצית איז די מיאוסע שלעכטקייט, וואָס קומט פון נאַרישקייט, דער מאָרד-חשק איז בײַ דיר אין יעדן הויט-שיסעלע, אָבער דיין צונג איז ווי דאָס אומהייליקע קלויסטער-גלעקל, וואָס קלינגט דאָס פרומע גאָט-געזאַנג, ווען אַ טויטער בויך, אָן אַ קאָפּ און אָן פיס, ליגט אויפן גלאָקנטורם.

*

דו הער, וואָס איך זאָג דיר, דו געל-שוועבלדיקער גע-שטאַנק, דו מענטש-לעסטערער, דו זשאַבע-בלעזל איבערן זומפּ.

דער דונער גייט איבער דיר — דיך צו אַנטפּלעקן פאַרן הימל, דיך צו צעשאָקלען, דיך אויסצוגיסן פון די גרונטן פון דער ערד, דיך — און דיין ווידמענונג און דיין גרינעם שליים, און — אַפילו דיינע סמאַרקאַטע וואַסער-לילעס, מיט וואָס דו רימסט זיך אַזוי.

אומווירדיק ביסטו! ליגן ביסטו. פּורים-שפּיל ביסטו.

ווי מיט קרעלן הענגסטו דיך אַרום מיט די שנירלעך ציין, וואָס די נישט-באַשיצטע לאָזן זיך אויסשלאָגן פון מויל. דו צעמענטעוועסט צונויף דיינע שפּינענגיטער מיט דער „זשמע-ניע בלוט", וואָס קראַנקע יינגלעך גיסן אויס איבער גאָטס גוטער ערד, פאַרסט זיך אָפּט און אַ סך מיט יענע, וואָס טראָגן זייער האַרץ האַלב-וועגנס פון זייער לייב, מיט די, וואָס העלפן דער נישט-געבוירנקייט טויזנט מאָל שטאַרבן פאַר זייער צויגן-גליק, פאַר זייער הנאה פון אויסגיסן דאָס לעבן נאָך איידער עס איז אָנגעשעפּט.

אומווירדיק ביסטו! אומווירדיק און נישט-נוציק ביסטו! ווי די טויטע פליג אויפן פענסטער ביסטו! דאָס שרייבן פון דיין שאָטנס האַנט איז ווי דאָס שרייבן פון וואַסערדיקער טינט אויף פּאַפּיר, וואָס איז פעט פון אייל.

ווי די פּיראַמיד-געביי וועט איבער דיר זיך אויפפּעלזן אונזער קללה, דו פאַרשאָלטן-שלעכטער.

דו ברויט-רויבער, גליק-רויבער, חלומות-רויבער! דעם שלאָף פון קליינע קינדערס אויגן גנבעסט דו פאַר דיינע קעבס-מוידן און די עלעקטריש-געוואַרעמטע בעטן, דעם שטעקן פון דעם בלינדן קאַליקעס האַנט נעמסטו צו אויף צו בויען אַ שטייגל פאַר דיין פּאָפּוגאַישער נשמה. די מוטער-הויט שינדסטו איר אָפּ אויף צו מאַכן פאַרמעט פאַר דיין וואָרט, וואָס דאַרף די פאַרשיווע אייביקייט דורכלינגען.

צו דיר און צו דיינס גלייכן זאָג איך, מיט אַן אויפגרויל פון אַ פויסט-האַמער.

איר האָזענאויגן פון דער „נביאה", איר חזיר-נעז — וואָס דאַרפן די גאולה דערשפּירן. אונזער שנאה זאָל אייערע טריט

פאַרברענען. אונזער נקמה זאָל אויפגיין אַלע אינדערפרי מיט דער ליכטיקייט און אַלע אויפדערנאַכט מיט דער פינסטערניש.

*

געמיינט האָב איך אַמאָל, אַז מיין האַרץ וועט זיך שטיל־פאַרוויינט אויפבינדן אין פרידן מיט אייך, אין רחמנות פאַר אייער מיאוסער שלעכטקייט. אָבער איר האָט אַנטקעגנגעשטעלט א י י ע ר רחמנות קעגן מיינעם, און מיין שוואַכקייט געטויט, מיין כח אַרויסגעפאָדערט, מיין נקמה־נאָטער פון נעסט אַרויס־גענאַרט, דאָס אַלפּן־גליען פון מיין האַרץ־האַס אַרויסגערופן.

און קעגן הימל און גאָט און בלאָטיקער ערד, און קלויס־טער־הויכע אויסרופצייכנס, און טויזנט־טיקע פענסטער, וואָס באַלויכטן דאָס מאַטער־לעבן פון אַלע ברויט־געבער און גזלד־גיסער און הונגער־שטאַרבער, זאָג איך צו אייך, איר אַלע רחמנות־שורקן, איר אַלע גוט־האַרצלער:

איר זענט אומווירדיק, זענט איר! איר זענט שוים אויף אַ צעריסן וואַסער, זענט איר! לעבעדיקע רינשטאָקן איבער־דער וועלטס פאַרוויינט פּנים, זענט איר! אַ ליגן זענט איר, וואָס שטינקט ביז צום הימל! שיינקייט־פּימפּס זענט איר! משיח־פעדלער. כּסא־הכּבוד־פאַרפלעקער! לעבנס־לעסטערער זענט איר, איר לעבעדיקע לייז און מייז פון אונזער קרייז. איר לייב־און־לעבן לעסטערער!

און נאָך אַ סך זאַכן זענט איר, וואָס די האַנט שעמט זיך צו שרייבן, און ס'האַרץ שעמט זיך צו טראַכטן.

איר אַלע, וואָס שלאָגט קראַנקע יינגלעך, פון רחמנות צו געזונטע פערד.

# „ווילקאָמען באַגרעבערס!“

איך בין אין אַסבערי-פּאַרק, ביים ים. דער טאָג איז אַ פּערצן-קאַראַט גאָלדענער. די שיינע האָטעלן, ווו מען האָט דורכן זומער אַזויפיל געזינדיקט און געגעסן, שטייען איצט פאַרלאָזן און בלישטשען מיט די שויבן-פּערטלעך צום קאַלטן ים.

„ים, ים, ים“, זאָגט דער ים. „איך, איך, איך“, זאָגט דער מענטש, וואָס הערט דאָס. נאָר דער ווינט נעמט דאָס אַלצדינג צונויף אין זיין גרויסן זאַק און שלעפּט עס אַוועקעט הינטערן שטאָט, הינטער דער וועלט.

איך גיי שפּאַצירן לעבן די רונד-פּענסטערדיקע שטיבלעך אויף די פּירס. ווער זיצט אינעווייניק אין די קיילעכדיקע, זאַמד-פאַרשטויבטע, קאַלטע שטיבלעך? אַן אויסגעדינטער מאַטראָס, וואָס רויכערט זיין ליולקע, קוקט אויפן רויך, און טראַכט פון... שיפן, פון שטורמס, פון צעהוידעטע וואַסערן. ער זיצט אײנער אַליין. קוקט אויף די ווענט, ווו עס זענען פאַרשריבן די נע-מען פון די פּאָרלעך, וואָס האָבן זיך דאָ זומער צונויפגעאיכט. אויף זיין אויג-ברעם פאַלט אַביסל זון. ער גיט אַ פּינטל, נעמט אַרויס אַ קויטיק בלוי טאַשנטיכל און גריסט דעם ים. דערנאָך צעשמייכלט ער זיך מיט געלע, לאַנג-שמאָלע ציין, וואָס ליגן איינס אויף ס'אַנדערע און ער צעזינגט זיך:

...האָ, ענד עי באַטלל אָוו ראָם!

אין דער ווייטקייט גלאַנצט דער לאַנגער, אויסגעפּוצטער, גאָרנישט-טוענדיקער דינסטיק. פון שווים-פּאַווילאָן קומען אַרויס פרישע, אָנגערויטלטע, אויסגעשייערטע פרויען. זיי האָבן זיך אויסגעבאָדן אין הייסן ים-וואַסער, זיך דורכגעשווומען, דורכפלירטירט. איצט איז דאָס לעבן: „קום-צו-מיר", און „ווער ווייסט?" און „יענע נאַכט".

ביים מוזיק-פּיער אויפן ברעג ים צעזעצט זיך אַ משוגענע פּאַליע דעם קאָפּ אָן אַ סלופּ און צעשרייט און צעוויינט זיך מיט מילי-מיליאָנען שפּריצנדיקע טרערן. אַן אַלטער געפלאָכטענער שאָקל-שטול, מיט אַן איינגעפאַלענעם שויס שאָקלט זיך איינער אַליין, אַ ליידיקער, און סקריפּעט.

*

ס'איז צוגעפאַלן די נאַכט און מיט איר קלייד-שלעפּ אויסגעווישט דאָס ביסל לעבן אויפן אינזל.

מיין מיטגייער פרעגט מיך, צי איך געניס די נאַטור. איך זאָג אים, אַז יאָ. נאָר זי וואָלט געמעגט זיין וואַרעמער — די נאַטור זיינע. דער ווינט האָט זיך געמעגט אויפפירן אַביסל אנשטענדיקער און נישט קריכן אין פּנים אַריין. און וואָס טוט מען מיטן היטל? און מיט דער נאָז?

מיין מיטגייער דערמאָנט זיך, אַז מ'קאָן ערגעץ אַריינגיין. ער האָט גאָר פאַרגעסן. עס קאָן זיין, אַז איך זאָל דאָרט האָבן „שטאָף" אויף צו באַשרייבן — — דאָ נישט ווייט אין אַ גרויסן זאַל איז היינט אַ „קאָנווענשאָן פון — באַגרעבערס"...

כ'האָב אַזש אָנגעהויבן ציטערן פון נייגיר: אַ קלייניקייט: אַ „קאָנווענשאָן פון אָנדערטייקערס". איך האָב פאַרגיכערט מיינע לאַנגע טריט און צוגעקומען צום זאַל אַ — דערוואַרעמטער. פון דרויסן איז געווען אַן עלעקטרישער שילד: „ווילקאָמען, באַגרעבערס!" און אינעווייניק — כ'האָב געמיינט,

אַז דאָרט וועלן שדים שפּילן, צעפּאַלענע סקעלעטן וועלן טאַנצן און פֿאַרלירן שטיקלעך ביינער...

עס האָט אַ מיאוקע געטון דער אומענדלעכער טרויער פֿון אונזער ביסל לעבן, וואָס נוצט אויס אַפֿילו דעם טויט, שפּאַנט אים איין אין נוצלעכקייט, אין פּרנסה.

*

דער זאַל איז אַ גרויסער, אַ הויכער. פֿון אויבן אַ גאַנג טרעפּלעך, צו אַ שטיקל אָפֿענער בינע. אַ נישט-הייליק ליכטיקייט פֿאַלט אַראָפּ פֿון די עלעקטרישע הענגלייכטער, טרייבט מיט אָנגעצונדענע בייטשן אַוועק דעם אומעט, וואָס קער אַהערצו, ווי אַ מחותן קער צו אַ חתונה.

אין זאַל זענען אויסגעשטעלט אַלערליי טויטן-קאַסטנס: ביליקע, באַלעבאַטישע, טייערע, מיליאָנערישע; קליינע קינדער-קעסטלעך אויסגעבעט מיט ווייסן-געפּאַלדעוועטן זייד; גרויסע, שווערע קאַסטנס מיט מעטאַלענע קלאַפּ-שלעסער, און בראָנזענע דלתן ביי די דרויסנדיקע ברעגן; קאַסטנס פֿון טייערן שלאַנגען-האָלץ, פֿון שוואַרצן עבאָני, פֿון אַלטן דעמב.

טויטן-קאַסטנס געשניצטע מיט דער האַנט, קאַסטנס פּראָסטע, ביליקע — פֿאַר אָרעמע-לייט. דאָס האָלץ איז ווייך, האָט „סענקעס". דאָס זייד אינעווייניק איז געפּעלשט, די שלעסער פֿאַרמאַכן זיך נישט גוט. ס'רוב פֿון די ביליקע טויטן-קאַסטנס זענען שמאָל. מ'נעמט אַפּנים אָן, אַז קבצנים טאָרן זיך נישט פֿאַרגינען פֿעט צו זיין...

אַהאַ — די שדים. זיי טאַנצן שוין זייער געטאַנץ אין די ליכטיקע געהייפֿן פֿונם גיהנום. — ניין, נישט קיין שדים: נאָר „ביזנעס". ביזנעס הענגט די שילד אַרויס: „ווילקאָמען באַגראַבערס!" און זיי קומען די קבר-חיות, אין שוואַרצע צילינדערס, לאַנגע שוואַרצע רעק, געפּוצטע ציין. די צוקונפֿטיקע מתים שמייכלען נאָך דערווייל. זיי זאָגן: „דער טויט איז אַ ביזנעס, זעט אַרויסצוציען פֿונם טויט, וואָס מער."

איך זע אַ זעאונג: אַ לעבעדיקער מענטש ציט אויס די האַנט מיט אַ קוואַר שטיקל ברויט. אַ טויטער הויבט זיך אויף פון קבר, שמירט-אָן מיט זיין סקעלעט-פינגער אַ שטיקל פוטער אויפן ברויט און גייט צוריק — שלאָפן...

„ווילקאָמען באַגרעבערס!"

און אַנדערע אויפשריפטן:

„באַהאַנדלט אייערע קאָסטימער אַנשטענדיק!"

„פאַרשווענדט נישט קיין אומנוציקן מאַטעריאַל".

„קויפט אייער וואַרע האָלסייל."

ביים אַריינגאַנג טיילט מען באַגרעבער-ליטעראַטור. דאָרט איז אויסגערעכנט די מעלות פון אַ געוויסן טויטן-קאַסטן, וואָס ווערט פאַבריצירט פונם „באַגרעבער-טראָסט". דער קאַסטן לאָזט נישט דורך קיין וואַסער. ער פוילט נישט. די שלעסער האַלטן זיך פעסט...

אַן אַנדער פירמע מאַכט רעקלאַמע פאַר באַלזאַמירן. „לאָזט זיך באַלזאַמירן", שרייבט די פירמע אין אירע צירקו-לאַרן — „ס'קאָסט נישט קיין סך. דורך אונזער נייער מעטאָדע פון באַלזאַמירן בלייבט דער קערפּער פריש און „זיס" הונדערטער יאָרן. רעדט זיך דורך מיט אונזער פאַרטרעטער דאָ אין זאַל."

איך האָב זיך דורכגערעדט מיטן פאַרטרעטער — אַ יונגערמאַנדל מיט אַ קאָפּ, וואָס איז אַזוי בלאַנד, אַז מ'זעט כמעט קיין האָר נישט אָן. זיין אַרויפגעריסן נעזל און טיף-לעכערדיקע אויגן דערמאָנען אָן אַן אויסגעפּוצטן סקעלעט, וואָס איז פאַרקעמט מיט אַ שרינט. „אָ, יאָ!" האָט געזאָגט דאָס יונגערמאַנטשיקל — „ס'איז זייער פּראַקטיש צו לאָזן זיך באַלזאַמירן. באַגראָבן אַליין קאָסט אויך אַ שיינע סומע געלט, און אַז מ'הצלט שוין דערביי, איז שוין כדאי אין איין וועג. . ."

ער האָט מיר באַוויזן אַ גרויסע פלאַש מיט אַזאַ באַל-זאַמיר-וואַסער. ער האָט מיר געהייסן אַ שמעק טאַבאַק טון.

דער קאָפּ האָט זיך מיר גענומען דרייען.

*

דורכן זאַל אָנגעפּולט מיט טויטן-טרונעס האָט זיך געטראָגן די פריילעכע מוזיק פון אַ מעש-קאַפּעלע... אַ רויט מיידל, אָנגעטון אין ווייַן-בלאָע טויטן-קליידער, האָט געטאַנצט אַ „טשאַרלסטאָן" און דעמאָנסטרירט די שיינקייט און די באַקוועמלעכקייט פון דעם נייעם טויטן-קלייד... אין אַן אַנדער ווינקל איז געשטאַנען אַ דיקער באַגרעבער, מיט אַ לאַנגן שניט איבער דער באַק, און דערציילט די אַרומרינגלער, אַז זיין טויטן-קאַסטן פאַר קינדער איז דער פּראַקטישסטער פון אַלע. ער איז גראָמער און ווייכער און — קאָסט ביליקער מיט 18 דאָלאַר...

ער האָט אַרויפגעלייגט זיין גרויסע, האָריקע האַנט אויף דעם ווייסן זייד-שטאָף פון דעם געעפנטן טרונעלע, געוויזן ווי ווייך עס איז, אויסגעמאָסטן מיט עטלעכע פינגערשפּאַן די ברייט, צו באַווייזן, אַז עס איז טאַקע גראַמער, ווי די אַנדערע, און פאַרענדיקט מיט:

„זעט, אַז אייערע קינדערלעך זאָלן באַגראָבן ווערן אַנשטענדיק. פאַרצייכנט דעם נאָמען פון מיין פירמע און שפּאָרט געלט".

ער האָט זיך אָפּגעווישט דעם פּליך מיט אַ ריין טאַשן-טיכל, איז אַראָפּ פון די טרעפּלעך און האָט זיך געלאָזט טאַנצן מיט דעם רויטן מיידל, וואָס דעמאָנסטרירט די לעצטע מאָדע אין טויטנקליידער.

באַלד האָבן געטאַנצט נאָך אַנדערע פּאָרלעך. ס'רוב דאַמען זענען אויך געווען בייכיקע. האָבן זיי געטאַנצט בויך-צו-בויך. די אויגן האָבן זיך אַפילו נישט אָנגעקוקט...

ס'איז געוואָרן שפּעט. שוואַרצע „צילינדערס" האָבן זיך אָנגעשפּורט און געטאַנצט מיט אַ גרויסער פּלאַש „באַלזאַמיר-שטאָף"... אַן אַנדערער, מיט אַ צעפּרעסן פּנים, האָט זיך אַריינ-

געלייגט אין אַ טרונע, געלאַכט און געזונגען: „עס איז בעסער, ווי מיט מיין ווייב״...

ס׳איז געווען אַן אָפּשפּאָט פונם טויט, אַ חוזק. נאָר ערגעץ ביי דעם גאַנג טרעפּ, וואָס פירט צו דער אָפּענער בינע, איז געשטאַנען אַן אַלט פּאָרל, גרייז-גרוי און צעקנייטשט. דאָס פּרויעלע האָט מיט פּאַרוויאַנעטע, שיינע פינגער באַטאַפּט דעם אינעווייניקסטן שטאָף פון דעם קאַסטן... דאָס מאַנאַלע האָט גע-קייט מיטן ליידיקן מויל. ביידע האָבן זיך צוגעהאַלטן בײַ די הענט און אַראָפּגעלאָזט די ציטערדיקע קעפּ...

*

אינדרויסן האָט דער ים געגוואַלדעוועט. אַ ים-טויב האָט געמאַכט הקפות אַרום אַ שפּיץ פּאַליע און געגרילצט מיט איר שאַרף קול. ס׳איז געווען פּערלדיק-פינסטער, און דער ליידיקער, אַלטער שאָקל-שטול האָט זיך נאָך אַלץ געשאָקלט איינער אַליין און געקרעכצט.

# אַ פּאָר מאַנזשעטן־קנעפּ

כ׳האָב באַדאַרפט האָבן אַ פּאָר מאַנזשעטן-קנעפּ. בין איך אַריין אין אַ געשעפט אויף דרעווניע. געזאָגט צום באַלאַבאָס: „זייט אַזוי גוט און גיט מיר אַ פּאָר מאַנזשעטן-קנעפּ״. — געמיינט, אַז אַזוי גרינג טוט זיך, ווי סע רעדט זיך.

*

דער באַלעבאָס פון געשעפט האָט זיך געגעבן אַ גליטש אַפיר פון הינטערן אויסשטעל-קאַסטן, מיך איבערגעפרעגט, צי איך וויל טאַקע קנעפּ? און וואָסערע? און „וויאַזויערנאָכענע?״ (געווען אפנים אַן אונגאַר. זיין געזיכט אַפילו האָט דערמאָנט אָן אונגאַרישע בלוי-רויטע פלוימען) און פאַר וויפל וויל איך?

איך האָב אַרויסגעקוקט אינדרויסן אַרויס און געזאָגט, אַז איך וויל קנעפּ צו די מאַנזשעטן: פון איין שטיק. נישט קיין געקייטלטע, נישט קיין בלעכענע, נישט קיין מעשענע, נישט קיין גאָלדענע קנעפּ — נאָר קנעפּ פון אַ שטיקל ביין, פון אַ שטיקל מוטערפּערל — אַלטמאָדישע מאַנזשעטן-קנעפּ.

— ווען איר זאָלט ווען קייטל-קנעפּ, — האָט געזאָגט דער באַלאַבאָס — וואָלט איך אייך געקאָנט געבן אַ פּאָר קנעפּ, וואָס קאָסטן מיך אַליין — —

א י ך:

— ניין. איך וויל נישט קיין קייטל-קנעפ.

ער:

— ווען איר זאָלט וועלן אַ פּאָר קלאַפּ-קנעפּ — איר ווייסט, וואָס איך מיין? פון צוויי העלפטן, האָב איך אַ פּאָר קנעפּ, גרינגלעזולדיקע, מיט אַ פאַלש דימענטל אינמיטן...

איך:

— כ׳האָב דאָך אייך געזאָגט —

ער: פון איין שטיק האָב איך בלויז גאָלדענע. איכ׳ל זיי אייך געבן אַ מציאה, ווייל ס׳איז די לעצטע פּאָר קנעפּ... מער קעמעניש קריגן. — —

איך:

— נישט קיין גאָלדענע!... איך האָב דאָך אייך געזאָגט: איך וויל גאַנצע קנעפּ פון ביין, אָדער פון מוטערפּערל.

*

דער בעל-ה׳ביזנעס האָט מיך נישט געקאָנט פאַרשטיין. האָט אפשר 50 מאָל איבערגעלייגט דעם ציגאַר פון איין ווינקל מויל צום אַנדערן, זיך געריבן מיטן לענגסטן פינגער כ׳בריקל פון דער נאָז און איבערגעזאָגט, ווי מיט בויך-ווייטיק: — פון איין שטיק, האַ? און פון פּערלמוטער, אָדער פון ביין, האַ?

ער האָט זיך געפּאָרעט אין די אויסשטעל-שאַפעס, ווו עס זענען געלעגן טויט-בלעכענע זייגער-קייטעלעך, אַביסל פאַר-ניקלט, אָדער באַזילבערט, די סאַמע לעצט-מאָדישע קראַוואַטן אין געשניטענע פאַרב-מוסטערן, ווי געהאַקטע ווונדן אויף שבת, שלייקעס, מיט שטייף-לעדערנע ווייסע אויערלעך, „פענסיוואַטע״ טאַשנטיכער און שאַרפן — אַלע לויט די נייעסטע מוסטערן, צוגעשניטן און צוגעגרייט פון איינעם — פאַר אַלע.

*

צום סוף, אַז דער בעל-ה׳ביזנעס האָט געזען, אַז ער קאָן מיט מיר גאָרנישט מאַכן, האָט ער אַרויסגענומען פון מויל

דעם צעקייטן פּיען פון זיין ציגאַר, אים געקוועטשט און מאַ-סאַזשירט דעם בויך אפשר דריי מינוט אויף מיין זייגער (מיטן גרינעם ציפּערבלעטל) און דערנאָך האָט ער זיך אָנגערופן:

— מיסטער, איר זענט שוין לאַנג פון יוראָפּ?

— וואָסידען?

— גאָרנישט. אין יוראָפּ טראָגט מען אַזוינע „קאָפּבאָטנס", ווי איר זוכט... דאָס איז אַ מ ע ר י ק ע, מיסטער! דאָ טראָגן אַלע „קאָפּלינקס''; — אַזוי איז דאָ די מאָדע, דער סטייל, יענאָ...

ער האָט אין מיר אַריינגעשטאָכן זיין בליק, און אים צוריק אַרויסגענומען אַ פּאַרבלוטיקטן.

*

אַזאַ מזל האָב איך שוין. אַלע האָבן אויף מיר אַ „פּערד-8'', אַז איך בין חלילה נישט לאַנג אין דעם אַמעריקע.

---

ווען דאָס יידישע קונסט-טעאַטער איז נאָך געווען אי-אַלטן „מעדיסאָן-סקווער-גאַרדן'' אויף דער 27-סטער גאַס, פלעגן מיך מענטשן אָפט אָפּשטעלן ביים אַריינגאַנג צום טעאַטער, און מיר זאָגן — אויף ענגליש, אַז דער צירק איז ד אָ ר ט ן, אין דער אַנדערער זייט, נישט דאָ. דאָ איז אַ יידיש טע-אַטער...

*

שולדיק איז אפנים געווען מיין געשטיקט העמד, דער ברייטער קאַפּעליש און דער לעדערנער שטעקן מיינער, וואָס זעט אויס ווי אַ רייט-בייטש.

אין אַפּטייק לעבן טעאַטער, פלעגט מיך דאָס בחורל מיט די גלאַנצנדיקע, לאַנגע ציין, די פאַרב פון ווייסן, געקאָכטן קו-קורוז, באַגריסן מיט אַ „האַדעיעדו מיסטער באָפלאָ''... און

שטילערהייט פלעגט ער מיך בעטן, איך זאָל אים „אַריינרוקן אַ בילעט אין צירק אַריין״.

פאַרקערט ווידער פלעגן די פויערים און פויערטעס אין די קליינע גאַליצישע שטעטלעך מיך אָננעמען פאַר אַ... הייליקן, פאַר אַ גלח, צוליב מיין לאַנגן שוואַרצן מאַנטל און ראַזירטע וואָנסן.

*

אינם דאָרף, ווו מיין מומע טעמע האָט געוווינט, פלעג איך די ערשטע פאָר טעג נישט קאָנען דורכגיין די גאַס, פויערטעס זאָלן מיר נישט קושן די הענט. —

מיין מומע טעמע פלעגט שטיין ביים פענסטערל פון איר שטוב, אַרויסקוקן — און לאַכן.

אַז איך פלעג קומען צוריק פון מיין שפּאַציר איבער די ואַנגענפעלדער, פלעגט די מומע האָבן אָנגעגרייט פאַר מיר אַ „קיישל ווייַנטרויבן״ (ווייַניקער ווי אַ קיישל ווייַנטר.יבן, האָט מען נישט געקאָנט קריגן אין בערעזשאַן) און זאָגן:

— „איציקל, איציקל. איצט קושן דיך די שיקסעס, ווייל זיי מיינען, אַז דו ביסט אַ גלח. שפּעטער וועלן זיי דיך קושן, ווייל זיי וועלן וויסן, אַז דו ביסט נ י ש ט קיין גלח״. —

*

און מאַנזשעטן-קנעפּ דאַרף איך נאָך אַלץ האָבן!

גיי איך אַריין אין אַ צווייטן געשעפט און זאָג מיין געזאָג: — קנעפּ. ביינערנע. אָדער פּערלמוטערנע. פון א י י ן שטיק.

— פון איין שטיק? פּערלמוטערנע קנעפּ? — האָט זיך דער מאַן צעגאַפט, — ווער טראָגט היינט אַזוינע קנעפּ? אַזוינע קנעפּ פלעגט מען טראָגן נאָך מיט 10 יאָר צוריק. מיין גאָט-זעליקער פאָטער פלעגט טראָגן אַזוינע קנעפּ. — איר מיינט: אַזוינע קנעפּ פון איין שטיק, געמאַכט פון ביין אָדער פון

מוטערפערל — חזרט ער איבער מיינע רייד, גלייך ער וואָלט
אַליין געוואָלט הערן נאָכמאָל דעם

עקזאָטישן קלאַנג
פון מיין ווילדן פאַרלאַנג.

ער איז אין גרויס פאַרצווייפלעניש. — ער וואָלט שטאַרק חשק געהאַט, פאַרשטיי איך, מיר צו זאָגן. אַז איך בין אַ גרינער, איז — — וואָס טוט ער אָבער מיט מיין ביסל ענגליש-שפּרעכן?

— איר זענט, — זאָגט ער — אַן ענגלענדער, מסתמא. אין ענגלאַנד — זאָגט ער — קאָן זיין, אַז מ׳טראָגט נאָך אַזוינע קנעפּ.... אָבער — —

איך פאַרשטיי, אַז ער וויל זאָגן, אַז ענגלאַנד איז אַ אָפּגעשטאַנען לאַנד... אָבער ווי יעדער גוטער „ביזנעסמאַן”, ווייסט ער, אַז סע שטייט געשריבן אין הייליקן ביזנעס-חומשל, אַז אַ קונה איז תמיד גערעכט... און מ׳דאַרף אים באַהאַנדלען איידל.

ער באַטראַכט מיך פון אויבן ביז אַראָפּ, ווענט אפּנים אָפּ מיין אינטעלעקט אויף זיין האַנט-וואָגשאָל און זאָגט:

— כ׳על אייך זאָגן דעם אמת, סער. זייער ווייניק מענטשן טראָגן איצט אַזוינע קנעפּ: — מייסטנס טראָגן אַזוינע קנעפּ — שוישפּילער און מיליאָנערן... (ער קוקט אויף מיר, ווען וועל איך אַ פינטל טון מיטן אויג? באַם וואָרט „שוישפּילער”, אָדער באַם וואָרט „מיליאָנער”). ס׳איז טאַקע אַ זייער פּראַקטישער קנאָפּ... ער צעברעכט זיך נישט אַזוי גרינג... איך וואָלט אפשר געקאָנט קריגן אַביסל אַזוינע קנעפּ — ווען דער קאָפּ זאָל נישט זיין אַזוי פאַרשלאָגן... אַ קינד געשטאָרבן באַ מיר...

דערהערט, אַז ביי דעם מענטשן איז אַ קינד געשטאָרבן, און פאַרשטאַנען, אַז דאָס איינציקע, מיט וואָס איך קאָן אים טרייסטן, איז מיט אַביסל לייזונג, האָב איך צו אים אַזוי געזאָגט:

— גיט מיר אַ העמד מיט אַ צוגענייטן קראַגן און צוויי פּאָר זאָקן — כון אָט־יענע.

ער האָט מיר געגעבן אַ העמד מיט אַ צוגענייטן קראַגן און צוויי פּאָר זאָקן פון אָט־יענע.

איך האָב באַצאָלט און געוואָלט גיין.

— ...איצט ליגט די פרוי ביי מיר קראַנק! — האָט געזאָגט דער קרעמער, און אָפּגעביסן דעם סוף־פאָדעם פון דעם פּעקעלע.

— טאָ גיט מיר נאָך צוויי פּאָר זאָקן! — האָב איך געזאָגט.

— בלויז 2 פּאָר? — האָט געפרעגט דער אומגליקלעכער פאָטער. — נעמט אַ גאַנצן האַלבן טוץ, וועט אייך אויסקומען ביליקער.

— גיט אַהער אַ האַלב טוץ! — האָב איך מיך נישט געדונגען.

ער האָט איינגעפּאַקט אַ האַלב טוץ זאָקן (אַ חוץ די ערשטע 2 פּאָר, הגם איך האָב געמיינט, אַ האַלב טוץ שוין אײַנאײַנעם מיט די ערשטע 2 פּאָר), האָט אָפּגעביסן דעם פאָדעם פון פּעקל, און גענומען באַרעכענען.

אַז ער איז פאַרטיק געוואָרן רעכענען, האָט ער אַ קרעכץ געטון און געזאָגט — אַזוי ווי צו זיך אַליין:

— מיין אַרנאָלד... ליגט אויך צו בעט... דאָקטוירים „דענקען, — —"

— „מאַכט עס אַ גאַנצן ט ו ץ!", האָב איך געוואָלט זאָגן, אָבער כ'האָב מיך געכאַפּט, אַז איך האָב שוין אויסגעגעבן מיין גאַנץ געלט, און מער קיין געלט האָב איך נישט. —

*

בין איך אַוועק — דוקא מ י ט אַ זייגעזונט. אָבער קיין מאַנזשעטן־קנעפּ האָב איך נאָך אַלץ נישט.

איז דאָס נישט טרויעריק?

יאָ. דאָס איז זייער טרויעריק.

## ערלעכקייט באצאָלט זיך

איך קען פֿערזענלעך אַן אַסעמבלימאַן, אַ פּאָליסמאַן און אַ „גענגסטער".

דער אַסעמבלימאַן איז אייגנטלעך שוין היינט עקס, אָבער אַמאָל, אַמאָל, מיט יאָרן צוריק — איז ער געווען אַן אמתער אַסעמבלימאַן. פֿלעגט פֿליען אַהין און צוריק — קיין אָלבאַני, מאַכן אַ פֿאָרשלאָג, אַז... מ׳זאָל אויפֿעפֿענען ס׳פֿענסטער פֿון דער אַסעמבלי, ווייל די לופֿט איז זייער געשטיקט, און צוריקקומען צו די בירגער מיט אַ שמייכעלע אויף די ליפּן און מיט אַ לייטיש ביסל געלט אין די קעשענעס.

היינט זיצט ער און טרינקט — קאַווע מיט שמאַנט. שפּילט שאַך, און — כאַפּט זיך אַ כליך...

זיין גאַנצער אַמאָליקער גלאַנץ איז אים אַרויף — אויפֿן קאָפּ און וויל נישט אַראָפּ.

*

דער פּאָליסמאַן איז אַ יידישער פּאָליסמאַן; לייענט דעם „טאגעבלאַט", האָט סאָלידע, אַלטמאָדישע וואָנסעס, ווי פּורים-בייגעלעך, און ער ווישט זיי אָלע ווײַלע מיט דער הוילער פּויסט.

דער פּאָליסמאַן האַלט זיך גרויס מיט זיין „בלעכל" און מיט זיין וואַלגער-האָלץ — ביידע זענען די קרוין פֿון זיין קאָפּ, זיין „צענטער", זיין „שרבֿט"...

אַז ער שטייט אין פֿאָרהויז פֿון מיין קאַפֿע און טרינקט הייסע זאַכן על חשבון ה׳געשעפֿט, טוט ער אויס ס׳האַרטע היטל, קערט עס איבער, ווי אַ מולטערל, וואַרפֿט אַריין אַהין זעמעלעך און אַנדערע גוטע זאַכן, וואָס ער ליידיקט שפּעטער איבער אין דער שפּאַלט־קעשענע אַריין, וואָס געפֿינט זיך אויף זיין הינטער־גרונט. די נעמלעכע שפּאַלט־קעשענע פֿון זיין ראָק איז אַזוי טיף, אַז זי קאָן „איינשליגען אַ רעסטאָראַן מיט די ביינער און אַפֿילו קיין קרעכץ נישט טון.״

*

דער גענגסטער איז דער אינטערעסאַנטסטער פֿון אַלע דריי: ערשטנס, איז ער אַ יוניאָן־גענגסטער: ער שלאָגט בלויז אַכט שעה אַ טאָג, נישט מער. צווייטנס, האָט ער פּרינציפּן. ער שלאָגט נישט קיין — רומענישע, ווייל ער אַליין איז אַ רומענישער. דריטנס, איז ער כמעט, קאָן מען זאָגן, אַ וויסנ־שאַפֿטלעכער גענגסטער. איר קאָנט זיך, למשל, מיט אים באַדינגען, ער זאָל „אַוועקלייגן אַ מענטש׳ן אויף פֿערטהאַלבן וואָכן אין שפּיטאָל״. און ער וועט שוין אַזוי באַהאַנדלען זיין „קרבן״, אַז יענער וועט ליגן אַקוראַט פֿערטהאַלבן וואָכן.

אין זיין גאַנצער קאַריערע אַלס וויסנשאַפֿטלעכער גענגסטער איז בלויז באַקאַנט איין פֿאַל, ווען דער קרבן איז געווען פֿאַרטיק אַרויסצוגיין פֿון שפּיטאָל מיט צוויי טעג פֿריער, ווי מ׳האָט זיך באַדונגען. מיין גענגסטער איז געווען זייער גע־ערגערט דערפֿון. ס׳איז אים נישט געגאַנגען אַזוי אינם געלט, ווי אין זיין גוטן נאָמען (ער היט זיך זייער דעם נאָמען). וואָס־זשע האָט ער געטון? איז ער אַרויפֿגעגאַנגען אין שפּיטאָל אַריין און געבעטן ביי זיין „קרבן״ מיט טרערן אין די אויגן, ער זאָל ליגן נאָך צוויי טעג. יענער האָט אים געפֿאָלגט — פֿאַר שרעק. און דעם גענגסטערס גוטער נאָמען איז געווען גע־רע־טעט!

*

איך דערצייל אייך דאָס אַלץ — ערשטנס: כדי איבער־צושרעקן אים, ווי הייסט ער... וואָס טענהט, אַז „ער איז טויזנט מאָל גרעסער פון יעדן איינעם", און וואָס ביי יעדער געלעגנהייט פּאַטשט מען אים אַרום. און, צווייטנס, כדי אייך צו באַווייזן, אַז איך קען מיך מיט די בעסטע לייטע אין שטאָט...

*

ס'איז געווען אין אַ מאָנטיק. דער פּאָליסמאַן איז געשטאַנען אין פּאָרהויז פון קאַפּע און געטרונקען עפּעס אַ וואַרעמע זאַך... ער האָט געהאַלטן ביים איבערקערן דאָס היטל זיינס, וואָס איז ווי אַ ליידיקער, הונגעריקער בויך... ער איז געווען אין אַ גוטער לוינע. האָט ער ערלויבט זיך צו שפּילן מיט זיין „וואַלגער-האָלץ" און באַטאַפּן זיין „בלעכל".

ס'איז געווען ס'ערשטע מאָל אין מיין לעבן, וואָס איך האָב אָנגעטאַפּט אַ פּאָליציייסקע „בלעכל" — דעם מאָמענט וועל איך קיינמאָל נישט פאַרגעסן!

מיר האָבן געשמועסט וועגן „פּאָליטיקע", וועגן וועלט־זאַכן. וואָס מער די זעמעלעך האָבן זיך אַרונטערגעגליטשט דעם קורצן וועג פון זיין האַלז צום — — אַלץ מער באַפריינטלט זענען מיר געוואָרן. ער האָט מיר דערציילט, אַז זיין ווייב גאָלט זיך אַליין אונטער די אָרעמס, און צעשניידט זיך! איך האָב אים דערציילט, אַז ביאַליק קומט קיין אַמעריקע, און, אַז די „פרייהייט" האָט נישט קיין געלט, און, אַז איך דאַרף היינט אַ מעשה פאַר מיין „פון נעכטן ביז מאָרגן און — כאָ־בישט."

דער פּאָליסמאַן האָט זיך אַ וויש געטון מיט דער פויסט די חצי-בייגלדיקע וואָנסן, אַראָפּגעלאָזט אין זיין שפּאַלט־

קעשענע אַ העלפט פון מיין רעסטאָראַן, און געזאָגט: „איר ווילט הערן אַ שיינע געשיכטע? וועל איך אייך דערציילן. ס׳איז אַן אמתע געשיכטע״.

אַזוי ווי איך האָב זייער ליב אמתע געשיכטעס, האָב איך אים געבעטן ער זאָל דערציילן.

ער האָט דערציילט:

„אַנומעלטן פרייטיק האָב איך באַדאַרפט גיין צו אַ „סמאָוקער״, צו אַ „סטעג״. איר ווייסט וואָס אַ „סטעג״ איז? מיידלעך מיט — — — — זיי טראָגן אויערינגלעך און בראַנזאָלעטן. מער נישט, דאָס רופט מען אַ „סמאָוקער״. „דזשאָדזשעס״ און אַנדערע גרויסע לייט האַלטן זייער פון „סמאָוקערס״... זיי נעמען אַפילו אַהיים סואווענירן. כ׳ווייס? וואָס מיינט איר, נעמט מען אַהיים צום אָנדענק? לאָקן. שטיקלעך העמדלעך. מען שניידט אַליין אָפּ. — ווו מ׳וויל. — ס׳איז זייער אינטערעסאַנט. איר מעגט אַמאָל גיין — נאָר זאָגט נישט, אַז איר זענט פון אַ קאָמוניסטישער צייטונג — מען וועט אייך נישט אַריינלאָזן. זיי האַלטן, אַז די קאָמוניסטן זענען נישט קיין אָנשטענדיקע מענטשן. איר ווייסט: מיט פרויען! קאָמוניסטן גלויבן, אַז אַ מאַן מעג האָבן מער, ווי איין פרוי. איך האַלט נישט דערפון. נו, און איר?

דער פּאָליסמאַן האָט גענומען דעם „וואַלגערהאָלץ״ אונטערן אָרעם, און ווייטער „געשפּונען דעם פאָדעם:״

„איז לויף איך אַזוי צום סאָבוועי. שוין געווען שפּעט. עלף אַ זייגער הויבט זיך אָן דער „סטעג״. ס׳איז שוין צען מינוט צו. די „סאָבוועי״ איז געווען זייער געפּאַקט — מענטשן זענען געפאָרן צוריק פון די טעאַטערס. האָב איך מיך דערלאַנגט אַ שטופּ אַריין מיט די עלנבויגנס, זיך אָנגעכאַפּט אָן אַ רימען און איך שטיי. לעבן מיר שטייט עפּעס אַ בחורל. געפעלט מיר נישט זיין קוק. האַלט איך אויף אים אַן אויג. ערשט איך זע: ער לייגט איבער אַ גאָלדן זייגערל פונם וועסטלקעשענע אין זיין הויזן-קעשענע.

איך גיב מיר אַ כאַפּ באַ מיין קעשענע — נישטאָ דער

גאָלדענער זייגער! אַהאַ, טראַכט איך מיר, אַזאַ בחורל ביסטו!

דערווייל קומען מיר צו דער 42-טער. מענטשן גיבן זיך אַ שטופּ. דער בחור — אויך, איך וויל אַרויפֿלייגן אויף אים די האַנט — איז ער צו ווייט... זיך אַרויסגעגליטשט, דער ממזר...

גיי איך אים שוין נאָך. ער ווייסט נישט, אַז איך בין אַ פּאָליסמאַן, ווייל איך בין אָנגעטון ציוויל. און מיר ווידער איז אינטערעסאַנט צו זען, צי קאָן איך טון אַ שטיקל דעטעקטיוו-אַרבעט... גלאַט-אַזוי האַקן מיט דער פּאַלקע איבערן קאָפּ — איז דאָך קיין קונץ נישט.

גיי איך אים נאָך. ער שטעלט זיך אָפּ לעבן אַ „פּאונשאָפּ". איך שטעל מיך אויך אָפּ. ער גייט ווייטער. איך גיי אויך. ער גייט אַריין זיך קויפֿן טאַבאַק — איך נאָך אים. אפשר אַ האַלבע שעה אַזוי. ער גייט — איך גיי-נאָך. ביז איך זע, מיין יונג פֿאַרקערעוועט זיך ערגעץ אין אַ פֿאַרוואָרפֿן ווינקל, וווּ מען זעט נישט קיין מענטשן — און גיט זיך אַ לאָז אַריין אין אַ האַלב-פֿינסטערן קאָרידאָר פֿון עפּעס אַ הויז... „ע", טראַכט איך, „איצט דאַרף מען אים פּאַקן, אַז נישט קאָן ער זיך אינגאַנצן אַרויסגליטשן". פֿאַרלויף איך אים דעם וועג צום אַריינגאַנג און גיב אַ מאַך: „אויב איר ווילט אַזויפֿיל גוט זיין און מיר אָװעקגעבן דעם גאָלדענעם זייגער — וועל איך אים צונעמען". דער יונג האָט זיך אַביסל אונטערגעפּוילט. מיך אָנגעקוקט מיט דערשראָקענע אויגן. „זיי נישט קיין חזיר, ברודערל!" האָב איך אים אונטערגעמונטערט און צוגעשטעלט מיין רעוואָלווער צו זיין בויך: „און מאַך עס שנעל! איך האָב קיין צייט נישט!" הכלל, ער האָט אָפּגעשטעקט דעם זייגער. איך האָב אים געלאָזט לויפֿן, ווייל איך האָב מיך געאיילט צום... „סטעג".

דאָרט האָב איך דערציילט די מעשה. עטלעכע ריכטער און „קעפּטנס" — אַלע האָבן מיר גראַטולירט פֿאַר מיין העלדישקייט, און איך האָב מיך אַליין — איכ'ל אייך נישט זאָגן

קיין ליגן — אויך געפילט שטאָלץ, ווייל, אַז אַ יונג קאָן אַזוי פלינק אַרויסלקחנען אַ זייגער, איז ער מסתּם נישט פון די שלעכטע פאַרשווינדלער...

„אַז איך בין אַהיים געקומען פון „סטעג'', איז מיין ווייב שוין געשלאָפן. אָבער ס'האָט מיך געצריפעט, איך זאָל איר דערציילן פון מיין העלדישקייט, האָב איך זי אויפגעוועקט און איר געוויזן דעם זייגער. „וואָס רעדסטו?'' האָט זי געזאָגט, אַזוי ווי זי האָט זיך אַביסל אויסגעגענעצט, „וואָס פאַר אַ זייגער? ד י י ן זייגער ליגט דאָך אָט-דאָרטן אויף דער קאָמאָדע... האָסט אים פאַרגעסן מיטצונעמען...''

*

דער פאָליסמאַן האָט געשמייכלט הינטער די וואָנסעס זיינע, זיך געהיט צו צוטראָגן אַ שוועבעלע נאָענט צום מויל, און געענדיקט:

— נו, איר זעט שוין, „אַז ערלעכקייט באַצאָלט זיך"?

אי געווען, מאַכט ער, אויף אַ „סטעג", אי געבליבן מיט אַ גאָלדענעם זייגער, אי אַהיימגעבראַכט דעם ווייב אַ פאָר זיידענע שטיקלעך וועש, וואָס איך האָב געפונען אין איינעם פון די צימערן, ווו דער „סטעג" איז פאָרגעקומען.

איך האָב געמוזט צוגעבן, אַז — מיר האָבן אַ גרויסן גאָט אויף דער וועלט.

## מיין געוועזענע געליבטע

צווישן זיבן און אַכט ביינאַכט, אַז איך גיי פון דער היים אין קאַפע אַריין, טרעף איך אָפט מיין געוועזענע געליבטע. זי איז דריבנע-גרויס, האָט אַ יינגליש פּנים, קליידט זיך אין רוסיש-טאָטערשע יאַקלעך און — אַמאָל האָב איך זי ליב געהאַט, ווי מיין לעבן. דאָס איז נישט ווינציק, ווייל אַמאָל פלעג איך שפּילן אַ ליבע מיט מיין לעבן.

*

„טייערע, טייערער", פלעג איך זאָגן צו זיך, בעת איך בין „געזעסן" אויף לופט, געגעסן מאַנדל-ברויט, און געטרונקען קאָזע-מילך פריש-וואַרעם פון דעם קריגעלדיק בריסטל פון דער קאָזע. „געליבטער, געליבטער" פלעג איך זאָגן און זיך אַרומנעמען מיט ביידע הענט, און מיר קושן די שפּיץ פינגער. „ווי ווונדערלעך קלוג דו ביסט! ווי זיס-ווייניק מעלאַנכאָליש דיין לעבן איז! און ווי ליב איך האָב דיך -- דו, מיין געליבטער, מיין ווילד-פרעמדער משה-נאַדיר. וואָס דו האָסט אָנגעזעצט אויף מיין לעבן און איך דאַרף דיך האָדעווען מיט פּאַלין און סענטימענטן. געשלעכט און טרויער, פרייד און פּילמעס. אָ דו ווונדערלעך יינגל", פלעג איך זאָגן צו זיך, אויפן בוידעם פון אַ „באָס", וואָס פאָרט איבער דער פינפטער עוועניו, „ווי גוט

מיר איז פון דיין גרויסער גוטסקייט, פון דיין ברייטהערציקייט, וואָס נעמט אַרום די וועלט-ליטקעס אין אַלע דימענזיעס".

*

און אַמאָל ווידער פלעג איך ווערן איינפערזיכטיק אויף זיך, ווען איך האָב געזען, אַז איך שלעפּ מיך אַרום מיט פרעמדע מענטשן. די מינדערגעשלעכטיקע, נישט איכיקע „ליב מיך, מיך אַליין, נאָר מיך אַליין ליב", פלעגט טענהן צו מיר דער געקריוודעטער משה נאַדיר — „ליב מיך, צוליב מיך אַליין, נישט נאָר צוליב דעם, וואָס איך בין שיין, אָדער קלוג, אָדער געבילדעט. נאָר צוליב מיין נשמה, צוליב דעם, וואָס איך גיי פאַר דיר אַ גאַנג, פאַרדייע פאַר דיר דאָס עסן, גיב דיר באַקן אויף צו לאָזן אַראָפּרינען די טרערן, ציין אויף אָנצושפּיליען ס'געלעכטער. אויגן אויף צו פאַנגען זונפישלעך... אָ, דו מיין — —"

*

אָבער אַמעריקע איז אַמעריקע. די געזעצן פון לאַנד מוזן אָפּגעהיט ווערן. האָב איך אָפּט ערנסט געטראַכט צו שענקען זיך אַ שיינע מתנה, אַ דימענטרינגל אָדער אַ זייגער.

— אָבער, — האָב איך געטראַכט צוריקוועגס — וואָס טו איך, אַז איך ברעך מיין צוזאָג, און איך נעם ביי זיך צוריק דאָס דימענטרינגל? ווערט קומען צוגיין דאָס שטרענגישע געזעץ און מיך באַשטראָפן און ביי מיר מאָנען שאָדנגעלט? און אַלע בלעטער וועלן דרוקן מיין בילד? און אַלע שווער-און-שוויגערס וועלן לאַכן? און יעדער אָנשטענדיקער בירגער וועט מיך אויסמיידן?

*

פונדעסטוועגן האָב איך זיך ליב געהאַט שטילערהייט, ווי מיין לעבן, נאָר, אַז מיין לעבן איז געוואָרן אַביסל נומער צווייאיק — — און די נשמה האָט גענומען דריקן אונטערן

האַרץ, ווי אַ שווער געקעכטס, און וואָס צו טון איז נישט געווען, בין איך אַוועק און האָב מיך פֿאַרליבט אין אַ פֿרעמד מיידל, וואָס איז געווען דריבנע-גרויס, האָט געהאַט אַ ייִנגליש פּנים און זיך געקליידט — און לינדענצוויט: פֿאַרפֿים און אין ציטערדיקער נאַקעטקייט.

און איך בין געווען אויסער זיך פֿון גליק!

*

מיר האָבן זיך צוגעשווירן ס׳נויטיקע ביסל ליבע. אויסגעקרעכצט ס׳נויטיקע ביסל קרעכצן. זיך שיר — קעגנזייטיק אויסגעוועכנט די אויגן, פֿון דעם לויפֿנדיקן בליק-אימפּעט, מיט וועלכן אונזערע אויגן פֿלעגן זיך אַנטקעגנקומען. דערנאָך האָבן מיר איינגעפּאַקט קליידער, פּודער, פֿאַרפֿום, שאָקאָלאַדע און ביכער און אַוועקגעפֿאָרן אויפֿן לאַנד — מיטן פֿרישן צוקערלעקעך פֿון ליבע צווישן מיר און איר, — אויף דעם ברייטן שליטן, וואָס האָט אונז געפֿירט באַרג-אַרויף, צום קליינעם האָטעל מיט די פֿראָסט-פֿאַרבילמעטע אויגן. אין דער צעשאָטענער, שיטנדיקער ווילד-פֿרעמדער ווייסקייט, וואָס האָט געפֿעכעלט פֿאַר די אויגן, ווי אַ נייע ברייטע שווערד — אויף צו שניידן צוקערלעקעך און מאַזעלטאָפֿס. — — —

*

דער באַרג איז געווען שאַרף און אָנגעבלאָזן און אויפֿגעשטעלט, ווי אַ פּסחדיקע יאַרמולקע: דער ווינט האָט געוואָהאָיעט, געלווהעט, געפֿיפֿן בליצלידער אויף אַזאַ, לאַנג-לאַנגאַכט שעהדיק פּייפּעלע. די זון האָט זיך געמאָלקן קנאַפּ און קאַלט. ווי דער הימל וואָלט געווען אַ ווייסע ציג, וואָס גיט בלאָנדע מילך. אַלטע וואָלקנס זענען געגאַנגען אַ טאַנץ אויפֿן הימל-בוידעם, און פֿאַרהויבן די פּאָלעס און זיך געריסן די פּאות — און צעריסענע שטיקלעך פּאה-שטאָף, פֿון גרייז-גרויע וואָלקן-מלמדים איז געפֿלויגן אין דער לופֿט. ווייס — ווי איך

ווים אַליין נישט וואָס. ווייס ביז בלאָקייט. בלאָ — ביז טרויער, טרויעריק ביז — זיסקייט, ביז „גיב-דיין-ליפּ-טייערע!“

*

דאָרטן אויפֿן באַרג.

פֿרישע קאַלטקייט. פֿרישע וואַרעמקייט. האַלבע פֿאָרהענגלעך. האַלבע קליידער, האַלבע בענקענישן, האַלבע...

דאָס געציקערטע וואָרט איז אַרויס פֿון האַרץ, אָבער האָט נישט געהאַט קיין אַדרעס אויף צוריק.

אַ בוים — צוליב דעקאָראַציע. דריי דאַרע צווייגלעך, עלנבויגנדיקע. פֿון אויבן אַ קראָ, גראַגערט מיטן שנאָבל, שווערט דעם שוואַרץ-שבת אַריבער — אין אָט דער לייכט-ליכטיקער ווייסקייט, וואָס נעמט-אָן אַ פֿול האַנטפֿאַס מיט גאָטבענקן, און גיט עס כליאַפּ-אַרויף אויף די אויגן, ווו די געפּרוּירענע טרערלעך הענגען: מיינע, צי אירע? — די ליריק רעכנט זיך נישט מיט דעטאַלן!

*

אָבער דער קודש-חודש האָט זיך אָוועקגעשנייט, צעזומערט, צעגאַנגען, מיט די פֿרילינג-וואַסערן צערונען...

די גרויסע ליבע האָט זיך פֿאַר דער שניי-ליכטיקייט פֿון דעם קליינעם באַרג האָטעל פֿאַרשעמט, קליין געוואָרן, איך האָב זי קליין, קלענער ליב געהאַט, נישט-ליב-געהאַט, מיד געוואָרן.

דער בוים, צי די גראַגערדיקע קראָ — האָבן זייערס אַריינגעזונגען.

דאָס צייטפֿערדל האָט געשלעפּט באַרג-אַרויף צו דעם באַרג-אַראָפּ — וואָס ליגט אויף יענער רויזנרויטער זייט, און די אויערן האָבן פֿאַרגעסן, און די ליפּן האָבן נישט געדענקט און די פֿינגער האָבן דעם טעם פֿון דער גרינסטמעטענער ליבע אָנגעוווירן.

נאָר אירע בריוו זענען געבליבן, אירע נאַכלעסיקע, אָרעמע בריוו — אָן דעם דופט פון באָרדאָ־ווײַן, אָן דעם דופט פון שניי אין דעצעמבער, אָן דעם ריח פון „טײַערע־טײַערע“ — אויף ציכטיקע ציכן, הינטער זײַדענע קאָלדרעס, צווישן ערגעץ־יאָ און ערגעץ־ניין.

*

איך בין עלטער געוואָרן. אָנגעהויבן ליב האָבן עקזאָטישע ווײַן־פלעשער, מער ווי דעם ווײַן — דעם שאָטן פון די ווײַן־פלעשלעך, מער ווי די פלעשער, די ווערטער, וואָס צייכענען שאָטנס — מער ווי די שאָטנס.

די ליטעראַטור האָט מיך גענומען אין דער אַרבעט אַרײַן, מײַן פּנים־הויט אַראָפּגעריסן, עס אויסגעטרוקנט אויף אַן עלעקטרישער זון און מיר דערנאָך אַ מאַסקע געגעבן.

די נשמה האָט די צונג אַרויסגעשטעקט און געמאַכט „בלאה“.

אויף מײַנע אויג־רעדלעך — ווער פאָרט איצט שפּאַצירן? — די אויסגעלאַסענע ביטערקייט? די באַנבאַניקע פרייד? ניין. אַן עלפאַנטביין־פליג פון טיטוסעס אויער אַרויס, אַ ריר־ציטער פון אַ ריטל אין ים.

אָדער — עפּעס אַזוינס און עלעכס.

*

צווישן זיבן און אַכט באַנאַכט, אַז איך גיי פון מײַן הויז אין קאַפע אַרײַן, מיט די פּאַפּירענע אומגליק־טרומייטער אין מײַן קעשענע (בלעטער? בלעטער!) אַ ליולקע־דופט צווישן די ציין. אַ היטל־ראַנד — צום הימלס־טאַטן־אַרײַן, טרעף איך זי אָפּט מײַן דריבנע־גרויסע געליבטע, וואָס האָט אַ ענגליש פּנים, און קליידט זיך אין רוסיש־טאָטערשע יאַקלעך.

זי גייט אין נאַכטשול. איך גיי אין — ברויט־שול. מיר גריסן זיך ענג און גרינג. זי רעדט פון הויכע ביכער. איך רעד — אויכעט, וואָס סע לאָזט זיך. זי זאָגט „דו געדענקסט?“

איך קוק אויף — גראַמערסי פּאַרק. איך זאָג „איך געדענק״ און קוק אויפֿן זייגערל.

סע קומט צום געזעגענען —

שפּרינגט אַרויס דער באַרג. דער האָטעל אויפֿן באַרג. די נאַכט אויפֿן באַרג, דער שניי־געשמינק אויף דער וועלטס פֿאַרוויינטע באַקן.

איך קוש זי, איך קוש דעם וועג צום שיינעם באַרג, איך קוש דעם לאַנגן שניי. די ליכטיקע שטילקייט. דעם בוים אַפּילו. די קראָ אַפּילו.

# דער מענטש פון מאַנדילוזיאַ

זייער אַ שיינער טאָג. אָפּגעקאָכטער פרילינג. — פייגל שוויטשערן.

אין שטאָט איז הייס. דער אומרו פון אַן אָנקומענדיקן זומער האָט אַ קלינג געטון אין גרויסן גלאָק, כאַפּט מען און — מען פאָרט ערגעץ. מען בייט זיך מיט די ערטער. ווי קראַנקע מיט די בעטן. דער פון דאָרטן פאָרט אַהער. די פון דאַנען פאָרן אַהין.

איך נעם מיין פריינט קאַסטעלשפּענער, און מיר פאָרן אַוועק אין פּאַרק אַריין, לייגן זיך אַוועק אויף אַ שטיין, אויפן פרישגרינעם גראָז, מיט די פּנימער אַראָפּ, און מיר רעדן שטילע חלומותלעך, ווי קליינע גרילן —

*

איך האָב אינזינען געהאַט דעם פּאַרק מאָלן, דאָס גראָז באַשרייבן, די קינדער, דער אָרעמער יום-טוב פון אַ שטיקל גראָז-פּלאַץ אינמיטן פון אַזאַ שטיינוויסטעניש, ווי אונזער שטאָט.

מיין פריינט קאַסטעלשפּענער איז געווען אָנגעטון אין זיין בלאָען גינגאַם-העמד, מיטן ציגלרויטן שניפּס, האָט געמאָלן קליינע קעצלעך מיט אַ בלייפעדער ביי זיך אויף די נעגל, זיי אָפּגעלעקט מיט דער צונג, ווי אַ מוטער-קאַץ, און מיט אַ

מעלאַנכאָליש קיל דערציילט ווינטגרינגע שפּאַסן, וואָס האָבן גאָרנישט געמיינט, אינם ליכט פון דער זון, און פון גראָז.

מיר זענען אַזוי געלעגן 2 שעה מיט 14 מינוט.

מיין אַלטער קעמעלהאָר-מאַנטל איז געווען אונטערגעשפּרייט אונטער אונזערע בייכער, און ער האָט זייער גוט געהערט, וואָס מיר האָבן היינט געגעסן אויף מיטאָג.

זייגער 7 ווערט נאַכט. איצט איז שוין 6 מינוט נאָך זעקס. מ׳דאַרף גיין.

מיר האָבן זיך אויפגעהויבן. זיך אַרומגעשטויבט די קליידער, באַמערקט, אַז די עלנבויגנס זענען ביי אונז אַ ביסל גרין, האָבן מיר זיך מונטער צערעדט וועגן זאַכן, וואָס נעמען-אַרויס פלעקן, ווי בענזין, לאַקווירצ, עטמילאָן און אַזויווייטער.

דאָ איז אונטערגעקומען אַן אומבאַקאַנטער מענטש און אונז געפרעגט, צי מיר האָבן געזען די חיות אין טירגאָרטן. מיר האָבן געזאָגט, אז „יאָ". ער האָט געפרעגט, צי מיר וואָלטן געוואָלט, ער זאָל אונז קויפן אַן עלפאַנט. מיר האָבן אים אָנגעקוקט פאַרגאַפט. ער האָט אונז פאַרזיכערט, אַז ער איז זייער אַ רייכער מענטש און ער קאָן אַלצדינג קויפן אויב ער וויל. די פראַגע איז נאָר געווען, צי מיר האָבן אַ פּלאַץ פאַר אַן עלפאַנט, אויב ער זאָל אים אונז קויפן. איך בין געוואָרן פאַראינטערעסירט אין דעם מענטש. מיין פריינט קאסטעלשפּענער האָט אים אַרויפּאָטאָגראַפירט מיט זיינע שיינע, גרינלעכע אויגן, און מיר געגעבן אַ ווונק, מיר זאָלן דעם מענטש מיטנעמען מיט זיך, אין הילצערנעם, אָפענעם גאָרטנשטוב אַריין, וווּ מ׳פאַרקויפט נאַשעריי און שפּייז.

9 מינוט שפּעטער זענען מיר אַלע 3 געזעסן אין גאָרטנשטוב פון פאַרק, געטרונקען אינגבער-ביר, און דער אומבאַקאַנטער האָט געפּלוידערט זייער פריי און גרינג וועגן דעם לאַנד, פונוואַנען ער קומט. פון די דאָרטיקע מענטשן, פון זייערע מנהגים, זייער רעליגיע, פון זייערע ווונדער.

„ביי אונז" האָט ער געזאָגט „האָט יעדער מענטש אַן עלפאַנט אין שטוב, ווייל מ'גלויבט, אַז אַן עלפאַנט ברענגט גליק. דער עיקר גלויבט מען ביי אונז אין הענער און אין זייגערס. יעדער זייגער איז אַ גאָט. די זייער גלויביקע, געטלעכע מענטשן שלאָפן ביי אונז (זאָגט ער) אין די אומרוען פון די זייגערס, צו דעם צוועק מאַכט מען ריזיקע זייגערס, מיט אַזוינע שווינגערס, וואָס מ'קאָן דאָרט אַריינשטעלן אַ בעטל, וואָס איז גענוג גרויס פאַר אַ מענטש".

איך האָב מיר אויף גיך אָנגעצונדן אַ ציגאַר, כדי נישט צו פאַרהערן אַפילו אַ וואָרט פון דעם, וואָס דער פרעמדער דערציילט. קאַסטעלשפענער, וואָס האָט ביז איצט געזיפט זיין אינגבער-ביר דורך אַ שטרוי, איז געבליבן מיט דער שטרוי אין מ׳ל, ווי מיט אַ וואַלד-פייפל, און דער אומבאַקאַנטער האָט ווייטער דערציילט, אין דעם ווינט אַריין, וואָס איז איצט אָנגעקומען פונם בראָנקסער וואַלד:

„ביי אייך" האָט ער געזאָגט „אַז אַ מענטש פאַרלירט אַ פוס, ווייַנט מען. ביי אונז איז דאָס גאָרנישט".

ער האָט אַרויסגענומען אַ קליינע, אַמעריקאַנישע נאַר-גילקע, אַרויפגעלייגט פון אויבן אַ קויל, אָנגעצונדן, זיך רויק און מזלדיק געצויגן דעם פאַרוואַסערטן רויך, געמאַכט „פיפ, פיפ" און געגאַנגען ווייטער מיט זיין וועגעלע ווערטער:

„ביי אונז איז גאָר אַן אַנדערע וועלט, „מאַנדילוזיא" הייסט דאָס לאַנד, אויף יענער זייט קאַלאַגלאַ-טייך, פונוואַנעט איך קום. איך אַליין בין אַ קאַלאַגלאַזש. איך בין געשיקט געוואָרן צו אייך, אין די שטאַטן, מיט אַ שליחות".

— ? (איך).

— ? (קאַסטעלשפענער).

„יאָ, אַקוראַט אַזוי, ווי איך זאָג אייך. ס'איז וועגן דעם סעקציע-לעבן. אָדער בעסער געזאָגט, וועגן דעם סעקציע-באַשאַף פון דעם מענטשן, וואָס קאָן דורכגעפירט ווערן אויף דריי—פיר אופנים. ערשטנס, ווייל איך אייך קלאָר מאַכן, אַז מיר, די קאַלאַגלאַזשן, זענען שוין לאַנג געקומען צום שכל, אַז אַ מענטש דאַרף

נישט געבוירן ווערן אינגאַנצן מיט אַמאָל, נ״ר ביסלעכווייז. ס'איז דערזעלבער פּרינציפּ, ווי אין אייערע אַמעריקאַנער פאַבריקן: ספּעציאַליזאַציע. איר פאַרשטייט מיך? אַז אַ פרוי, למשל, מוז געבוירן אַ גאַנץ קינד אויף אַ מ אָ ל, קאָן זי זיך נישט אָפּגעבן מיט יעדן טייל פונם קינד באַזונדער. דרים איז ביי אייך דאָ אַזויפיל שלאַפקייטן. ביי אונז איז אַנדערש. ביי אונז איז פאַראַן באַזונדערע פרויען אויף צו געבוירן הענט, אַנדערע פרויען גייען צו קינד בלויז מיט פיס אָדער מיט אויערן, אָדער מיט נעז. די שוואַכסטע פון זיי געבוירן בלויז — פינגער, אָדער אַנדערע קליינע, שוואַכע טיילן פון מענטשנס קערפּער".

— ? ! (איך).

— ? ! (קאַסטעלשפּענער).

— יאָ, יאָ, מיינע פריינט. אַזוי איז דאָס. ביי אייך איז אויך אַ פּראָבלעם פון צופיל מענטשן. פאַרוואָס? (פּיפּ, פּיפּ,) ווייל יעדע פרוי האָט אַ גאַנץ קינד אויף אַמאָל. ביי אונז אָבער גייען איבער אַכציק פרויען צו קינד מיט — 1 קינד. יעדער פרוי איז אַ ספּעציאַליסטן אין איר פאַך. איבעריגענס נוצט מען ביי אונז אויך דעם ס ע ל ע ק ט י ו ו ן מעטאָד — דאָס הייסט: מען קלויבט אויס דאָס פיינסטע אויער צום שטאַרקסטן הארץ, און דאָס פלינקסטע אויג צום בעסטן געשלעכט. — דער איינציקער חסרון איז ביי אונז, ווי אין אייערע פאַבריקן, ווו מען אַרבעט סעקציע-אַרבעט: טאָמער בלייבט איין סעקציע הינטערשטעליק איז אַלעס קאַפּוט. אַזוי ליגן ביי אונז, למשל, אַרום אַ סך מענטשן און קאָנען נישט צונויפגעשטעלט ווערן, ווייל סע פעלט נעז. — אָדער אַנדערע טיילן. דאָס איז אַ שטיקל אָפּהאַלט אין אונזער מאַסנפּראָדוקציע פון מענטשן, אָבער, פּיפּ, פּיפּ, פאַרגלייכט מיט אייערע מענטשן, וואָס זענען געמאַכט פון איין שטיק, איז דאָס גאָרנישט.

— ?... ! ! ! (איך).

— ?... ! ! ! (קאַסטעלשפּענער).

— יאָ, פּיפּ, פּיפּ, צו אייך אין אַמעריקע בין איך געקומען,

הייסט דאָס, אויף אַ לאַנד-שליחות. עס פעלן אויערן-טאַטעס. איר פאַרשטייט? דאָס מענטשלעכע אויצר איז זייער אַ קונציקע זאַך, פאָדערט, מען זאָל זיך דערמיט באַזונדער אָפּגעבן, נישט כאַפּן. — דער עיקר איז דאָס וויכטיק פאַר די קינדער, וואָס ווערן געבוירן אַלס אייניקלעך.

— קינדער אַלס אייניקלעך? (קאַסטעלשפּענער).

— יאָ. אַודאי. ביי אייך, אַז מענטשן האָבן חתונה אויף די עלטערע יאָרן, האָבן זיי קליינע שאַנסן צו האָבן אייניקלעך. ביי אונז, אויב אַן עלטער פאַר פאָלק וויל האָבן אייניקלעך, האָבן זיי דירעקט אייניקלעך, וואָס לאַכן פון זיי, און שטימען מיט זיי נישט-איין אין קיין זאַך. — פאַר די דאַרפן מיר אָבער עקסטער-שטאַרקע גלידער, ווייל זיי דאַרפן דאָך זיין דער... דור, וואָס מיט אַ דור שפּעטער! דערפאַר אָבער, ווי איך האָב אייך שוין געזאָגט, איז ביי אונז נישט קיין אומגליק, אַז אַ מענטש פאַרלירט אַ האַנט, אָדער אַ פוס, אָדער אַ ריפּ, אונזערע פרויען גייען שטענדיק צו קינד מיט די אַלע זאַכן — אויב זיי האָבן נאָר די נויטיקע טאַטעס. אַמאָל געפינען אונזערע מענטשן-מייסטער פאַר נויטיק צוזויפצושטעלן אַ מענטש פון עטלעכע פאַרבן אָדער ראַסן, כדי אָפּצושאַפן דעם האַסענראַס, און די שנאה פון פאָלק צו פאָלק. אויב איר ווילט מיטפאָרן מיט מיר קיין מאַנדילוזיאַ, (ווענדט ער זיך צו מיר, מיט דעם „פּיפּ, פּיפּ" פון זיין נארגילקע) גיב איך אייך דרייסיק קוואָרט גאָלדשטויב, קויף איך אַן עלפאַנט אויף מיטצונעמען אַהיים, און איך פאַרזיכער אייך, אַז איר וועט שלאָפן אויפן פענדיקל פון אַ זייגער. —

*

פון יענער זייט פאַרק האָט זיך דערהערט אַ בלייענער פייף. דריי וועכטער זענען אָנגעקומען און האָבן דעם פרעמדן אויפגעכאַפּט. פון ווייטן האָבן מיר נאָר געזען, ווי ער

שטעלט-צו פינגער צו זיין נאָז, און געהערט, ווי ער לאַכט: כלי-כלי.

איך און מיין פריינט קאַסטעלשפּענער זענען אַריין אין אונטערבאַן, אָן ווערטער און מיט פאַרביטערטע אויגן.

## דאָס עץ־החיים־בוימל

איך הער ווי עמעצער זאָגט: „איבער אַלצדינג איז גאָט״. איך הער, ווי אַן אַנדערער זאָגט: „וואָסער גאָט? וועמענס גאָט? זייט נישט קיין נאַר. ס׳איז נישטאָ קיין גאָט״.

איך נעם אָן, אַזביידע זענען גערעכט: דער, וואָס זאָגט „זיי נישט קיין נאַר. ס׳איז נישטאָ קיין גאָט״ און דער, וואָס זאָגט, אַז „איבער אַלצדינג איז גאָט״.

*

דאָס גלויבן און דאָס אומגלויבן — ביידע זענען צוויי שפּיצן פונם זעלבן ריטל, פאַרקיילעכדיקט, פאַרבונדן, פאַרענדיקט.

איך ווייס נישט, גלויב איך נישט. דו ווייסט נישט — גלויבסטו.

ס׳איז דאָס אייגענע.

דער גאָטסגעפיל, שטענדיק האָט ער מיך פאַרכאַפּט, געפּלאָגט, אין פיבער געטריבן.

ניין יאָר בין איך אַלט געווען, ווען איך האָב גענומען גאָט זוכן.

דער רבי האָט געזאָגט: „אויבן!״ און האָט געוויזן מיט אַ ביינערנעם פינגער איבער די רויכלעך פון אונזער שטעטל.

דער פעטער איציק האָט געזאָגט „דאָרט'' און געוויזן צו די לייבפאַרביקע פעלזשטיינער, וואָס האָבן באַקרוינט אונזער כּיצל ערד.

די ליכטיקע רעגנס האָבן געבליט אינאיינעם מיט די גרינגראָע זאַנגענגערטנער, געוואַשן די בערד פון די געקריי-ציקטע אויף די וועגן. די קרענצלעך פון די הייליקע בילדער, די לאָדענדלעך פון דעם זשאַנדאַר'-שטיבל און געזאָגט עפּעס, וואָס איז געווען מער, ווי די טיפסטע ווערטער. אַ פרילינגדיקע נאַכט און אַ קינד-פרוי האָבן שטערנדלעך און אויגן געוויזן. אַ באַרג האָט מצטאַליש געקלונגען, מיט ברכי-נפשי. דער שפּיץ פונם באַרג איז געווען דער עפּיגראַמאַטישער סוף. דער אָפּ-ענד פון עפּעס אַ לעכטיק', שמעקעדיקן וועלט-סוד, וועלט-אויפקלער. די נעסטן פון שוואַלבן האָבן געהאָנגען גראָ-ווייג-טרויבענדיק, הינטער די דעכער. די רויכלעך האָבן זייער פייער-געבירט פאַרגעסן און צום הימל געגאַנגען — צו ווערן טרערן. שפּעלעך האָבן זיך געלאָנקעט אויף די לאָנקעס. שטילקייטן, דין, ווי גרין-דורכזיכטיקע גלאָזן, האָבן מיר די אויערן געקושט. דאָס לעבן איז געווען פאָרויס, העט-העט, אויפן „ווינער וועג''. אויף דער שמאָלער סטעגגע-סטעזשקע, אין פלוימענגאָרטן, דעמאָלט בין איך ניין יאָר אַלט געווען און האָב געשראָקן זיך פאַר דעם גאָט, וואָס שמייסט מיט אייזערנע קוקורוזעס, און שטעקט אַריין דעם רשע אינמיטן פון אַ גיהנומדיק, שוואַרץ לעכט, — ער זאָל זיין דער קנויט...

היינט בין איך עלטער און איך גלויב, אַז... יאָ און ניין. און ווו? און — גאָט האָב רחמנות!

*

איך און וועלוול זענען מיר בשותפות אַרויסגעגאַנגען זוכן גאָט.

וועלוול איז געווען עלטער פון מיר מיט אַ יאָר. ער האָט געטראָגן אַ טוכענעם הוט, מיט אַ סטענגע. זיינע קליינע פאות זענען געווען אויף זיין בלייך פנים, ווי פייגעלעך. דער לאַנגער

ציצה-כנפות האָט אים שטענדיק געפּאַטשט איבער די קניעס, ווייל ער איז געווען אַ לויפענדיקער. אין זיינע אויגן איז געווען פעפערדיק זאַלץ און בלישטשעדיקער האָניק און גלאַנצענדיקער פעפער.

„דו ווייסט", האָט מיר איינמאָל אין אַ שיינעם שבת געזאָגט וועלוול, „איך גלויב, אַז איך האָב געפונען דעם עץ־החיים; נאָר שווער דיך, אַז דו וועסט קיינעם נישט אויסזאָגן, וועל איך דיר זאָגן ווו."

— איכ'ל קיינעם נישט אויסזאָגן, וועלוול. זאָג מיר ווו, וועלוול?

מיין האַרץ האָט זיך געצאַפּלט, ווי אַ טויב, וואָס מען נעמט זי אָן ביי אַ פּיסל.

— „אין דער ליק", האָט געזאָגט וועלוול, „אין דער ליק לעבן אונזער שטוב, ווו די שטאַכעטן זענען."

*

ס'איז געווען אַ זומער-שבת. דאָס שטעטל האָט געהאַט אָפּגעגעכן דעם שווערן טשאָלנט און איז געשלאָפן הינטער פענסטערלעך מיט אַרויסגעטריבענע זונען. אַ קאָזע איז געשטאַנען אויף אַ בערגל מיסט און זיך באַקלאָגט, פאַרוואָס אַלצדינג אין דער וועלט איז „מע". די לייבנפאַרביקע פעלזשטיינער זענען געווען אָנגעגליט מיט עפּעס אַזוינע הייסע זמירות. אַ גאָלד-ברוינע בין-מלכה איז געשטאַנען אויף אַ קעפּל פון אַ דאָרנביימל. אַ טיר האָט פאַרלוירן אַ קליינעם סקריפּ, אַ זאַטער געגעץ איז אַרויסגעפלויגן דורך אַ פענסטער זוכן אַ תכלית. אַ פלאַקס-גרויער ייד האָט זיך געקראַצט הינטער אַ געטרייער יאַרמולקע און געהעמט און געהומט. אַ בלאָטיקער שטראָם האָט געמאַכט „כלי-כלי" איבער אַ פּרוטקעלע, וואָס האָט אים אייביק געשטעקט אין האַלז, און ער האָט עס נישט געקאָנט אַרויסנעמען. אַ פעדערל, איז זיך, אַליין פאַר זיך, אַביסל געפלויגן. געפרווּט זיך דערמאָנען, אַז עס איז אַמאָל געווען אַ פליגל

פון אַ גאַנז, געפֿלויגן מיט מי, אַראָפּ אויף דער בינען־מלכּה, זי דערשראָקן אויף טויט און — אויף געזאַנג...

איך בין דעמאָלט אַלט געווען ניין יאָר. וועלוול — עפּעס מער.

*

דער וועג צו דער „ליק" איז געווען פאַרשטעלט פון ביידע זייטן מיט הויכע, שפּיציקע שטאַכעטן.

מיר האָבן אַריבערגעקלעטערט די שטאַכעטן. איך האָב מיר צעריסן די פינגער אָן די שפּיצן, ביי וועלוולען האָט אָנגעהויבן צו גיין בלוט פון דער נאָז, ווייל ער האָט אַ שלעכטן שפּרונג געטון.

ס'איז געווען פאַרנאַכט, די זון איז שוין אַריינגעפאַלן אַ היפּש שטיקל וועגס אינם מאָרגן אַריין. שאָטנס האָבן דאָ גע־טונקלט מיט זייערע הוידעלדיקע גופים, אָן איבלדיקע פייכקייט האָט געשלאָגן פון דער ערד, אַ דופט פון ווילדע שוועמלעך, פון צעווייקטע אָפּפאַלן.

— וווּ? — האָב איך געפרעגט וועלוולען, און געזען, ווי רויטע טרערן רינען אים פון דער נאָז.

— דאָרט. — האָט געזאָגט וועלוול און געוויזן אויף אַ ווינקל, וווּ אַביסל גרינס האָט זיך געריסן פון דרערד.

— רייס עס אויס! — האָט געזאָגט וועלוול. — ס'איז דער עץ־החיים... נאָר ריר עס נישט אָן מיט די הענט. מיט די נאַקעטע עלנבויגנס פּליק עס אויס. אַזוי מוז מען!

איך האָב געטון, ווי וועלוול האָט געהייסן. אַראָפּגעוואָרפן פון זיך ס'קליינע „אויבערצירל", פאַרשאַרט די אַרבל, און לאַנג־לאַנג געאַרבעט, ביז איך האָב מ י ט דער ערד און מיטן מיסט אַרויסגעשלעפּט דעם „עץ הדעת".

*

אויף אונזערע פּנימער האָט געזונגען אַ זון, פונם אינעווייניקסטן יונגן בלוט אַרויס. מיר זענען געווען לויטער ציטערניש און פלאַטערניש און פרייד און שרעק.

— איצט וועלן מיר שוין לעבן אייביק! — האָט געזאָגט וועלוול, און געטראָגן דאָס שטיקל פלאַנץ מיטן מיסט אין אַ טיכעלע. — צום באַרג-אַרויף, ווו די שאָף-הערדע האָבן זיך געפּאַשעט.

*

מיר זענען לאַנג געשטאַנען אויפן באַרג. גערעדט חלומות, געפּרוווט אַרויפשטעלן זיך אויף אַ שטיין, און אונטערשפּרינגען אויף צו דערלאַנגען די פּעטע, שיינע פאַרנאַכט-כמאַרע, וואָס איז געגאַנגען איבער אונז מיט גאָלדענע ראַנדן.

פון וועלוולען האָט נאָך גערונען ס'בלוט פון דער נאָז. מיינע פינגער זענען געווען צעשטאָכן, און די עלנבויגנס צעריסן, אָבער ס'האָט אונז נישט געאַרט, ווייל מיר האָבן געוווּסט, אַז איצט וועלן מיר שוין לעבן אייביק! מען דאַרף נאָר האַלטן דעם „עץ-החיים״ אויפן האַרץ, הינטערן ציצע-כנפות זיבן טעג מיט זיבן נעכט נאָכאַנאַנד. מער גאָרנישט.

*

וועלוול האָט נישט געהאַט קיין טאַטן. זיין זיידע איז געווען אַ גראָבער, געזונטער קצב. ער האָט ליב געהאַט „צוויי-און-ניינציקער אָקוויט״ און וואַרעניקלעך מיט קאַשע, די שוחטים האָבן פאַר אים געציטערט. טאָמער האָבן זיי אים טרייף געמאַכט אַ קעלבל, פלעגט ער זיי נאָכלויפן מיט אַ שייט-האָלץ און שרייען „בלוטאָטשניק! חיקאַטש! בריך-ליק:״ (אַלץ אייגענע ווערטער אַזוינע). ערשט פאַרנאַכטאָגן דאָנערשטיק איז ביי שמעון-

שוחט טריפה געוואָרן יענעמס אַ ביקל אונטערן חלף, האָט ער מורא געהאַט אַרויסצוציִען פון דער בוינע, נאָר ער האָט אַרויסגע-שריגן דורך אַ שפּאַלט „טריפה"!... האָט וועלוולס זיידע דער-לאַנגט אַ שפּרונג אַריין אינעווייניק און אים געוואָלט דערהרגענען. איז שמעון שוחט געלאָפן איבער דער גאַס מיט אַ צעבלוטיקטער באָרד, און מיט אַ נאַסן חלף און געשריגן: „יידן ראַטעוועט!"

*

אַז מיר זענען אַריין צו וועלוולען אין שטוב אַריין, איז נאָך דער זיידע געשלאָפן. זענען מיר געגאַנגען אויף די שפּיץ פינגער, ווי איבער אַ טייך מיט אַ זייער דינעם אייז. אָבער דער זיידע האָט זיך אויפגעכאַפּט, אונז דערזען, דערזען, ווי וועלוול טראָגט דעם פאַרבלאָטיקטן „עץ-החיים" הינטער דער פּלייצע, אים צוגערופן צו זיך געלאַסענערהייט און געזאָגט:

— אַנו, געב נאָר, וואָס האָסטו דאָרטן?!

וועלוולס אויגן זענען געוואָרן אָנגעשוואָלן מיט וואַסער. זיין שטים האָט זיך געצירט פון זינען. זיינע ליפּן האָבן קוים דער-טראָגן די ווערטער:

— ס'איז גאָרנישט, זיידע, זאָל איך אַזוי לעבן, ווי ס'איז גאָרנישט!

— געב אַהער, דעם גאָרנישט! -- האָט געזאָגט דער זיידע, געגעבן אַ כאַפּ וועלוועלס האַנט מיטן „עץ-החיים" צו זיך, באַ-טראַכט די פלאַנץ און געזאָגט:

— אום שבת געריסן... האַ? זיי-זשע מוחל, גיב ס'טאָכיסל...

אין אַ רגע אַרום איז דער „עץ-החיים" געלעגן אינדרויסן, און וועלוול איז נעבעך געלעגן ביי זיין זיידן אויף דער קני.

איך אַליין בין אַרויסגעלאָפן ראַטעווען דעם עץ-החיים, אָבער אַ קאָזע האָט אים שוין געהאַט צעקייט און פאַרדאָרבן.

*

פון דעמאָלט אָן זוך איך שטענדיק גאָט און דאָס איי-
ביקע לעבן און איך וויין (שטילערהייט) איבער די שלעכטע
זיידעס, וואָס וואַרפן אַרויס דאָס, וואָס מען געפינט מיט אַזוי-
פיל מי. און איבער פאַרדאָרבענע געטער, וואָס באַשאַפן אַ ווינע
שלעכטע זיידעס.

# אַ מעשה מיט אַ העמד

חיימען געדענקט איר נאָך? — איך מיין יענעם חיימען, וואָס איז געווען דעם מאָלער יצחק ליכטענשטיינס אַ פריינטל, און מיינס אַ —

— איר געדענקט, איך האָב אייך אַמאָל געבעטן, איר זאָלט מיך אַמאָל דערמאָנען, איך זאָל דערציילן וועגן אים די „געשיכטע מיטן באַקעטן האַרץ״ — האָט איר מיך נ י ש ט דערמאָנט. (איר האָט מסתם בילכערע זאַכן אין זינען צו האָבן!) אָבער איך האָב אַליין מיר אַ קלאַפּ געטון אין שטערן, און זיך דערמאָנט 2 געשיכטן, אַנשטאָט איינער.

*

חיים האָט באַשלאָסן, אַז ער וויל מאָלן. האָט ער זיך אַוועקגעזעצט און געמאָלן. בעסער פון... אַ סך, אַ סך באַקאַנטע מאָלערס, וואָס זייער נאָמען קלינגט... ווי אַ בלעכן פּעסל מיט זילבערנע האַלבע דאָלאַרס...

אָבער קיין געלט צו צאָלן דירה־געלט איז נישט געווען און פאַר מאָדעלן אַודאי נישט... (חיים איז אַליין געווען אַ „מאָדעל״, אָבער איצט האָט מען גראָד באַדאַרפט אַ פרוי־מאָדעל).

איז חיים אַוועקגעלאָפן אויף אַ מינוט און געוואָרן אַ...

מאַטראָס און געשריבן בריוולעך פון שיף, און געבעטן, מען זאָל לאָזן גריסן די „אָראַנזשענע קאַץ״, (אַזאַ ליאַלקע, וואָס איך און ליכטענשטיין האָבן זיך מיט איר געשפּילט), דערציילט, אַז ער לערנט דעם קאַפּיטאַן — יידיש, און, אַז ער האָט שוין דאָרט אַ פריינטל, איינעם אַ פּאַוועל (אַ גוי, פון דער מאַמעס צד) און, אַז דערדאָזיקער פּאַוועל שרייבט לידער אויף רוסיש, וואָס ער (חיים) איבערזעצט אויף — יידיש, פראַנצויזיש און אונגאַריש.

איינס פון די-אָ לידער ליגט נאָך ביי מיר אין זכרון-אַרכיוו... — איך ווייס נישט, צי „פּאַוועל״ האָט עס געשריבן, צי חיים האָט עס אויסגעטראַכט — ב י י ד ע זאַכן: אי זיין „פּאַוועל״, אי דאָס ליד. איך געדענק עטלעכע פראַזן, און איך גיב זיי דאָ איבער, איידער איך פאַרגעס, און איידער איך דערצייל ווייטער די געשיכטעס, אָט איז עס:

וויגט די שיף זיך אויפן ים,
ווי אַ קינדער וויגל,
די לבנה גיסט אויף איר —
מילעך פון איר קריגל.

נעם איך קריכן העט אַרויף
אויף שאַקלדיקע מאַסטן,
קרעכצן לייטערס אויף דער שיף
פון די שווערע לאַסטן.

און איך שטיי אויף סאַמע שפּיץ
קעגן מאָרגנשטערן,
אויף דער קאַלטער נאַז ביי מיר
וויינט די נאַכט מיט טרערן...

הכלל — חיים שרייבט לידער, חיים איז אַ מאַטראָס, חיים שרייבט שוין נישט קיין לידער, חיים איז שוין א ו י ס מאַטראָס: חיים איז שוין דאָ קריק. איין טאָג איז ער אַ דאָלמעטשער עפּעס אין אַ געריכט, דעם אַנדערן טאָג איז ער אַ

„מענטדזשער״ פֿון אַ גרויסן האָטעל, דעם דריטן טאָג מאַכט ער זיך אַליין אַזאַ מין קעסטעלע און שטעלט זיך אַוועק אויף די קניעס אין פּוצט שיך — אויף וואַשינגטאָן סקווער... און, אַז ער דערטאַפּט אַ „ספּאָרט״ מיט ווייסע זאָקן (חיים האָט מורא־דיק פֿיינט ווייסע זאָקן, און... כאַציאַל־דעמאָקראַטן!) — אַז ער דערטאַפּט אַ יונג מיט ווייסע זאָקן, פּוצט ער אים שוין נישט די שיך, נאָר די זאָקן.

אַמאָל קומט דערפֿון אַרויס אַ געשלעג. קומט חיים אַהיים מיט אַ „בלוי אויג״ און ער פֿייפֿט... און איז גוואַלדיק אויפֿגעלייגט. ער האָט זיך מקריב געווען פֿאַר אַן אידעאַל.

*

איינמאָל קום איך אַריין אין ליכטענשטיינס סטודיע אויף דער 14־טער (איך האָב נישט אָנגעקלאַפּט, און זיי האָבן פֿאַרגעסן פֿאַרשליסן די טיר), איך גיב אַ קוק — שטייט אַ... דורכאויס נישט אָנגעטוענע מויד. אין ביישטידל פֿון דער טיר, וואָס פֿירט פֿון איין צימערל אין אַנדערן (חיים האָט געהאַט אַ באַזונדערע סטודיע — אָפּגעטיילט מיט אַ טיר פֿון ליכטענשטיינען), און ביידע, אי ליכטענשטיין, אי חיים אַרבעטן אויף איר. איינער זיצט פֿון פֿאָרענט מיט דער פּאַליטרע אין האַנט, דער אַנדערער זיצט פֿון הינטן און מאָלט אויך.

אַז די מויד האָט דערהערט, אַז עמעצער איז אַריינגעקומען, האָט זי זיך פֿאַרשעמט און געוואָלט אויף זיך עפּעס אַרויפֿכאַפּן, אָבער, אַז זי האָט דערזען, אַז עס איז אַ מאַנסביל, האָט זי זיך באַרויקט און געבליבן שטיין, ווי זי איז געשטאַנען.

— דו זעסט? — מאַכט חיים און ווייזט מיט אַ פּענזל אויפֿן נאָפּל פֿון דעם מיידל — דאָס אַרבעטן מיר ביידע בשותפֿות — איך און ליכטענשטיין, — מיר ווילן איינשפּאָרן געלט. אפֿשר האָסטו ביי זיך עפּעס געלט? — כ׳וועל דיר געבן אַ וועקסל... (חיים האָט זייער ליב געהאַט צו געבן — — וועקסלען)!

*

אַן אַנדערס מאָל.

ס'איז זומער בייַנאַכט. חיים איז „געבראָכן'', האָט נישט אַ גראָשן ביי דער נשמה. (געהאַט אַביסל געלט, האָט ער געקויפט אַן אַלטע, רוסישע איקאָנע, אַ הילצערנע, אַליין צוגעמאָלן צו דעם בילד פון קריסטוס — אַ טלית מיט אַ פּאָר תּפילין, און עס אויפגעהאָנגען איבער זיין „הייסבלוטיק בעטל'', וואָס בייַנאַכט פלעגט עס כמעט אַליין ג י י ן...) אינדערפרי האָט ער מיט ליכטענשטיינען אָראָפּגעשיקט ס'איינציקע העמד, וואָס ער פאַרמאָגט, צום כינעזער אין דער וועשעריי. יענער האָט צוגעזאָגט ס'העמד צוריק נישט שפּעטער, ווי אַרום 8 דעם זייגער. איצט איז שוין אפשר 9, דאָס העמד איז נישט פאַרטיק. און זייגער 10 מ ו ז ער, לעמאַנישעם זיין אויף בראָדוועי, ווייל ער האָט אַ ראַנדעוווּ עפּעס מיט אַן אונגאַרישער פּרינצעסין.

חיים פּרוווט אָנטון ליכטענשטיינס'אַ העמד מיט אויסגעטרעפּעטע מאַנזשעטן, אָבער סע גייט נישט אַרויף, כאָטש שריי גוואַלט. ער צעשפּאַלט עס פון אונטן מיט אַ שער, אָבער דעם קאָלנער קאָן מען נישט צונויפּציען און סע וויל זיך נישט האַלטן אין די הויזן.

נעמט ער זיך צו מיר: „גיב ס'העמד''! זאָג איך: „איך גיב נישט''. זאָגט ער: „ביסט אַ חזיר''. זאָג איך: „נו, גוט, בין איך אַ חזיר. אָבער איך וועל בעסער זיין, זאָג איך, אַ חזיר מיט אַ העמד, ווי זיין אַ זשענטעלמאַן, זאָג איך, אָן אַ העמד''. זאָגט ער: „איך מאַך נישט קיין שפּאַס — גיב אַהער ס'העמד. איך האָב אַ „ראַנדעפּיאָדע'' (אַזוי פלעגט ער רופן אַ „ראַנדעוווּ'') איך האָב אַ ראַנדעפּיאָדע מיט מיין גרעפין! און געדענק, זאָגט ער, עס גייט נישט אין מיין אייגן גליק! עס גייט, מאַכט ער, אינם גליק פון דיר אויך, און פון ליכטענשטיינען אויך. ווער וועט אונז אַלעמען, מאַכט ער, געבן צו עסן, אַז

מירן נישט וועלן אַרבעטן. מיר מוזן, מאַכט ער, האָבן אַן אייגענע גרעפין, צום וואָל-אַם-בעסטן. — גיב אַהער ס'העמד״!

איך האָב דאָס העמד נישט געגעבן — ערשטנס, ווייל ס'איז געווען ס'איינציקע העמד, וואָס איך האָב דעמאָלט פאַרמאָגט, צווייטנס — האָט עס געהאַט פון אונטן אַ „פרעמדע פלייצע״, פון טונקעלן געוואַנט (מיין אייגענער אַן אויפטו), דאָס אויסגעשניטענע שטיק ווייסע לייוונט, האָב איך גענוצט פאַר קראַגנס. „אַנקאַ״ איז געווען מיין שניידערין... זי איז אויך געווען אַ דיכטערין, און האָט געהאַט זעלטענע איינפאַלן!

חיים האָט אַ ווײַלע צוגעלייגט אַ פינגער צום שטערן, זיך פאַרטראַכט, אויפגעמאַכט אַ שופלאָד און אַרויסגענומען אַ פּאָר צונויפגעלייגטע שוואַרצע הויזן מיט טאַשמעס אין די זייטן, דערנאָך האָט ער אַרונטערגעוואָרפן פון זיך ס'אונטערהעמד, און זיך גענומען ראַזירן ס'האַרץ.

— וואָס איז דיר מיטאַמאָל איינגעפאַלן צו האָבן אַ ריין האַרץ? — פרעג איך.

— דורכאויס נויטיק! — מאַכט חיים ערנסט, פייפט און ראַזירט...

אַז ער האָט זיך אָפגעראַזירט די האָר פון דער „ברוסט״, האָט ער גענומען די פּאַליטרע, זיך געשטעלט קעגן שפּיגל און גענומען אַרבעטן.

אין 15 מינוט אַרום האָט ער זיך געהאַט אויפגעמאָלן אַ העמד מיט א שוואַרצן קראַוואַט.

— נו! מאַכט ער — זעסטו שוין, אַז קונסט באַצאָלט זיך?

כ'האָב געזאָגט, אַז איך זע.

חיים האָט אַרויפגעשלעפּט אויף זיך אַ נישקשהדיקן עלטערן פראַק מיט טאַשמעס. האָט אַרויסגעשלעפּט דעם פאַרביקן אונטערשלאַג פון דער אויבערשטער קעשענע און עס געלאָזט אַרויסשטעקן, ווי אַ פיין טיכעלע, גענומען אין דער האַנט אַריין אַ שטעקן מיט אַ ביינערן קעפּל, און איז אַוועק באַגעגענען די גרעפין...

*

אינדערפרי האָט חיים אַהיימגעבראַכט אַ... גוואַלטיקן קאָפּווייטיק, אַ ניי העמד, אַ פּאָר פּרויען-פּיזשאַמעס, וואָס זענען געווען אויף אים צו-קליין, און אַ פלעשל בראָנפן.

— חזירים! — האָט ער זיך געזידלט און אויפגעוועקט מיך און ליכטענשטיינען — צוליב אייך האָב איך היינט געמוזט אָפּפּערן מיט מיין ערע. ווער וויל בראָנפן?

# דערמאָנענישן

ווי צעריסענע שטיקלעך פּאַפּיר אויפן ווינט — דערמאָנענישן.

איך בין מיד פון דעם אייזערנעם טאָג, פון די באַשפּיגלטע נעכט. — זעץ איך מיך אויף און פאָר צוריק אַהיים.

ווער וויל מיטפאָרן? עס איז נישט ווייט: ס'איז גאַליציע. ס'איז מיין עלפטער יאָר. איך בין נידריק און פעט און האָב (וואָלט איר געגלויבט) העל-ווייצענע לאָקן. שטיקלעך פאות זענען ביי די זייטן פון מיין פנים, ווי דערשראָקענע, בלאָנדע שלענגלעך — אָן אַ גאַל. איך בין (שוין דעמאָלט) טומלדיק און אומרויק. האָב קיין געדולד נישט צו לערנען. וויל קאָנען אומגעלערנט. — וויל בלויז לערנען דעם סוף — אָבער דעם אָנהויב? — כאָטש דערהרגעט מיך! (היינט לערן איך אַזוי: כ'גיב אַ מיש אַ בוך — וווּ דאָס אויג פאַלט, דאָרט ליגט עס. איך לייען אָפּ עטלעכע בלעטלעך און גיי צוריק, צום פאַר-פריערדיקן, אָדער איך גיב אַ היפּ-איבער א 100 זייטן און... כאַפּ אַ בליק אויפן סוף. אַמאָל לייען איך צוויי-דריי ביכער מיטאַמאָל. מיש זיי אַלע צונויף, פּרוּוו זען, וואָס עס וועט אַרויסקומען דערפון, וואָסער טעם עס וועט האָבן. אַזוי מיש איך אויך טאַבאַק. — איך קויף עטלעכע סאָרטן פונעם ביליקסטן ביזן בעסטן, וואַרף צונויף אין מיין טאַבאַקקעסטל, און... האָב ס'געפיל, אַז איך האָב עפּעס אַליין צוגעטראָגן צום טעם פון מיין רויכטאַבאַק!)

*

גרעטל קעמט זיך די פלאַקס-פאַרביקע צעפ מיט אַ גאָלדענעם קאַם (וואָדען יאָ?) און זינגט „שיידן טוט וויי"...

יאָ. שיידן טוט וויי. אַפילו מיטן שלעכטן טוט וויי צו שיידן זיך. וואָרין — וועניקער, ווי מיט אונזער אייגענעם לעבן, שיידן מיר זיך קיינמאָל נישט.

אָפגעזאָגט, אָפגעמעקט, פאַרגעסן.

די מיט-לייוונט איבערגעצויגענע |בויד לאָזט זיך באַלד אין וועג אַריין. זי איז אויסגעבעט מיט שטרוי, ביי די זייטן — אויף די דראַבינעס-לייטערס. קלינגען די „פיטניעס". אונטן, ביים „דראָנזשיק" — שלעפט זי נאָך אַ יונג לאָשיקל, וואָס גייט אויף אַלע פיר זייטן מיטאַמאָל.

ערשט געבוירן און — די זון האָט זיך נאָך נישט צו-בויפגערעדט מיט זיינע אויגן, די גראַוויטאַציע האָט זיך נאָך נישט צונויפגערעדט מיט זיינע פיס.

ס'איז פינסטער. אַ „הינדל" לבנה צווישן אַ ווילדער טשערעדע כמאַרעס.

וואַלדוואַרג. אויבער-שטילקייט. שלעשטשען בלעטער, עפעס קאַפעט, ווי ס'וואַלד וואָלט פון זיך אָפגעטריפט שטיקער האַרץ. טוי, צי נישט טוי — מיר פאָרן (א י ך — אויך)! אין בויד איז טונקל מיט אַ טונקלקייט פון ברוינעם, גלאַטן פוטער. מיר גיבן אַ טאַפּ אַרום זיך — עפעס אַ וואַרעמס און אַ בריסטיקס, ווי אַ פרוי. א מיידל — אפשר? אַ שאָנהייט? — (גאָט מיינער!)

מיר רוקן זיך צו, מיר לאָזן אונזערע פינגער בלאָנדזען. אונזערע ליפּן אויך. — ווי אומענדלעך גוט און זינדיק דאָס איז! אַ ווינטיק פייער, אַ ווינט, וואָס ברענט און קילט און קוויקט. און אַזוינע גלאַטקייטן! אַזאַ לירישע לייב, אַזאַ — לבנה-סוד, אַזאַ. —

גאָט אין הימל!

שפּעטער, אפשר (האַ?) וועט זיך אַרויסווייזן, אַז דאָס איז צו אַלטע באַביצע... אפשר וועט זי אַ קוויטש טון, ווי אַ מכשפה, אַ גרילץ טון מיט איר האַלז־גריל — דערענדיקן, אויסלעשן, דערקוילן.

ווער ווייסט?

אָבער דערווייל איז נאַכט און טונקל, און — די וועלט איז יונג, און איך האָב העל־ווייצענע לאָקן, און בין עלף יאָר אַלט.

*

וורומטשע —

הייסן, הייסט ער אַברהמטשי, נאָר מיר אַלע קליינע גאַליצישע יינגלעך האָבן אימפּעט אין די אָדערן, רעדן שנעל, שלינגען ווערטער לעבעדיקערהייט, פאַרקערצן, שפּרינגען אַריבער.

דערפאַר: וורומטשי.

דער אָרעמסטער פון אַלע יידישע יינגלעך. אַזאַ אָפּגעריסענער, דאָס לייב קוקט ביי אים אַרויס פון זיינע בגדים — נישט ווי דורך אַ פענסטער, נאָר ווי דורך אַ טיר...

וורומטשי איז שטענדיק הונגעריק און בלאַס און קראַנקלעך. אַ יתום — איז ער. אָן אַ טאַטן. די מאַמע, מ׳שטייס געזאָגט, האַנדלט כלומרשט אויף ירידים — ווען ס׳איז נ י ש ט אָ קיין ירידים און ווען ס׳איז דאָ ירידים איז זי נאַקעט און באָרוועס און קראַנק, און קאָן נישט אַרויסגיין אין מאַרק צריין.

אין דער פוילישער שקאָלע לערנען אַ פערציק קריסטלעכע קינדער און אַ פופצן יידישע. דער „פּראָפעסאָר" איז אַ פּאָליאַק מיט אַרויפגעבאַרשטע האָר, ווי אַ יאָזש, אינגאַנצן אַ שטעכיקער, אַ האַרטער — ער פוצט די קינדערשע שכלס נישט דורך גלעטן, נאָר דורך רייבן.

נאָך ערגער איז מיט דער לערערקע, — אַן אַלט קריסטן־מיידל, אַ הויך קאַווע־ברוין מאָגער „קוגעלע" אויפן קאָפּ, מיט אַ גוואַלטיק „זאָטל" אונטער איר פאַרגרינט יאַקל, און — „איזראַעליטישע קינדער" האָט זי פיינט — מ׳צן זאָל גאָר באַהיט ווערן!

אַז זי שמייסט עמעצן פון אונז, הייסט זי אונז אַליין אַראָפּלאָזן די הייזלעך, לייגט אַרויף איר אייגן האַנטיכל אויפן נאַקעטן אָרט, פון ריינקייט וועגן, און נעמט פּאַטשן.

פיינטער פון אַלע האָט זי וורומטשין. ערשטנס דערפאַר, וואָס ער האָט אַמאָל אָנגעבאָכעט דעם פּעט-קיילעכדיקן „אַמבראָזיק", וואָס איז אירס עפּעס אַן אייגענער, און צווייטנס דערפאַר, וואָס ער איז אַזוי אָרעם, אַזוי דערשלאָגן, אַזוי פאַרנעבוזעט.

ווינטער. גרויסע פרעסט ליגן מיט צלע לאַפּעס איבער אונזער שטעטל.

וורומטשי קומט איינמאָל אין עטלעכע טעג אין שקאָלע אַריין, ער האָט קיין שיך נישט, קיין מאַנטעלע נישט, קיין הענטשקע נישט.

ס'לעצטע מאָל, וואָס ער איז געגאַנגען אין שקאָלע אַריין, איז געווען אַ ביטערער פראָסט. קיין הענטשקעס האָט ער נישט, זענען אים די פינגער „באַנעמען געוואָרן". ער האָט נישט געפילט, אַז ער טראָגט אין דער האַנט אַ העפט מיט אַ ביכל – ביידע פאַרלוירן אויפן וועג, געקומען אין שקאָלע אַריין אַ פאַרווייינטער, אַ האַלב-דערפרוירענער. די לערערקע האָט אַפילו אים נישט געלאָזט זיך אָנוואַרעמען, אים געהייסן אַראָפּלאָזן די הייזלעך, אַרויפגעלייגט ס'ריינע האַנטיכל –

אין מיר האָט געוויינט ס'האַרץ, האָב איך מיט אַ מעסערל שטילערהייט צעשניטן דעם טיש, צעריסן עטלעכע בלעטלעך פון מיין אייגענעם העפט, אויסגעגאָסן טינט און געמאַכט צו אמבראָזן מיט אַ פויסט, אַז איך וויל אים דערהרגענען.

מאָרגן האָט באַדאַרפט זיין „כריפּונק". פון ברעזשאַן איז געקומען אַ „פאַרהערער", אַ גויעלע מיט אַ בלוי-אָדערדיק פנים, מיט „צעקנאַקטע אויגן" און מיט אַ טוליפּל, פון וועלכן עס האָבן אַראָפּגעמיוקעט אַ הונדערט קעץ. אונטער דער לאַנגער אַרונטערדיקער נאָז איז ביי אים געווען עפּעס אַ זאַך, וואָס מען האָט נישט געוווסט, צי ס'איז אַ שאָטן פון דער נאָז, צי אַ יונגעבלאָנדע וואָנסע.

איידער וורומטשי איז געקומען, האָב איך געהערט, ווי די

לערערקע האָט גערעדט צום לערער וועגן די מאָרג:דיקע עק־זאַמענעס. האָט איבערגעסאַכאַקלט דעם גאַנצן קלאַס מיט קינדער, זיך אָפּגעשטעלט ביי דער „שוואַרצער שאָף", ביי וורומטשין, באַחוזקט זיינע בגדים, זיין אָרעמקייט, זיין דערשראָקנקייט...

איך האָב געהערט, ווי דער לערער מיט דער לערערקע האָבן צווישן זיך אָפּגערעדט, אַז מ'זאָל פּאָראויס דערציילן דעם „עקזאַמינאַטאָר" וועגן דעם — משולחת, וואָס הייסט „וורומטשי" (זיי האָבן אים גערופן אויף זייער פּוילישלעכקייט: „וורובטשאַ") און מען זאָל אים, הייסט דאָס, פּאָראויס צוגרייטן צו דעם, אַז „וורובטשא" איז ערגער-ווי-ערגער.

איך האָב וורומטשין גאָרנישט געזאָגט. נאָר, אַז מיר זענען אַרויס פון שקאָלע, האָב איך צום ערשטן אַליין מיך געוואָרפן אין שניי אַריין און געמאַכט אַ מענטשל. דערנאָך האָב איך געבעטן אַמבראָזן, ער זאָל אויך מאַכן אַ מענטשל — מ'זאָל אומישנע זען, וועמענס מענטשל ס'איז לענגער.

דאָס קליינע פּאָליאַקל האָט געפילט, אַז עס גייט אין „האָנאָר", האָט ער זיך נעבעך אַוועקגעלייגט אין שניי, האָב איך געזאָגט, ער זאָל זיך לייגן מיטן פּנים אַראָפּ, וועט זיין שענער. און, אַז ער איז אַזוי געלעגן, האָב איך אים אַרויפגעשטעלט אַ פוס אויפן קאָפּ, און געשריגן אויף פּויליש: „געצל, לאָז אָפּ!" — (צווישן אַלע שקאָלע קינדער איז נישט געווען קיין געצל!)

דערנאָך האָב איך גענומען די איבעריקע יינגלעך, בין מיט זיי אַוועק אין קלויז אַריין און מיר האָבן עפּעס אָפּגעמאַכט, און זיך געגעבן די הענט און געבראַנט און געפלאַמט, און געפּי־בערט, — און געוואַרט אויף מאָרגן.

*

מאָרגן. —

דער פּריץ, מיט די „צעקנאַקטע אויגן" און מיטן שאָטן אונטער דער נאָז, זיצט און פּאַרברענגט זיך מיט דער — לע־רערקע און מיטן לערער. ער אַליין איז זייער אַן איידעלער

מענטש, רעדט אביסל אויף לאטיין, שנייצט זיך די נאָז מיט איין פינגער, אין שפּיי־טאָפּ אריין, דערנאָך לאָזט ער א מינוט הענגען ס׳איבעריקע, ביז ער ציט ארויס אן איידל נאָז־טיכעלע, און באַזייטיקט, וואָס מען דאַרף —

די זון איז קאַלט, ווי געפרוירענער שאַמפּאַניער. אויפן פוסבאָדן פון קלאַס־צימער ליגן צוויי רויטקייטן: פון דעם אויוון פייער און פון דער זון. ביידע זענען געפרוירן ביי די ברעגן — אזא פראָסט איז! אין קוימען קרעכצט — א גלעזערנע אסיפה פון ווינטן.

ס׳איז שוין האַלב־צען, מ׳האָט שוין כמעט א פערטל קלאַס עקזאַמינירט. וורומטשי איז נישטאָ. אַלע קינדער זענען אָנגעצויגן. די שקאָצימלעך וואַרטן אויף דעם גרויסן חוזק־שפּעקטאַקל, אויף דער לעסטערונג. מיר וואַרטן אויף — עפּעס אַנדערס.

— א גדזשע — זאָגט דאָס פּריצל מיט דעם שאָטן אונטער דער נאָז — א גדזשע וורובטשאַ... — עפּעס זעט מען נישט, הייסט דאָס, וורובטשאַן... ער בענקט נאָך אים. —

ער צעבלעזלט א געלעכטערל, און שטעלט־צו אַן איידעלן פינגער צו דער נאָז — לאָזט רויק אַרויס א שטראַל, זוכט ס׳נאָזטיכעלע!

אָ, ווען איך קאָן אים... דערהרגענען מיט א שייט־האָלץ!

און צמבראָזל, וואָס זיצט אַקוראַט אונטער מיר, גיט זיך א זאָג צו אונז יינגלעך:

— באַלד וועט קומען אייער וורובטשאַ, וועט אייך ליכטיק ווערן אין די — — —

די טיר עפנט זיך. עס קומט אַריין... וורומטשי.

דער לערער וויל א לאַך טון און בלייבט שטיין מיט די ציין אינדרויסן.

די לערערקע בויגט זיך אָן אויפצוהויבן איר האַנטיכל און — בלייבט מיטן האַנטיכל אין דער האַנט.

דער עקזאַמינאַטאָר שטעלט זיך אין דער קרום — ווי א טורם, וואָס האַלט ביים איינפאַלן, און פאַרמאַכט איין אויג.

אָבער וורומטשי שטייט אינמיטן קלאַס־צימער, אין ליכטיקן

ראָד פון דער זון, אָנגעטון אין אַ פּיין, קורץ פּעלצל, אין גוטע שיך, אין נייע הויזן... די פּאות זענען ביי אים שוין פאַרקעמט, דער קאָפּ אויך, אין דער האַנט האַלט ער צוויי גוטע וואָלענע הענטשקעס...

די לערערקע קומט באַלד צו זיך, פרעגט אים, פאַרוואָס ער איז געקומען אַזוי שפּעט. אָבער וורומטשי פאַרלירט זיך נישט (איך קוק אויף אים מיט אַכצן אויגן, און מוטיק אים מיט דער גאַנצער אויסשטראַלונג פון מיין האַרץ) און ער ענט־פערט, ווי עס איז געווען פריער אָפּגערעדט:

— טאַקע? ס'איז שוין שפּעט? מיין זייגער מוז גיין אַ־ביסל איינגעהאַלטן...

דאָ נעמט ער אַרויס פון וועסטל־קעשענע מיין פעטער איציקס זילבערנעם זייגער, גיט אַ קנאַק־אויף די קופּערטע, אַ בלישטש מיטן זילבער. —

דערנאָך האָבן מיר איבערגעלאָזט דעם שניי לעבן דער שקאָלע, באַטיפּלט מיט רויטע טופּעלעך (יידישע און קריסטלע־כע), און מיר אַלע יידישע יינגלעך האָבן באַלייט וורומטשין מיט געזאַנג ביז אַהיים. דאָרטן האָבן מיר אים געבעטן, ער זאָל זיך אויסטון און אונז קריקגעבן די זאַכן.

*

שפּעטער מיט צוויי שעה האָב איך מיך געשלאָגן מיט עטלעכע שקאָצימלעך אויפן שניי. דער קרענקלעכער וורומטשי איז מיר געקומען צו הילף — — ער האָט געבוכעט אַמבראָזן מיט אַזאַ כח, אַז איך האָב אים נישט דערקענט...

# חיים

— .חיים

ס'איז אָנהויב הערבסט פון יאָר אַזויפיל-און-נישט-מער. ערגעץ וויאַנען בלעטלעך און ביימער, אָבער אונז דריי — מיך און ליכטענשטיינען, ארט דאָס נישט. איך קוועטש-אויס דאָס הערבסט-אומגליק אין אַ ליד אַריין, פאַרקויף עס פאַר אַביסל געלט און קויף מיר אַ פּאָר אויסערגעוויינלעך-מיליטערישע שיך, מיט ברייטע פּלאַפּעס פון אויבן, לעדערנע בענדלעך און טשוועקעס אויף די זוילן. עס זאָל הייס, אַז איך קלויב מיך גיין צופוס איבער אַמעריקע. (איך פאָר אַרויס ביז... וועסט פאַרמס, פּאָמפּע מיך אָן מיט גרינער לופט, ווי גאַל, און לויף קריק — אַ מאַרקילטער, מיט... נאָך אַ ליד!)

ליכטענשטיין מאָלט עפּעס אַ פלאַטשיקע נעגערטע — וואָס הייסט פלאַטשיק? — עפּעס אַ מין האָריזאָנטאַלע נעגערטע, געמאַכט פון לויטער לופט און פון טינט, און אינגאַנצן באַהאָנגען מיט טרעלדלעך, ווי אַ מעקסיקאַנער קאַפּעלוש. „ס'איז", זאָגט ער, „אַ הערבסט-מאָטיוו... די נעגערטע", זאָגט ער, „איז דער סימבאָל פון גאָלד-זאַגישן זומער, וואָס ע... צהע-ע!

ליכטענשטיין פאַרענדיקט שטענדיק זיינע טיראַדעס מיט אַ... געגעץ

אַ געגעץ איז ביי אים די פאַרש — אויפן לעקעך. „אויפן אויבן-אָן פון דער וועלט" — זאָגט ער, „שטייט אַ קרוין-שטול.

אויפן קרוין-שטול זיצט און הוידעט זיך אַ בלויער געגעץ, אָנגע־טון אין קעניגלעכע בגדים, און מיט אַ קרוינדל אויפן קאָפּ".

חיים ווידער נוצט-אויס דעם הערבסט גאָר אויף אַ נייעם אופן: ער לערנט זיך שערן מיט אַ מאַשינדל. חיים האָט זיין אייגענע פילאָזאָפיע וועגן דער עלעגישקייט פון הערבסט: „אַז די בלעטער הויבן-אָן פאַלן", זאָגט חיים, „איז אַ סימן, אַז... מ'דאַרף זיי לאָזן! די נאַטור", זאָגט ער, „טוט זיך אויס און גייט זיך לייגן שלאָפן, און איר (זאָגט ער און ווייזט מיטן שפּיץ נאָגל, מיט וועלכן ער שיילט קאַרטאָפליעס, אויף מיר און אויף ליכטענשטיינען) שטייט ביי איר בעט, און... נעמט ביל־דער... דערפאַר", זאָגט ער, „זאָג איך, הערט אויף זינגען און מאָלן און לאָמיר זיך נעמען איינס ס'אַנדערע אָפּשערן."

חיים נעמט אַרויס אַ שער-מאַשינדל, שערט זיך אָפּ צום ערשטן די לינקע זייט פון זיין האָריקער האַנט, דערנאָך גיט ער מיך אַ כאַפּ און וויל מיך נעמען שערן.

איך לאָז מיך נישט. איך האַלט ביי שרייען גוואַלט, אָבער חיים זעצט מיך אַוועק צו זיך אויף דער קני, האַלט מיר צו ס'מויל מיט דער לינקער האַנט, טולעט מיך פעסט-צו צו זיך און — הויבט אָן קלי-קליקלען מיטן מאַשינדל. איך גיב זיך אַ רייס-אויס אין כעס און זאָג אים אַ בייז וואָרט. חיים ווערט ווייכער און זאָגט לייריש:

— הייסט דאָס, אַז איר ביידע (ער ווייזט אויף מיר און אויף ליכטענשטיינען) ווילט אי טויטן מיין טאַלענט, אי שלאָפן אויף אַ האַרטן מאַטראַץ. נו, גוט, — זאָגט ער און שיט אַרויף פון פעפערמעסטל אַביסל פעפער אויף אַן אומגליקלעכער בלום, וואָס שטייט ביז צום קעפּל אין אַ גלאָז וואַסער — אויב איר וועט מיר נישט געבן קיין מאַטעריאַל פאַר מיין נייעם מאַשינדל, וועל איך מוזן... אויסוואַנדרעווען. די פראַגע איז, אַלזאָ, מאַכט ער, פאָרן... אָדער שערן. וועט איר זיך לאָזן שערן, זאָגט ער, בלייב איך אין אַמעריקע, אַז נישט, פאָר איך אַוועק.

חיים האָט גענומען פּאַקן זיינע קאַמעראַס און גלאָז־פלאַסטן און דעם הובל מיטן רעוואָלווער, און גענומען אַפּירשלעפּן

פון אונטער דער סאָפע דאָס געוואַנטענע רענצל מיט שטרייפלעך.

איך האָב געזען, אַז עס האַלט שמאָל (איך האָב חיימען זייער ליב געהאַט און נישט געוואָלט, ער זאָל אַוועקפאָרן) האָב איך באַשלאָסן מקריב זיין מיינע „גאָלדענע לאָקן” און — וואָס זאָל איך אייך זאָגן? איך האָב נישט געקאָנט רעדן צו זיך אַליין אפשר צוויי טעג דורכאַנאַנד, — דערנאָכדעם, (אַז איך האָב שוין יאָ אָנגעקליבן רעדן צו זיך) האָב איך זיך אַליין אָנגעהויבן אירצן — אַזוי פרעמד בין איך מיר פאָרגעקומען...

פון יענעם טאָג-אָן איז פון ליכטענשטיינס סטודיע כמעט געוואָרן אַ — ראַזיר-שטוב, אַ באַרבעריי... וועלכער קינסטלער עס פלעגט אַריינקומען — די ערשטע זאַך פלעגט מען אים געבן אַ „העיר-קאַט”, אים אַרומלישטשען ווי אַ קוקורוזע... דערנאָך ערשט פלעגט מען זיך באַקענען מיט אים, פרעגן פון וואַנעט ער קומט און — וואָס ער וויל...

עס איז געווען אַ ווילער הערבסט — יענער הערבסט, פול מיט אָפּגעשוירענע לאָקן און מיט האָפנונגען אויף אַ נייעם מאַטראַץ פון... האָר. (דער אַלטער מאַטראַץ איז געווען פון האָלץ-הובליאַכץ און האַרט ווי... דאָס נומער-עלעווער לעבן!)

*

אַרום ליכטענשטיינען דרייט זיך עפּעס אַ נידריק מאַנסבילכל, מיט אַ וואָרצל אויף דער נאָז, און מיט ווייס-בלאָנדע ברעמען (סע דאַכט זיך, אַז ער האָט גאָר קיין ברעמען נישט, נאָר בירענע אויגן, וואָס פינטלען כסדר) — ער וואָלט געוועין אַ בעלן צו קויפן אַן „איילבי-די”, נאָר סע מוז זיין, זאָגט ער, אַ „קונז-ווערק”. „מאָני”, זאָגט ער, „נאָ אָבדזשעקט”.

איך און חיים נעמען דעם יידן אין דער אַרבעט אַריין, רעדן אים איין גאָלדענע בערג. עס העלפט נישט. דער מענטש האַלט זיך ביי זיינעם: ער וויל אַ „קונז-ווערק” און „מאָני”, זאָגט ער, „נאָ אָבדזשעקט”.

הכלל — מען טוט אים אַהער, מען טוט אים אַהין. סע העלפט נישט. ליכטענשטיינס צעפּאָרענע מוידן און אויסגעטראַכטע ביימלעך, וווּנדערלעך-צעלעסטערטע געשטאַלטן — געפעלן אים נישט.

איינמאָל — ניין, ער וויל אַ „קונז-ווערק", „מאָני נאָ אָב-דזשעקט".

ס'איז אַרום עלף אינדערפרי. מ'ר האָבן איבערגעוואָרעמט די נעכטיקע קאַווע, אויסגעזייט די לעצטע טראָפּנס עוואַפּאָ-רירטע מילך פונם בלעך-קענדל, געמאַכט אַביסל גימנאַסטיק. חיים האָט זיך געשטעלט אויפן קאָפּ און אַ קאָפּע געטון מיטן פוס ליכטענשטיינס אַ... מויד אויפן וואַנט — געטראָפן אין סאַ-מע בויך אַריין... ליכטענשטיין האָט מיך גערודלט, ווי דעם ערגסטן. איך האָב זיך אַוועקגעזעצט אויפן טיש און פאַרצייכנט די קללות (איך האָב אין יענער צייט שטאַרק מקנא געווען שלום-עליכמען, מיט זיין רייכן באַגאַזש פון יידישע שעלט-ווערטער). אַז זיי האָבן געזען, אַז איך פאַרצייכן, זענען זיי ביידע אָנגעפאַלן אויף מיר, און מיך שיר דורס געווען. —

דער הונגער האָט געפּייפט אויף עפּעס אַ מאָדנעם חוזק-פליטל פון... לויטער לעכלעך.

אַז מיר האָבן זיך אָפּגעקריגט און אָפּגעזידלט, האָט ליכ-טענשטיין זיך פונדעסטוועגן געשטעלט מאָלן. איך האָב מיך געזעצט שרייבן. חיים האָט זיך אָנגעטון בלויז אַ וועסטל, מיט אַ זילבערן קייטל, איז אַרומגעגאַנגען איבער דער סטודיע נאַ-קעט, מיט די הענט פון הינטן, און האָט געזונגען די התקוה.

ס'איז געווען סוף זומער. אינדרויסן איז געווען אַזוי היפּש וואַרעמלעך.

אין סטודיע האָבן אַרומגע — עטלעכע בייזע פליגן. גע-פּגרט פון הונגער, גלייך מיט אונז, און זענען אונז (אַפנים) געווען שונאים אויפן לעבן: — אַ סימן האָבן מיר, אַז זיי פלעגן זיך אַנטשעפּען, ווי פּיאַווקעס, און מ'האָט זיי געמוזט אַראָפּטרייבן מיט מוזיק.

(חיים האָט אַפילו געהאַלטן, אַז ס'איז נישט שיין

אַראָפּצוטרייבן פון זיך קיין פליגן. „וואָס וואָלט דער מענטש געזאָגט", פרעגט ער פרעגן פילאָזאָפיש „ווען דאָס שטיקל קיז זאָל אים אַוועקטרייבן פון זיך, אָדער דער גולאַש זאָל אים דערלאַנגען אַ פּאַטש?

סיי-ווי-סיי: ליכטענשטיין מאָלט מיט אייל-פאַרב, אויף אַ קליינעם לייוונט. מאָלט אַ בילד פון אַ תימנער פרויעלע, אַ קינד-מוטער, וואָס טראָגט אויף די הענט אַ קינד.

חיים קוקט-צו. ווייזט אָן אויף פעלערן. זינגט די התקוה און טרינקט וואַסער מיט לימענע. – דאָס הייסט קיין לימענע איז נישטאָ. נאָר ער „שפּילט" די לימענע. ער קוועטשט אויס די לופט, שיט אַריין אַביסל צוקער פון דער ליידיקער זשמעניע, צעקלויצעט דאָס גלאָז און – טרינקט.

פּלוצים בלייבט ער שטיין פאַרגאַפט. צעקנעפּלט זיך ס'וועסטל, שטעלט זיך מיט דער לינקער האַנט באָקום, מיט דער רעכטער האַנט גיט ער אַ פּאַטש ליכטענשטיינען אויף דער פּלייצע און זאָגט:

– סטאָפּ! הער-אויף ווייטער מאָלן! מיר זענען גע-ראַטעוועט –.

– מיר זענען גע-וווּ? – פרעגט ליכטענשטיין אויף זיין מיטלמעסיקן טענאָר.

– גע-ראַ-טעוועט! – מאַכט חיים אין אָפּגעטיילטע זילבן. דו זעסט – זאָגט ער – די פליג, וואָס האָט זיך צוגע-קלעפּט צו דיין בילד?

– יאָ.

– אָט-די פליג – מאַכט ער – איז אונזער משיח...

ערשט איצט האָט ליכטענשטיין דערזען, אַז אויפן שטערן פון זיין „תימנער פרוי" צאַפּלט זיך אַ פליג, און איז שוין באַלד טויט –. ער האָט זי געוואָלט אַרויסדאָביוועןמיט דער לינקער זייט פון זיין פּענזל, אָבער חיים האָט כמעט אַ געשריי געטון „ניטע, – דו מאַכסט אונז אומגליקלעך!"

*

מיט עטלעכע שעה שפּעטער איז אין סטודיע געשטאַנען דער „מאָני-נאָ-אָבדזשעקט״-ייד, און חיים האָט מיט אים גערעדט וועגן דער נאָך-נישט-פאַרענדיקטער תּימנער פרוי.

— איר זעט דאָס-אָ בילד — האָט ער געזאָגט צו דעם ייד און אָנגעוויזן אויף דער פליג — נישקשה, מאַכט ער, איר מעגט אַ טאַפּ טון מיטן פינגער... דאָס האָט געמאָלן, מאַכט ער, אונזערס אַ פריינט פון פּאַריז, און עס אונז צוגעשיקט פאַרן מעטראָפּאָליטאַן מוזעאום. נאָר מיר זענען — צעקריגט מיטן מוזעאום, ווילן מיר עס בעסער פאַרקויפן צו אַ יידן. די פליג אַליין, מאַכט ער, האָט די ווערט 950 דאָלאַר... עס איז די איינציקע פליג אין דער וועלט, מאַכט ער, וואָס זעט אויס, ווי אַ לעבעדיקע. נישט מער, מאַכט ער — אונזער פריינט אין פּאַריז נויטיקט זיך אין געלט, אָפּצוקויפן דעם אייפל-טורם, וועלן מיר עס אייך פאַרקויפן פאַר אַ פופציקער — גיט אַהער, מאַכט ער, דרייסיק דאָלאַר און ס׳איז אייערס. —

דער ייד האָט געטאַפּט די פליג און געטאַפּט, געזיפצט און ווידער געטאַפּט, און ווידער אָפּגעטראָטן אויף הינטן, געמאַכט פון דער פויסט אַ שפּאַקטיוו און ווידער געקוקט און ווידער געטאַפּט, און סוף-כּל-סוף אַרויסגענומען אַ פינפאונצוואַנציקער און געגעבן —.

*

פון יענעם טאָג אָן פלעגן מיר אַלע דריי נישט טשעפּען אַ פליג אויף דער וואַנט... ביז וואַנעט מיר האָבן פאַרגעסן, און ביז וואַנעט די פליגן האָבן ווידער גענומען שטאַרק דאַקוטשען —.

# מעשהלעך פון געריכט

מ׳זיצט און מ׳פלוידערט וועגן וועלט און זאַכן.

דער פסיכאָגראַף דערציילט פון זיינע שטודיעס, וויל באַווייזן, אַז אַ פאַרשמירטער שפיגל, וואָס האָט אַ פאַרשמירט פנים, איז פונקט אַזוי אמת, ווי אַ פאַרשמירט פנים.

דער וואָרטשפּילער זוכט אַן אָרט אַריינצושטעלן זיין וואָרטשפּיל, אַז די פיליפינישע פראַגע איז, אייגנטלעך, די פראַגע פון — — צ ו פ י ל י פ י נ ע ן. דער ריכטער זוכט אַריינצושפּאַרן ערגעץ זיינע געראָטענע צוויי שורות וועגן „אַ נאַרישן קוימען, וואָס מ׳גיט אים צו שמעקן געבראָטענס און — ער שיצט דערפאַר דעם דאַך פון אַ פייער...״

דער אַפּאָריזמען-שמיד באַמערקט, אַז די שוואַרצקייט פון אַ צלם איז (פאַר אַ יידן) שוואַרצער, ווי די שוואַרצקייט פון די תפילין. עס איז חכמה-געפעכט, אַ געריש פון אַ מיל, וואָס מאָלט שיינעם ווינט (דער מאָלער באַמערקט טאַקע, אַז גרויס איז בלויז יענער, וואָס קאָן אָפּמאָלן דעם ווינט, איבערגעבן . דעם קאָליר פון ווינט, זיין רויש, זיין דופט !) ״

מען רעדט, און אַ סך אומשולדיקע צאָנשטעכערס ווערן דערפון צעבראָכן, און אַ סך ציגאַרן-אַש ווערט-צעשיט איבערן טישטוך. — ביז מען קומט צו דעם איינעם אין אונזער קאָמפּאַניע, וואָס פאַרנעמט זיך נישט מיט קיין קונסט. ער איז אַ

דאָלמעטשער אין אַ געריכט. ער האָט עטלעכע געשיכטעס צו־דערציילן. ווער וויל הערן?

*

געשיכטע נומער 1:

אַ געריכט ערגעץ אין אַ קליין שטעטל.

דער ריכטער זיצט און קייט טאַבאַק, און שפּייט מיט־עפּעס אַזוינס, וואָס איז ענלעך צו ביר־מיט־פיש־אייל. ער רעדט מיט אַן נייענגלענדישער „ריש", וואָס קלינגט, ווי מען וואָלט געריבן אייזערנע קאַרטאָפליעס אויף אַ מעשן ריבאייזן.

דער מענטש, וואָס האָט פאַרבראָכן קעגן דעם געזעץ, שטייט קעגן דעם הער ריכטער. ער איז אַן אָרעם, אָפּגעשליסן, בלאַס מאַנסבילכן מיט אַ ציגן בערדל — ווי אַ שאָטן־ציג, וואָס באַקומט זיך, ווען איינער מאַכט מיט די פינגער אויף דער וואַנט.

מען באַשולדיקט אים אין... טרינקען בראָנפן אין גאַס, אַ שכורער אַרומגעבלאָנדזעט, געזונגען, די אָרדנונג קאַליע געמאַכט.

— גיסט צו, אַז דו ביסט שולדיק? — פרעגט דער שפּייענדיקער ריכטער.

— שולדיק!

— נו גוט... אַזוי ווי ס'איז דיין ערשטער פאַרברעך, וועלן מיר דיך באַפרייען. אָבער דאָס געריכט וויל וויסן, ווו האָסטו געקראָגן דעם בראָנפן?

— איך קאָן נישט אויסזאָגן, הער ריכטער!

— דאָס געריכט פאָדערט דיך אויף. מוזסט אויסזאָגן..

— איך קאָן נישט, כ'לעבן... הער ריכטער...

— דאָס געריכט פאָדערט דורכאויס, זאָלסט אויסזאָגן, אַנישט קריגסטו אַ שטראָף.

— אויב אַזוי, מאַכט דאָס מאַנסבילכן מיט דעם ציגנ־בערדל, — וועל איך אויסזאָגן דעם גאַנצן אמת. איך קריג מיין בראָנפן אויף דעמזעלבן פּלאַץ, ווו דער הער ריכטער

קריגט זיינען... איך געדענק דעם נאָמען נישט... אָבער דער הער ריכטער — — וועט זיך מסתּם דערמאָנען, ער האָט אַ בעסערן קאָפּ פון מיר...

„באַפרייט", האָט שנעל געזאָגט דער ריכטער. „נעקסט !"

*

געשיכטע נומער 2:

אַ נעגער.

ער איז אָנגעקלאָגט אין גניבה.

ער זאָל האָבן באַגנבעט עפּעס אַ געוועלב אויף דער לענסי סטריט.

ביי דער האַנט האָט מען אים נישט געכאַפּט, אָבער — די באַווייזן זענען קעגן אים.

דער דעדעקטיוו האָט אים געפּאַקט נישט ווייט פון יענעם געוועלב. פּונקט דעמאָלט, ווען מ'האָט געפונען די טיר אויפגעבראָכן. ער איז געלאָפן אָן אַ היטל.

שפּעטער האָט מען אין דעם באַגנבעטן געוועלב געפונען אַ הוט, וואָס איז אַקוראַט דער נומער, וואָס דער „ניגער" טראָגט.

דער הוט ליגט איצט אין געריכט אויפן טיש, פאַר אַ באַווייז, אַז דער „ניגער" איז שולדיק.

דער אָנקלאָגער זאָגט דעם באַשולדיקטן, ער זאָל אָנמעסטן דעם הוט. — דעם נעגער אָבער פּאַסט דער הוט אַקוראַט אויף זיין קאָפּ. איז קלאָר —

— האָסטו אַן אַדוואָקאַט? — פרעגט דער ריכטערביים „נעגער"

— ניין, בכּבודער ריכטער! איך בין אַן אָרימאַן.

דער ריכטער ווערט אַביסל גערירט און זאָגט:

— דער שטאַט וועט דיר געבן אַן אַדוואָקאַט. אָבער אויב דו דענקסט, אַז דו קאָנסט זיך אַליין פאַרטיידיקן, איז נישט נויטיק קיין אַדוואָקאַט.

— קאָנען — קאָן איך נישט, הער ריכטער, — מאַכט

דער נעגער. אָבער אײן זאַך קאָן איך זאָגן דעם װערטן געריכט, אַז דער הוט איז... פֿון דער בעסטער פֿירמע. אַט גיט אַליין אַ קוק (ער װײַזט אויפֿן לעדערל, װוּ עס איז אויפֿגעשטעמפּלט דער נאָמען פֿון אַ באַרימטער הוט-פֿירמע, װאָס מאַכט די טײַערסטע היט) — קאָנט איר זיך פֿאָרשטעלן, הער ריכטער, אַז אַן אָרעמער נעגער, װי איך, זאָל טראָגן אַ הוט, װאָס קאָסט 15 דאָלאַר? — איצט קאָנט איר מיך אַפֿילו אויפֿהענגען, הער ריכטער. אָבער איך בין אומשולדיק.

דער ריכטער האָט אַליין אַ קוק געטון אויף דער אינעװײניקסטער זײַט פֿון דעם הוט, זיך איבערצײַגט, אַז דער אָנגעקלאָגטער זאָגט קיין ליגן נישט, און אַ פֿאַרשעמטער אַ מורמל געטון אונטער די װאָנסעס:

— באַפֿרײַט!

דער נעגער האָט געדאַנקט און זיך צװעקגעזעצט אויף אַ שטול װאַרטן.

ער איז געזעסן אפשר צװיי שעה. דער געריכטס-באַדינער האָט אים עטלעכע מאָל געפֿרעגט, װאָס ער װאַרט. האָט ער געענטפֿערט: „איך װאַרט אויפֿן הער ריכטער”.

אַז די לעצטע פּאָר מענטשן האָבן שוין פֿאַרלאָזן דאָס געריכט, און דער נעגער איז געבליבן אַליין, איז ער צוגעגאַנגען צום ריכטער-טיש און געזאָגט מיט בעטנדיקע אויגן:

— הער ריכטער!

— װאָס איז? איך האָב דאָך דיך באַפֿרײַט?!

— יאָ, הער ריכטער. אָבער — דער הוט איז מיר אַ שאָד... איך האָב אָפּגעצאָלט פֿאַר אים פֿופֿצן דאָלאַר — — —

*

געשיכטע נומר 3:

אַ פּױלישע פֿרױ קומט זיך באַקלאָגן, אַז דער מאַן שלאָגט זי, װען ער שיכורט זיך אָן. די פֿרױ װײַזט בלױע צייכנס אויפֿן לײַב. דער ריכטער איז אויפֿגעבראַכט, ער מוסרט און בײזערט

זיך. צום סוף גיט ער אַ מאַך: „איר זענט פריי. גייט אַהיים מיט אייער פרוי און לעבט מיט איר, ווי גאָט האָט געבאָטן. אָבער טאָמער ברענגט מען אייך נאָכאַמאָל אַהער אויף דער-זעלבער קלאַגע, וועט איר קריגן זעקס חדשים. נו, וועט איר זיך אויפפירן אָרנטלעך?

— אָרנטלעך, הער ריכטער.

— נו, גוט, גייט אַהיים. און געדענקט, וואָס איך וואָרן אייך.

— אַ דאַנק, הער ריכטער!

אין אַ וואָך אַרום שטייט דיזעלבע פרוי פאַר דעם זעלבן ריכטער — דאָס מאָל האָט זי אַן אונטערגעשלאָגן אויג און אַ צעשפּאָלטענע ליפּ.

דער מאַן שטייט רויק אין דער זייט.

— וואָס, שוין ווידער? — פרעגט דער ריכטער און קוקט אויף דעם מאַנסביל מיט... שוועבל אין די אויגן.

— ער האָט זיך ווידער אָנגעשכורט, הער ריכטער, און מיך געשלאָגן טויטע שלעק — דער באַנדיט.

— ס'איז אָלרייט — וואָרטשעט דער פּאָליאַק — רעד. רעד... כ'האָב קיין מורא נישט...

— פאַרוואָס האָסטו קיין מורא נישט? — פרעגט איצט דער ריכטער מיט דינע ליפּן, און די אויגן בליצטשען ביי אים מיט אַ געל פייערל.

— דערפאַר, מאַכט דער פּאָליאַק, ווייל איך האָב זי גע-שלאָגן צוליב אייך, הער ריכטער!

— צוליב מיר?

— יאָ, צוליב אייך. איר הערט דאָך: די גאַנצע צייט, זינט איך בין ס'ערשטע מאָל געווען דאָ ביי אייך, הער ריכ-טער, האָט זיך מיין ווייב צו מיר געטשעפּעט: „אָבער אַצינד האָסטו שוין מורא מיך צו שלאָגן, האַ?" מילא, האָב איך גע-שוויגן. אָבער אַנומעלטן, זונטיק, קום איך אַהיים פון קלויסטער, נעמט זי זיך זידלען... זאָג איך גאָרנישט. דערנאָך כאַפּט זי זיך שלאָגן; שווייג איך און האַלט איר בלויז צו די הענט.

דערנאָך נעמט זי זיך וואַרפן מיט טעלער און מיט גלעזער. ווער איך שוין אַביסל בייז. אָבער קריקשלאָגן וויל איך נישט. איינמאָל געגעבן ס׳וואָרט, איז פאַרפאַלן. מאַכט זי: „איך מאַך אַ וועט, אַז איצט קאָן איך דיר צפילו אָנשפּייען אין פּיסק צריין, און דו וועסט מיר גאָרנישט טון. ווייסט פאַרוואָס?״ זאָג איך. „פאַרוואָס?״ זאָגט זי: „ווייל דו האָסט מורא פאַר דעם לויזיקן ריכטער, מיטן פאַרך אויפן קאָפּ״... האָב איך שוין נישט געקאָנט שווייגן. האָב איך איר דערלאַנגט אַ — —

— „גענוג״, האָט געזאָגט דער ריכטער, „איר קאָנט ביידע גיין אַהיים!״

*

— „זעט איר שוין״, האָט געזאָגט דער דערציילער פון די דריי געשיכטן, „אונזערע גערעכטיקייט-מילן מאָלן לאַנגזאַם, אָבער — פּאַסקודנע!״

# קאַסטל̃שפּענער

איידער איך פאָר אַוועק, וויל̃ איך, איר זאָל̃ט זיך גוט באַקענען מיט מיין פריינט קאַסטל̃שפּענער. ער איז מער, ווי מיטל̃-הויך, דין, כינעזער-אויגן. ל̃יפּן וואָס ליגן קיינמאָל̃ נישט איינס אויף ס'אַנדערע (האָבן מורא און שעמען-זיך). די פּיס זענען הויך, איבער דער מאָס, די שיך פאַרשטויבט. דאָס העמד — גרין. דער הוט — אין מאַנטל̃-קעשענע, צונויפגעקנייטשט, (ס'בענדל̃ העננט אַרויס פון קעשענע), וועגט 149 פונט מוסקל̃ס. פל̃ייש ווייניק. ביינער ברייטע, האַרטע. ציין צערוקטע און ל̃אַנ-גע און שטאַרקע. דער גאַנג אַ רויקער, ווי אַ שטיל̃ע טיר אויף פעסטע הענג-שרויפן, גוט געאיילט, אָפט גענוצט. אָבער אָן שפּרינג-רינגען, וואָס זאָלן צווינגען אַהין, אָדער אַהער.

דאָס איז מיין פריינט קאַסטל̃שפּענער.

ער איז אַ דערקוויקנדיקער דיל̃עטאַנט אין אַ וועל̃ט פון פאַכל̃ייט. ער טוט יעדע זאַך בכיוון של̃עכט, כדי אייך זאָל̃ צוקומען אַ שטיק געזונט דערפון, וואָס איר קאָנט בעסער. ער איז אַ טרייסט-ברענגער, אַ האָפנונג-וואַרפער, אַ מעדיצינער, וואָס פאַרשרייבט — זיך אַליין פאַר אַ רפואה צו אַנדערע. טריקנט אויס זיין ה. און צעשטויסט עס און גיט אייך צו פאַרזוכן דערפון. ל̃ייגט די אויגן אויף אַ טעל̃ערל̃, — פאַר אייך, פאַר אייך.

ווי ל̃יב, ווי ל̃יב, איך האָב מיין פריינט קאַסטל̃שפּענער!

*

מיר רעדן היינט פון מיין רייזע קיין אייראָפּע. איך ווייז אים מיינע נייע רייזע-רענצלעך, מיין שפּאַקטיוו. דאָס ענגלישע שלעפּ-רענצל, וואָס מיין יונג-פריינט זעליק קאָהען האָט מיר געשיקט אַ מתנה. קאַסטלשפּענער פּרוווט די שלעסער די מעשענע, שפּילט זיך מיט זיי. באַטראַכט די שליסעלעך, וואָס הענגען אַראָפּ, ווי פרעמדע, רעדט זיי בּאַלד אַ שידוך, מאַכט זיי חתונה, פּאַראייניקט שלאָס מיט שליסל, זאָגט „מזל טוב" און שמייכלט מיט זיינע כינעזישע אויגן.

דערנאָך לייענט ער מיר זיין ליד, וועגן דעם לייב-פּוטער פון שניי, וואָס דער באַלעבאָס דערפון מוז שטענדיק ליגן מיט אים אין אייז-באַקס, כדי עס זאָל נישט צעגיין.

שפּעטער העלפט ער מיר צוקלעפּן אַן אויערל צום אינדישן קריגל, וואָס איז פאַרצכטאָגן אַראָפּגעפאַלן פון טיש. ער זיצט אויף דר'ערד, מיטן קריגל צווישן די קני, קלעפּט און בינדט, און זינגט עפּעס אויף אוקראַיניש וועגן אַ בעטלערל, וואָס בעטלט ביי גאָט „אַ פּיצעלע גוט-יאָר" און וועגן אַן אַלט פייגעלע, וואָס סע טענהט, אַז ס'איז שוין גענוג געפלויגן און סע בעט גאָט, אַז די ווייטע לענדער זאָלן אָנהויבן פליען צו אים.

קאַסטלשפּענער האָט צונויפגעהאָפטן מיין צעבראָכן אינדיש קריגל מיטן אָפּגעבראָכן אויערל, עס אַוועקגעשטעלט מיט אַזאַ גראַציע, ווי די הענט וואָלטן נישט געטראָגן אַ קריגל, נאָר עס אויסגעטראַכט. דערנאָך האָט ער מיט מיר גערעדט שטיל איבער פילערליי זאַכן. זיך אַלעמאָל געטאַפּט די ליפּן, — זיי זאָלן זיך נישט צו נאָענט צונויפקומען. און ער האָט געזאָגט אַזוי:

— רענצלעך? ס'איז דאָך אַ זאַך צום באַוואונדערן. דו לייגסט דאָרט אַריין דיין געפּעק, מאַכסט דיר שווער, דערנאָך

מוזסטו שוין טראָגן, ווייל אַוועקוואַרפן איז אַ צער. לאָז דיר עמעצער, אַ שטייגער, שענקען דעם מולד (לייג אויס: „מוי-לעד״!), אים איינפּאַקן אין אַ רענצל, און דיר געבן אַ מתּנה, וועסטו זיך נישט געקאָנט צעשיידן מיט דעם, ווייל עס איז דיינס. לאָז מען דיר געבן אַ הויקער אין אַ קעסטל, אָנשרייבן „אַ מתּנה צו אונזער פריינט משה נאַדיר, צום 43-טן יאָר פון זיין ליטעראַרישן שאַפן״, און דו וועסט עס שוין מוזן מיטנעמען מיט זיך. „מתּנות״, האָט געזאָגט קאַסטלשפּענער, „ווערן דיר אָפּט אַריינגעשטאָכן אין האַרץ אַריין, אָבער דו שמייכלסט און זאָגסט „אַ דאַנק״, ווייל דו ביסט דערשטאָכן געוואָרן מיט גנאָד, מיט ליבשאַפט״. „אָט דאָס, מאַכט קאַסטעלשפּענער, „איז למד און וואָוו, אָדער וועלט און לעבן, אָדער קריגל און קאַרשן, אָדער קאַ און קאָ, אָדער גאָלד און טריף-וואַקס״.

איך האָב עפּעס געזאָגט, פון וואָס קאַסטלשפּענער האָט שטאַרק געלאַכט, — ניין, נישט אַקוראַט געלאַכט, נאָר געצויגן ס׳געלעכטער אין-זיך-אַריין, שטיקלעכווייז, ווי אַ הונגעריקער שלינגט קוכן, אָבער ער האָט עס אינגאַנצן פאַרדייעט מיט זיין ברייט פּייער. עס איז צוריק דורכן מויל נישט אַרויס.

*

זעכצן מינוט נאָך איינס ביינאַכט זענען מיר געזעסן אין אָטאָמאַטישן רעסטאָראַן, געקאַוועט און געקוקט אויף די מענטשן וואָס עסן דאָ, — יונגע קינדער אויך. אַ פאַרשייט, מיאוס מיידל עסט וועגעטאַרישע עסנס. איר „חתן״ זידלט זי, זאָגט, אַז דאָס איז אַ שאַנדע און אַ חרפּה. זי שלינגט שנעל, דערוואַרגט זיך שיר, שווענקט-אַראָפּ דעם לעצטן ביסן מיט אַ לאַנגן טרונק וואַסער און גייט אַ מידע צו איר אַרבעט.

לינקס: אַ נעגער. ער עסט צופעליק סאַמע טונקעלע זאַכן: פלוימען, שפּינאַט, קליין-ברויט, און קאַווע טרינקט ער אויך שוואַרצע.

קאַסטלשפּענער: דו ווייסט, פאַרוואָס די נעגערס עסן

דאָ אַזוי גערן? ווייל זיי קאָנען נישט ליידן, אַז מען באַדינט זיי. דער קעלנער באַליידיקט זייער שקלאַווענזין מיט דעם, וואָס ער סערווירט זיי, ווי פּריצים. דאָס נעמט ביי זיי אַוועק דעם בויג פון דער קני, און זיי פילן זיך ווי קראַנקע, וואָס קאָנען דעם רוקן נישט צונויפלייגן, די פיס נישט אויפהאָרבן.

מיר האָבן געטרונקען זייער פריש, קאַלט וואַסער, פאַרביסן מיט פּוטער-ברויט, און מיט עפּל און מיט אַ לוסטיק לידל. צום סוף זענען מיר אַוועק איבער די קליינע שפּאַציר-גערטלעך פון ניו-יאָרק, צווישן דער 15-טער און 28-טער גאַס, באַמערקט, ווי די געלע בלומענקעפּ שיסן שוין אַרויף אין רונד-אַרומע געלע שורות, פאַרוואָרפן מיט צייטונג-בלעטער; באַקאַנט (פון די בלעטער) מיט די לעצטע נייעס פון ענגלישן לאַנד-שטרייק, פלוידערן בלומענקעפּ צווישן זיך עפּעס אַזוינס: — — שאַ, דער פּאָליציסט גייט, זאָל ער גיין אין דר'ערד אַריין! דער קלאַסן-זין וואַקסט שוין אויף דער ערד, ווו די בלימלעך שמעקן, און אומעטום איז גרין.

„דו ווייסט", זאָגט קאַסטלשפּענער, „פאַרוואָס דאָ איז שוין אַלצדינג גרין, און אין די גרויסע וועלדער נאָך נישט? ווייל דאָ (זאָגט קאַסטלשפּענער) האָט די נאַטור אַ קליין ביסל אַרבעט: אַ גרין-אָפּ ס'ביסל ערד און פאַרטיק! מאַכט זי עס שנעל און גרינג, אָבער אין די וועלדער — אַזויפיל ערד, אַזויפילביימער, אַזויפיל גראָז! דאָ כאַפּט די נאַטור שטיקלעכווייז, ווו זי קאָן — די אַרבעט איז גרויס... אָבער דער זומער פאַרשפּעטיקט קיינמאָל נישט".

קאַסטלשפּענער רעדט שטיל, דריבנע, שפּאַלט דעם רויך פון זיין פּאַפּיראָס מיט יעדן וואָרט כמעט, בלייבט אַ ווײַלע שטיל, דערנאָך זאָגט ער פּלוצלינג: וועגן דיינע רענצלעך! איך האָב אַמאָל געלעבט אין מינכן, אַלס סטודענט פון... וואָס איז דער חילוק? אין אָנהויב האָב איך געלעבט אויף מיינע חלומות און אויף מיין... נייעם רענצל, וואָס דער טאַטע האָט מיר מיטגעגעבן פון דער היים. די חלומות האָב איך איבערגעזעצט אויף דייטש, ביליקע ווערטער געווען: דריי מאַרק אַ

טויזנט. גיי לעב דערפון! אָבער דאָס רענצל איז געווען נייַ און מיט גוטע שלעסער, האָט מיר די געאַכטעטע פרוי קירבסבאַך געגעבן קרעדיט אויף צוויי וואָכן. נאָך די צוויי וואָכן האָב איך מיך אַרויסגעכאַפּט שטילערהייט און געשיקט מיינעם אַ חבר, אַ סטודענט פון יורי, ער זאָל מיר אַרויסגנבענען ס'רענצל (איך פלעג שטענדיק אַרויסגנבענען זיינס, ווען ער איז געווען אין נויט!). דער שפּיל איז געווען אַ שווערער. מיך האָט מען איינמאָל געכאַפּט און... די קאָנסע... — דו ווייסט, וואָס איך מיין! — זענען געווען ביטערע! סוף כּל־סוף האָב איך אָנגעווירן ס'שיינע רענצל, און אויף באָרג האָט שוין קיינער פון די ערנהאַפּטיקע דייטשן מיר נישט געוואָלט געבן צו עסן. מיין געאָמעטרי האָט דערפון שטאַרק געליטן. די תּפילין, וואָס דער טאַטע האָט מיר געהאַט מיטגעגעבן פון דערהיים — ווו מיינסטו זענען זיי געבליבן? — ריכטיק! די מויד האָט געוויינט און זיי געקושט, און מיך געבעטן, איך זאָל זיי איר איבערלאָזן, ווי אַן אנדענק פון איר ליבער היים. — אַ דומע גאַנז. דו ווייסט? (די לעצטע פראַזע „אַ דומע גאַנז, דו ווייסט?” האָט קאַסטל־שפּענער אַרויסגעזאָגט מיט אַ חנעוודיק־דייטשן אַקצענט.)

דערנאָך אַמסטערדאַם: גוטע לייט, רעדן כּמעט יידיש, און שימל בליט אויף די בוימער, און שטויב וואַקסט אין די גערטנער.

ווייסיך שוין: דער עיקר איז דאָס רענצל! אַ מענטש איז נישט דאָס, וואָס ער איז, נאָר דאָס, וואָס זיין רענצל איז! קויף איך מיר אין בערלין אַ פיין רענצל. אָבער וואָס אַריינצולייגן האָב איך נישט. צוויי קראַגנס, אַ מאָגערן שניפּס מיט רוק־בענדלעך, אַ באַדעקער, אַ פּאָר שפּייז־צעטלעך, אַ נייער טעסטאַמענט, אַ ציגאַרן־שפּיץ. ס'איז נישט גענוג... איך נעם דאָס רענצל אין דער האַנט אַריין און ווער טרויעריק. אָט דאָס אַלעס, וואָס איך בין? אַזוי גרינג בין איך? אַזוי — גאָרנישט?

און איך גיי אַוועק הינטער דער שטאָט און... פול מיר אָן ס'רענצל מיט ווייסן זאַמד —.

גוט !

אמסטערדאם.

צווייטער יאָר-הונדערט. וועלט-שפּיל, רעוואָלוציע, אָבער פרוי וואָן האגן האָלט ס׳רענצל אין דער האַנט, פרווט עס —.

איך זאָג: „איך האָב קיין געלט נישט, נאָר — —״ מיין שמייכל און מיין רענצל דאַרפן זאָגן ס׳איבריקע. אָבער, — מערק דיר, דאָס איז קלימאַקסיש. אין אַ גריכישער טראַגעדיע קאָן דאָס בעסער נישט געמאַכט ווערן! דאָ שטיי איך, דאָרט שטייט די קערפּערצוואַטע פרוי וואַן האַגן און... צווישן אונז ביידע רינט — זאַמד. מסתמא מיט איר שפּיציקן דימענט-רינג אַ שטאָך געטון אין רענצל. — גאָט אין הימל! איך רין-אויס, מיין ווייס בלוט רינט איבער די הענט פון דער דיקער אַמסטערדאַמער פרוי —.

ביים ליכט פון אַ פּיפּטע עוועניו לאַמטערן האָבן מיר דערנאָך ביידע געקוקט אויף אַ שטיקל פּאַפּיר מיט אַן אדרעסע.

אויף די „פאַרמס״ האָבן דעמאָלט שוין געקרייט די הענער, און די זון האָט אונז אַבסאָלוט גליקלעך געמאַכט...

# ב י ג ב י ז

## I

איך בין פאַרבייגעגאַנגען וואָל סטריט נעכטן אינדערפרי. איך האָב געזען דעם משוגענעם טומל פון די גאָלד-ווערים, וואָס שפּינען גאָלד, און איך האָב מיך דערמאָנט אָן מיין שכן „ב י ג ב י ז״ (פאַרצויגן פון ביג-ביזנעס). איך האָב דריי מאָל אויסגעשפּיגן און געזאָגט: „אַ שוואַרצער חלום אויף זיין קאָפּ!״

*

איך וואָלט מיך געוואָלט אַמאָל אָוועקזעצן און באַשרייבן די לעבנס-געשיכטע פון מיין שכן ביגביז. אָבער „ביגב ז״ דערלאָזט נישט דערצו. ביגביז האָט צוויי פּראָבלעמען: וויאַזוי צו געבן עסן די, וואָס אַרבעטן נישט. און וויאַזוי צו געבן אַרבעט די, וואָס עסן נישט. מיין צייט איז ביי ביגביז אין די הענט. ער נעמט עס צו און — פאַרקויפט עס אויף ליציטאַציע, פאַרקויפט מיר צוריק 3 נעכטנס פאַר איין היינט, פאַר אַ האַלבן מאָרגן.

מוז איך שרייבן אויף זיך, איידער מיין שכן ביגביז כאַפּט ביי מיר די צייט פון די הענט אַרויס.

מוז איך איינבייען מיט אייגענער נאָדל-פּאָדים אין פרעמדע

קעשענעס דאָס, וואָס מען האָט פון מיין קעשענע אַרויסגע־גנבעט.

האָב איך דערפאַר קיין צייט נישט צו טראַכטן איבער דעם שלייפגלאַנץ פון מיין דימענט — פון וואָסער ווינקל אים אָרומצושלייפן. בלויז דער שטויב פון דעם דימענט איז פאַר מיר — פאַר מיינע צעיאָטערטע אויגן, פאַר מיינע לונגען.

*

— וואָס פאַרקויפסטו, ביגביז?

— ווינט פאַרקויף איך. דיינע הענט פאַרקויף איך דיר. איך הויב־אויף דיינע הענט מיט מיינע, און זאָג צו דיר: קויף זיי ביי מיר אָפּ. וויפל גיסטו?

— קענן וואָס איז דאָס אַ משל ביגביז?

— קענן די זיד־שטאַטן פון אַמעריקע. מ׳פאַרקויפט דעם „ניגער״ אויף אויסצאָלן דאָס, וואָס מ׳האָט ביי דעם „ניגער״ געגנבעט, מען נעמט ביי אים פאָרויס צוויי מאָל אַזויפיל, וויפיל דאָס פון־אים־געגנבעטע האָט די ווערט. דערנאָך, אַז סע קומט צאָל־טאָג, כאַפּט מען זיך אַרויס אויף די פּלאַנטאַציעס, און וועלכן ניגער מ׳באַגעגנט, הייסט מען זיך געבן אַ פינפערל... סיי־ווי־סיי איז שווער צו דערקענען איין ניגער פונם אַנדערן.

— גלויבסטו דען נישט אין דער הייליקייט פון אַרבעט, ביגבין?

— יאָ, אַרבעט איז הייליק ווי די... תורה. תורה איז די בעסטע סחורה, כע־כע! ווילסט אַ גוטן ציגאַר? איך האָב איינעם — וועלן מיר רויכערן בשותפות: דו וועסט אונטערצינדן, איך וועל רויכערן...

*

דו ווייסט, פאַרוואָס איך שענק דיר מיין שנאה, ביגביז?

נישט ווייל דו ביסט מיר אַ פיאַווקע אונטערן אויער, נאָר ווייל איך דאַרף דיך נאָך אַליין צוהאַלטן, דו זאָלסט נישט אַרונטערפאַלן.

דו פעט, שוואַרץ אָנגעפּוטשעט שלעג־עלע.

איך לעב מיט דיר גוט, ווייל איך בין אין פיבער, ווייל איך דאַרף דיך האָבן פאַר אַ רפואה. דערפאַר האַלט איך דיך צו — ווי ווייל איך הער, וואָס דו טוסט אונטער מיין אויער...

זאָג, ביגביז, שכן מיינער, ווילסטו אפשר, איך זאָל דיר ווייזן דעם וועג צו מיין ווייַנגאָרטן מיט די ווילדע ווייַנטרויבן?

ווילסטו אַ שמעק טון צו דעם, וואָס סע וואַקסט פאַר דיר דאָרטן אינעווייניק אין די דורכגעזוניקטע רויטע הענגלעך?

פאַרזוך, שכן מיינער, איידער דער זייגער שלאָגט — צופיל...

טרינק, שכן מיינער, ביי מיר אונטערן אויער, דו ווייסט נאָך דערווייל נישט, וואָסער כּח איך טראַכט אַריין אין דעם ביסל רויטס, וואָס דערנערט דיך.

*

אָבער ביגביז איז נישט שטענדיק אַ שוואַרץ וואַסער־שלענגל. אַמאָל איז ביגביז אַ פרום גלחל, אָדער אַ הייליק פּאַסקודניאַקל, מיט אַ געקרייזלטן לייז־גאָרטן אויפן פּנים.

דעמאָלט קומט ער מיט פאַרמעטלעך צו מיין פריינטל אייזנהאַרץ, וואָס טראָגט געלע בלעטער אין די האָר... ער רעדט צו אים וועגן גאָלדענע פליי. ער זאָגט, אַז זיי שפּרינגען פון הימל, גלייך אין בוזים אַריין צו אַלע, וואָס קלאַפּן זיך אין האַרץ, און זאָגן על־חטא.

„די וועלט", מאַכט ביגביז, „איז גאָט. אַז גאָט האָט געמאַכט דעם טאָג, האָט ער געזאָגט, עס איז גוט. אַז גאָט האָט באַשאַפן די נאַכט, האָט ער געזאָגט ס'איז גוט. אַז גאָט האָט באַשאַפן דעם טכויר און די וואַנץ און ער האָט געזאָגט ס'איז גוט — ער האָט געהאַט נישט קיין שלעכטע מיינונג וועגן זיך — דער גאָט. וואָס האָט די וועלט באַשאַפן! איך, ביגביז — גיי אין גאָטס וועגן".

*

ביגביז פֿאַרהויבט זיך מיט דער רעכטער האַנט ס'דעקל פֿון זיין רעכטן אויג און זאָגט — הימלדיק:

— דו זעסט? איך בין באַשיידן. איך צאָם אַליין אַרום מיינע פֿאַרגעניגנס מיט שטאַכעטן. איך פֿאַרווער מיר אַליין צו טרינקען בראָנפֿן, אַפֿילו ביר... פֿאַרוואָס?

— יאָ, פֿאַרוואָס, ביגביז?

— איך האָב פֿיינט שכרות. אַז אַ מענטש איז שכּור, ווייסט ער נישט פֿון קיין חכמות, דעמאָלט, אַז מען נעמט ביי אים צו זיין שטיק ברויט, קאָן ער כאַפּן אַ שייט האָלץ און דערלאַנגען איבערן קאָפּ. אָבער, אַז ער איז ניכטער, איז גאָר אַן אַנדערע זאַך! דעמאָלט, אַז מען נעמט ביי אים צו ס'שטיק ברויט, גייט ער אַוועק אין ביבליאָטעק, און זעצט זיך אַוועק איבער אַ דיק בוך, אויסצוגעפֿינען, פֿ אַ ר וו אָ ס מ'האָט ביי אים צוגעכאַפּט ס'שטיק ברויט, און ביז ער געפֿינט אויס אויף ריכ-טיק, איז ער שוין אַלט, און האָט קיין כּח נישט אַ שייט האָלץ אויפֿצוהויבן.

— מיינסטו אַזוי?

— זיכער, אָט זע וואָס איך האָב אויפֿגעטון פֿאַר דער געזעלשאַפֿט:

אין די אַמאָליקע בראָנפֿן-און-ביר צייטן, וואָס פֿלעגט ווערן פֿון אַ שמידס אַ זון? אויך אַ שמיד! ווייל דער פֿאָטער איז געווען שטאָלץ אויף זיין פֿאַך! אָבער היינט, אַז דאָס לאַנד איז ניכטער געוואָרן, וואָס ווערט פֿון אַ שמידס אַ זון? אַ „לאָיער”... אַ פּאָליטיקאַן, אַ געלד-ציילער, אַ פּאַפּירל-מעק-לער — מיר דערהויבן די קינדער פֿונם פֿאָלק צו דער מדרגה פֿון „גוטאָפּניקעס”, פֿון געשעפֿטלייט... ווייל וואָס איז נוצלעכ-קייט? גאָרנישט. נעמט, למשל, אַ נוצלעכע, קינדער-געבוירנדיקע פֿרוי מיט אַן אויפֿגעהויבענעם בויך! איז זי דען שיין? ניין.

שיין איז די נאַפקע, וואָס קאָן גאָרנישט פּראָדוצירן, און פאַר־שלעפּט אומגליקן אויף אַלע, וואָס האָבן זי ליב.

— אַזוי גאָר?

— אַקוראַט אַזוי! אַ כּרוי איז אָנגעטון, באַהאַלט זי זיך אונטער די קליידער, אונטער די שלייערן. אָבער לאָז זי זיך אויסטון נאַקעט ביז צ־ראָפּ און — איר וועט זי אינגאַנצן נישט זען.

— דער עיקר איז, הייסט דאָס, ליבער שכן, די קליידער?

— אַוודאי די קליידער. די מעטאַפיזיק. די חכמה. לאָזט דאָס אַלצדינג פּראָסט און נאַקעט און — סע וועט נישט ווערן. פּראָבלעמען ווערן באַשאַפן פון... פּראָבלעמאַטיקער. דער „רוי־טער מענטש” האָט נישט געגוג שכל צו לאָזן ביי זיך אַוועק־כאַפּן ס'שטיק ברויט. ער פאַרענטפערט נישט מיט קיין בוך, נאָר מיט אַ האַק.

— אַזוי גאָר, שכן?

— יאָ. איך זאָג דאָס דיר אויס, ווייל איך ווייס, אַז דו וועסט עס איבער־דערציילן אַזוי גרינג און פּראָסט, אַז מען וועט עס נישט פאַרשטיין.

דאָס זענען דערווייל די ערשטע רייד פון ביגביז. מיר וועלן זיך נאָך שפּעטער אומקערן צו אים און צו זיין הויז־געזינד. דעמאָלט וועלן מיר טראָגן שטאָל אין די אויגן, און גרינע בלעטער אין האַרץ...

## II

ביגביז איז געזעסן אין זיין נייעם גרין־בלישטשנדיקן אויטאָמאָביל, וואָס איז געשטאַנען אויפן הויף פון זיין „ד. שענטלמאַנס פאַרם”, גערויכערט אַ קובאַ־ציגאַר און געלייענט זיין ציישונג.

אַ פּאָר צענדליק טריט ווייט פון אים, אַראָפּצו, אין טאָל,

ווּ די בהמה-שטאַל איז, איז געשטאַנען דער אַקערניק און געגאַפּלט מיסט אויף זיין מיסט-גאָפּל.

דאָס צעריסענע מיסט איז געווען ווארעם, האָט אַרויס-געגעבן פון זיך אַ געשמאַקן, לעבעדיקן ריח און אַ פּאַרע. ביגביז האָט אַ צי געטון מיט דער נאָז אין זיין צייטונג און געזאָגט: „פּע, וואָס שטינקט עס דאָרטן אַזוי?" דערנאָך האָט ער זיך ווייטער פאַרטיפט אין די נייעס וועגן פוילן.

*

„העי!" האָט ער אריבערגעשריגן צום אַקערניק — „דו! קום נאָר אַהער!"

דער אַקערניק האָט אַוועקגעלייגט דעם מיסטגאָפּל, זיך מער פאַרקאַטשעט די אַרבל פון זיין כאַקי-העמד, און איז צוגעקומען מיט אַ ברייטן גאַנג.

„וואָס זאָגסטו צו דעם פוילן?" האָט געזאָגט ביגביז. „דו ביסט דאָך אויך אַ פוילישער, ניין?"

„איך זאָג", האָט געזאָגט דער אַקערניק, „אַז די פּאָליאַקן זענען אַ גאַנץ פיין פאָלק אויף צו מאַכן פּאַראַדעס, טראָגן יוניפאָרמעס, און טאַנצן שימי. אָבער זיי וואָלטן באַדאַרפט האָבן נאָך אַ פאָלק צו זיך, וואָס זאָל אַרבעטן פאַר זיי, ווייל זיי קאָנען זיך אַליין נישט „סופּאָרטן". זיי זענען צו שטאָלץ דערצו! — —"

„דאָס איז אמת". האָט געזאָגט ביגביז, און פאַרכאַפּט אַ ברעג וואָנצע אין מויל אַריין. „יעדער לייטישער מענטש דאַרף האָבן נאָך אַ מענטשן צו זיך — ער זאָל אים געבן צו עסן. נישט אַזוי?"

„די פראַגע איז", האָט געזאָגט דער אַקערניק, „צי זענען די פראַנצויזן בעסערע פּאָליאַקן, אָדער זענען די פּאָליאַקן ערגערע פראַנצויזן? און דאָס וואָס איר זאָגט", מאַכט ער, „אַז יעדער מענטש דאַרף האָבן עמעצן, וואָס זאָל פאַר אים אַרבעטן, איז דאָס זייער ריכטיק. נאָר וואָדען? עס דאַרף זיין

איין באַדינג: דער מענטש פאַר וועלכן דער אַנדערער מענטש אַרבעט, מוז זיין בלינד אויףביידע אויגן, אָדער טויט אויף דער הארץ״. 1

*

„דאָס איז זידלעריי״... האָט געזאָגט ביגביז, „די צרה מיט די אַרבעטער איז, וואָס זיי זענען רוי און גראָב, און מ׳קאָן מיט זיי נישט רעדן אַנדערש ווי מיט... גיפטגאַז און מיט ביקס. אָט-וואָס די צרה מיט זיי איז! אונזערע לייטע זענען דזשענטלמענער. זיי רעדן שטיל, און האָבן גוטע מאַניערן. האָט איר שוין אַמאָל געזען, „מאַכט ביגביז,״ אַז אונזערס אַ מענטש זאָל זיך ווישן דאָס מויל מיטן אַרבל? אָדער ער זאָל נישט אַראָפּנעמען ס׳היטל פאַר זיין שוועגערין? אָדער ער זאָל נישט זאָגן זיין ווייב „אַ שיינעם דאַנק״ יעדעס מאָל, וואָס ער — —.״

„יאָ״, האָט געזאָגט דער אַקערניק, „דאָס מוז מען צו-געבן: דזשענטל-לייט זענט איר! יעדעס מאָל, וואָס איר גייט אַרויס פון אַ באַן-סטאַנציע, ווו עס איז דאָ אַ פאַל-טיר, האַלט איר שטענדיק צו די טיר, זי זאָל זיך נישט פאַרקלאַפּן, איידער דער אַנדערער קומט צו. דאָס איז אַ באַוויז, אַז דאָס „פיינטעלע מענטש״ איז פאָרט — אַ פיינטעלע מענטש. אָבער דאָס וואָס איר פירט זיך אויף דעליקאַט מיט... פרויען, איז דאָס דאפאר, מיין איך, ווייל איר באַטראַכט זיי נאָך אַלץ ווי אייערע... שפּילכלעך, ווי אייערע פּריוואַטע קעצלעך, אייער שטילע פיינ-קייט איז די שטילע פיינקייט פון אַ וואַלד-חיה, וואָס האָט פעטס אויף די פיס, און גייט שטיל אויף איר — נאַכט-רויב״,

*

„עפּעס שמעקט נישט-פריש״, האָט געזאָגט ביגביז, און ווידער אַ שמעק געטון צו זיין בלאַט-צייטונג, „זאָל דאָס זיין די שטאַל?״

„יאָ״, האָט געזאָגט דער אַקערניק, „די שטאַל האָט אַ

טבע, אַז זי שמעקט נישט... כאָטש די מילך פון די בהמות שמעקט זייער גוט, און די פוטער אויך. און דער רינד-בראָטן אויך!.. איך פיר איצט", זאָגט ער, „מיסט אויפן פעלד. איר ווייסט", זאָגט ער, „אָן מיסט וואַקסן נישט קיין רויזן".

„קומט אויס", מאַכט ביגביז, „אַז אין די רויזן איז דאָ מיסט און מיסט. צישן שטאָל און... שטאָלמייסטער".

„יאָ", האָט געזאָגט דער אַקערניק, „מיר לעבן צישן מיסט און מיסט. צישן ערד און — אייך. צישן שטאָל און... שטאָל-מייסטער".

„דאָס איז פּאָעזיע", האָט געזאָגט ביגביז. „דאָס פאָלק קאָן נישט לעבן מיט קיין פּאָעזיע. אָט נעמט דעם יעדנעראַל-שטרייק אין ענגלאַנד? וואָס האָט זיך אויסגעלאָזט?"

„עס האָט זיך אויסגעלאָזט", האָט געזאָגט דער אַקער-ניק „ווי תמיד. דאָס קעניגלעכע ענגלאַנד פּאַטשט שטענדיק אירע שונאים מיט... זייערע אייגענע הענט! אין פּאַלעסטינע, אַז זי וויל פּאַטשן די „שינים", וואָס טוט זי? זי הויבט אויף דעם יידס אייגענע האַנט און דערלאַנגט אים אַ זעץ אין מויל. ווי אַזוי הייסט די „האַנט"? סעמיועלס! אין אינדיען — מיט וועמען שלאָגט זי די אינדיער? מיט זייערע אייגענע הענט! מיט די יודאַס-לייט פון דעם געגנערס אייגענעם שטאַם. — און איצט מיטן שטרייק! איר ווילט שטרייקן? נו, זיכער! שטרייקט זיך אַ ביסל דורך, קינדערלעך, לאָז אייך ווויל באַקומען! נאָך מער: אונזערע אייגענע מענטשן וועלן אייך ווייזן ווי אַזוי: מאַקדאָנאַלד, טאָמאַס... דעם טאָמאַסן האָבן „מיר" טאַקע פאַר זיין „גוטער אַרבעט" אין מיטן-דרינען געשענקט אַ דאָק-טאָר-טיטל — דאָקטאָר פ. פ. פ. פאַרעטער, פאַרפירער — פאַר-ברענט זאָל ער ווערן!

*

„אויב איר שילט זיך שוין", האָט געזאָגט ביגביז. „גייט שוין בעסער אַרבעטן. ווען ווערט היינט נאַכט?"

„נאַכט?" האָט געזאָגט דער אַקערניק, „נאַכט ווערט

שטענדיק שפּעט... פֿאַר איינעם וואָס שאַרט מיסט! אָבער פֿאַר איינעם, וואָס זיצט אויפֿן רייטוואָגן און גענעצט קומט די נאַכט אַביסל שנעלער".

„איך מיין אויך אַזוי", האָט געזאָגט ביגביז, „אייך, חברה, איז גוט. איר דאַרפֿט נישט צאָלן קיין 250 דאָלאַר אַ חודש דירה-געלט, אָדער זיך דאַרן דעם קאָפּ ווי צו נעמען 12 טויזנט דאָלאַר אויף אַ נייעם אויטאָמאָביל. איר דאַרפֿט נישט צאָלן קיין אַכט טויזנט דאָלאַר אַ יאָר „אינקאָם טעקס". איר אַרבעטער לעבט זיך ווי די גראַפֿן... מיט גרינגע קעפּ! מיר האָבן שטענדיק „טראָבל" — דאָ מיט ווייבער, דאָ מיט אויטאָמאָבילן, דאָ מיט... שאַ!" האָט זיך ביגביז דערמאָנט, „די קראָפּיווע אין גאָרטן האָט איר שוין אויסגעריסן?".

„איכל אויסרייסן!" האָט געזאָגט דער אַקערניק און זיך גענומען גיין קריק צו דער שטאַל, „איכל אויסרייסן ביי דער ערשטער געלעגנהייט. לאָז מען נאָר פֿאַרטיק ווערן מיטן מיסט, — דערנאָך וועט שוין גיין ווי געשמירט".

„בראַוואָ!" האָט געזאָגט ביגביז און פֿויל געשטופּט אַ געגעץ קריק אין מויל אריין מיט דער לינקער זייט פֿון זיין האַנטפֿלאַך, „אָט אַזוינע רייד האָב איך ליב! וואָס דען? איר מיינט ס'איז דאָ וואָס אונז מקנא צו זיין? אָט למשל, אַז איר ווערט מיד און איר ווילט זיך אַביסל אָפּרוען, „סטאַפּט" איר אַ טאָג פֿון דער אַרבעט און איר רוט זיך אָפּ. אָבער, אַז איך אַרבעט קיינמאָל נישט, וויאַזוי קאָן איך מיך אָפּרוען, — אַז איך ווער מיד? „דערפֿאַר זאָג איך", מאַכט ביגביז, „אַז ס'איז אונז נישטאָ וואָס מקנא צו זיין!"

*

„איך מיין אויך אַזוי!" האָט געזאָגט דער אקערניק, „אַז ס'איז אייך נישטאָ וואָס מקנא צו זיין. איר זעט מיינע הענט?" האָט דער אַקערניק אויפֿגעהויבן די שווערע פֿויסטן זיינע קעגן יענעמס נאָז. „זיי שמעקן אייך נישט — איאָ? זיי זענען פֿון מיסט און פֿון ערד. אָבער עס וועט קומען אַ צייט ווען איר וועט

פאַרגעסן דעם שלעכטן ריח... דעמאָלט וועט דאָס בלוט ברענען אין אייערע באַקן, פון בושה, און פון... הייסע פינגער." —

„פר-ר, פר-ר", האָט ביגביז געשנאָרכט, אַראָפּגעלאָזט זיין קאָפּ אויפן בלאַט-צייטונ', און געבלאָזן אַקוראַט אויף דעם אָרט, ווו ס'איז געשטאַנען: „אַ פייער האָט אַרומגעכאַפּט גאַנץ פּוילן".

## III

ביגביז איז געזעסן אין דרויסן לעבן זיין לאַנד-הויז, זיך געשפּילט די נעגל און געקוקט, ווי דער אַקערניק שאַרפט דעם אַקער.

— האַלץ, — האָט ער געזאָגט — האָט אַ טבע, אַז סע פוילט. אייזן האָט אַ טבע, אַז סע זשאַווערט.

— און גלאָז האָט אַ טבע, אַז סע ווערט צעבראָכן, — האָט געזאָגט דער אַקערניק.

דו מיינסט עס מיט אַ שטאָך? — האָט געפרעגט ביג-ביז. — דו מיינסט, אַז מיר, די ביגביזטן, זענען גלאָז און אַז מיר וועלן זיך צעברעכן?

דער אַקערניק האָט געשפּיגן אויפן שאַרפשטיין און געזאָגט:

— איך מיין, טפּי, אַז גלאָז האָט אַ טבע צו בלישטשען קעגן דער זון, ווי דימענטן. אָבער נאָך אַ שענערן בלישטש, טפּי, האָט דאָס גלאָז, וואָס איז צעשטויסן.

— דאָס איז אמת — האָט געזאָגט ביגביז מיט אַ זיפצל — אָבער דער, וואָס צעשטויסט ס'גלאָז, צעבלוטיקט זיך דעם פוס.

— דאָס איז אמת, — האָט געזאָגט דער אַקערניק — אָבער ס'איז פאַראַן אַ פּאָרטל, אַז מ'זאָל זיך נישט צעבלוטיקן דעם פוס: מ'טוט זיך אָן שטיוול, אָבער מען שטויסט ס'גלאָז מיט אַ... האַמער.

*

ביגביז האָט זיך געשפּיגלט אין זיינע נעגל, דער אַקער-ניק — אין זיין אַקעראייזן. אין דרויסן איז געווען וואַרעמער פרילינג-טאָג, מיט אַ סך נייער זון און מיט אַ סך זאַטפאַר-ליבטע שאָטנס.

אויף די צעגרינטע אַגרעס-ביימלעך ביים פּלויט האָט אַרומגעהיפּערט אַ פויגל און אין גרויס איילעניש געזוכט עסן, און דערווייל געזונגען, כּדי דאָס זוכן זאָל אים אָנקומען גרינגער.

— דער פויגל — האָט געזאָגט ביגביז — ווייסט נישט פון קיין יוניאָן-שטונדן... פופצעסטוועגן זינגט ער און איז גליקלעך.

— דער עק מיינט — האָט געזאָגט דער אַקערניק, אַז ער באַוועגט דעם בער, אָבער דער בער איז זיכער, אַז ער באַוועגט מיטן עק.

— דאָס באַווייזט, — האָט געזאָגט ביגביז — אַז אַן גראָבע רייד גייט עס ביי אייך נישט. וואָס האָב איך דען צוזינס געזאָגט? איך האָב בלויז געזאָגט, אַז — „פייגל זענען נישט אָרגאַניזירט". „דאָס איז אמת" האָט געזאָגט דער אַקערניק, „אָבער ערשטנס: האָט איר אַמאָל געזען שוואַלבן פליען אין אַ שרענגע? אָדער ים-פייגל פליען אין אַלערליי מוסטערן? כּמעט אַלע פייגל פליען אין אַן אויסגעצייכנטער אָרדנונג. און דער עיקר: אַלע אַנשטענדיקע פייגל ווייסן, אַז רויב-פייגל זענען נישט זייערס גלייכן, און זיי כאַפּן מיט זיי אינאיינעם קיין ווערים נישט..."

— לאָמיר שוין בעסער רעדן וועגן מיסטער „זיפּ", — האָט געזאָגט ביגביז — איך מיין, דעם מיסטער „זיפּ" פון באַרנום צירק — דער מיטן „בערשטל האָר" אויפן שפּיץ קאָפּ, און מיט די האָריקע הויזן פון איין שטיק, אין וועלכע ער האָט געכאַפּט ס'אָנבליק פון אַ מאַלפּע. שטעלט זיך פאָר, — מאַכט

ביגביז — אַז נאָך דעם פּאַרזעניִשס טויט האָט זיך אויסגעלאָזט, אַז ער איז געווען שטאַרק רייך. און בעת ער האָט געשפּילט די ראָל פון אַן אף, האָט ער שטילערהייט געלאַכט פון די „אפן”, וואָס האָבן געצאָלט געלט, כּדי צו קאָנען לאַכן פון אים —.

— אַפּן, — האָט געזאָגט דער אַקערניק און זיך געראַנגלט אַרויסצונעמען די טעמפּקייט פונם אַקעראייזן מיט דער הילף פונם שטיין, — אַפּן לויזן־זיך איינס ס'אַנדערע מיט אַזאַ מין ערנסט, ווי זיי וואָלטן געלייענט האָמערן, אָדער צביונען, אָבער דער אמתער אף איז יענער, וואָס שפּייט אין די הענט אַריין, בעת אַן אַנדערער צעהאַקט דאָס האָלץ, וואָס וועט אָפּקאָכן דעם שפּייערס אָוונט־ברויט. —

— דאָס איז פּאָעזיע — האָט געזאָגט ביגביז און האָט זיך געגלאַנצט די נעגל ביי זיין רעכטער האַנט אויף זיין האָריקן לינקן אָרעם — אָבער צו שטאַרבן קומט דאָס נישט. די פרוי מיט דער באָרד איז אויך געשטאָרבן — מאַיער האָט זי געהייסן, זי האָט געהאַט אַ שוואַרצע באָרד ביז צו דער ערד. זי פלעגט לעבן פון דער באָרד —.

— דאָס איז גאָרנישט, — האָט געזאָגט דער אַקערניק — איך קען עטלעכע מענטשן, וואָס אַרבעטן ביים יידישן פאָלק אַלץ בערד. איינער פון זיי איז דער געוויסער פילאָזאָף. — —

*

— אַז איכל אַמאָל ווערן שטאַרק רייך — האָט געזאָגט ביגביז, וועל איך מיר קויפן אַזאַ פילאָזאָף און אים אַרויסזעצן אין פענסטער אַריין, אַלע זאָלן זען, וואָס פאַר אַ שיינע... באָרד איך האָב.

— זיפּ! — האָט געזאָגט דער אַקערניק און אַראָפּגעלאָזט די אַקערשער אויף דר'ערד — אַ פינקלדיקע, אַן אָנגעשאַרפטע. זיפּס הויפּטאַטראַקציע איז געווען דער „ווהאַט איז איט?” דאָס, וואָס קיינער האָט נישט געוווּסט, וואָס ער איז און צו

וואָס מ׳דאַרף אים האָבן... און דאָס, וואָס ער האָט כּלומרשט געריפּעט אויף אַ פידל, האָט נאָך מער אינטריגירט. בפרט, אַז ער האָט נאָך פאַרגלאָצט די אויגענעס, און פאַרהויבן אַן אַקסל, ווי אַן אמתער ביגביזט... „זיפּ״ אַליין האָט אַוודאי געמיינט, אַז ער איז אַ גרויסער קאָפּ-מענטש, ווייל זיין כּוח איז געלעגן אינם טשובּיקל האָר...

— נו, גענוג, — האָט געזאָגט ביגביז... — איצט קאָן מען שוין גיין אַקערן. דאָס אייזן איז שוין שאַרף. עס שמייכלט אין דער זון מיט זיין שאַרפקייט.

— דאָס איז פּאָעזיע — האָט געזאָגט דער אַקערניק, און גענומען שפּאַנען די פערד — דער אמת איז, אַז דאָס אייזן אַליין, (ווען סע זאָל זיין אין אים געווענדט!) וואָלט בעסער געוואָלט זיין שטומפּיק איידער געשאַרפט... מיט יעדן שאַרף נעמט מען ביי אים צו אַ שטיקל לעבן, עס ווערט פיינער, אָבער ווינציקער. דאָס איז די טראַגעדיע פון אונזער יאָרהונ-דערט פון שאַרפקייט.

— טעמפּקייט איז נוצלעך — האָט געזאָגט ביגביז.

— אַז מ׳איז טעמפּ, — האָט געזאָגט דער אַקערניק — ווייסט מען נישט, אַז דער, וואָס שאַרפט דיך — שאַרפט דיך נישט צוליב אייגענעם גלאַנץ, נאָר צוליב דיין נוצלעכקייט פאַר אַנדערע. און אַז מען איז אָנגעשאַרפט פון פרעמדע הענט, איז מען אויך בלויז שאַרף אויף אַזויפיל, וויפיל די פרעמדע הענט ווילן זאָלסט זיין שאַרף.

— דאָס איז אפשר אמת — האָט געזאָגט ביגביז און גענומען צריינגענעצן אין זיין פיינער, ווייסער זשמעניע צריין — אָבער, וואָס זאָגסטו נישט צו דעם גענעראַל-שטרייק אין ענגלאַנד? אַ שיינע צייט געקומען, אַז ווען דער שניידער לייגט אַוועק די נאָדל, לייגט דער שרייבער אַוועק די פען, און דער שוסטער דעם נאָל, און דער אינזשיניער הערט אויף טרייבן דעם לאָקאָ-מאָטיוו. זיי וואָלטן נאָך באַדאַרפט אָפּמאַכן מיט די בהמות אויך, אַז זיי זאָלן נישט געבן קיין מילך.

— בהמות וועלן שטענדיק געבן מילך — אויב זיי וועלן

נאָר האָבן, האָט געזאָגט דער אַקערניק. אַ בהמה מיינט שטענדיק, אַז מען איז אויסן איר טובה מיט דעם, וואָס מען מעלקט זי. און אַפילו, אַז זי שטייט שוין אין שעכט-שטוב, איז זי נאָך אַלץ פול מיט דאַנקשאַפט צו איר האר, וואָס ער האָט אַכטונג געגעבן, אַז זי זאָל זיך נישט פאַרקילן אויפן וועג אַהער. איצט — הײַשאַ!

דער אַקערניק האָט איבערגעטראָגן דעם אַקער אויפן שטיינערדיקן פעלד, ווו די אַרבעט האָט זיך היינט באַדאַרפט אָנהויבן. די פערד האָבן געגלאַנצט מיט די אויסגעפוצטע בייכער. דער הימל האָט זיך געפליגלט מיט זון. אָבער דער שפעטער פראָסט איז נאָך געלעגן איינגעפרעסן טיף אין דרערד און נישט געוואָלט אַרויס. האָט דער אַקער געקרעכצט, און די פערד האָבן געקרעכצט, און דער אַקערניק האָט געשוויצט, און ביג־ביז איז באַכגעגאַנגען פון הינטן, זיך געקוקט אויף די נעגל און געטרעדט וועגן דעם יידישן ספאָרט-קלוב „הכח".

— דער הכח, — מאַכט ער — האָט באַוויזן, אַז יידישער „ספאָרט" איז אויך קאָפּ-אַרבעט. די יידן האָבן געשלאָגן דעם פוט-באָל מיט די קעפּ, מער ווי מיט די פיס... און פאַרלוירן האָבן זיי דערפאַר, ווייל זיי האָבן זיך געצילט גלייך, בעת די גוים האָבן געצילט קרום און — געטראָפן, ווייל דער יידישער „גאָלמאַן" האָט זיך נישט געריכט, אַז אַ גוי זאָל צילן קרום.

„אַוודאי", האָט געזאָגט דער אַקערניק, „איז היינטיקע צייטן גלייכער צו זיין קרום ווי גלייך. אָבער צו זיין גלייך איז פאָרט שענער."

— איך גיי שוין קריק אין שטוב אַריין! — האָט געזאָגט ביגביז. — איך בין שוין מיד.

ער האָט זיך אומגעקערט און גענומען גיין צוריק צו זיין הויז. אויפן וועג איז ער געבליבן שטיין, צוגעלייגט די הענט צו ביידע זייטן פון מויל, ווי טירלעך, און איבערגע־שריגן: פאַרגעסט נישט צו גראָבן ט י ף!

— מירן שוין גראָ-בן! האָט געענטפערט דער אַקערניק. — איר מעגט זיין אום-רויק!

אָבער ביגביז איז איצט געווען צו ווייט, האָט ער נישט געהערט דאָס לעצטע וואָרט, און געמיינט, אַז אַלץ איז אין דער בעסטער אָרדנונג.

## IV

ביגביז איז מיטן ציגאַר אין מויל נאָכגעגאַנגען דעם אַקערניק, וואָס האָט געאַקערט זיין פעלד. די פערד זענען געווען הייס און דאַמפיק. דער אַקערניק האָט געשוויצט און געקראָכן איבער בלאָטיקע גרודעס, גצהיט, אַז די אַקערשער זאָל נישט אַרויף אויף אַ שטיין, אַליין אונטערגעהויבן דאָס שווערע אַקער-אייזן. לעבן אים איז געגאַנגען אונזער פריינט ביגביז, מיט פאַרקאַטשעטע ווייסע הויזן, געהאַלטן דעם ציגאַר אין מויל און געפירט אַן איידעלן שמועס מיטן אַקערניק.

— דו ווייסט, — האָט געזאָגט ביגביז, און זיך אַראָפגעגלעט אַ פינטעלע אַש פונם לאַץ — דו ווייסט, מיר דאַרפן היינטיקס יאָר פאַראַקערן אַנדערהאַלבן מאָל אַזויפיל פעלד, ווי פאַראַיאָרן. מיר מוזן וואַקסן — איך מיין, — האָט ער געזאָגט און אויסגעשפיגן אַ שטיקל האַוואַנע-בלאַט — איך מיין, נישט נאָר אויף מיין ערד דאַרף וואַקסן, נאָר מיין ערד אַליין דאַרף אויך וואַקסן, זיך אַנטוויקלען — גרעסער ווערן.

ביגביז האָט זיך פאַרקוקט אויפן הימל, ווו אַ ברוין-רויטער וואָלקן איז אָנגעלאָפן, דערפילט אַ קעלט פונם וואַלד, זיך אויפגעשטעלט דעם קאָלנער און געפרעגט:

— אין גאָט גלויבסטו?

— איך גלויב, — האָט געזאָגט דער אַקערניק, אַז אייזן איז גרינגער צו קייען ווי זויערמילך, און אַז אַ פּאַטש איז שטאַרקער, ווי אַ קוש, און אַ לעמפערט קאָן פון זיך אַליין

נישט אַראָפּטרייבן די פליגן, און אַז אַ זייגער, וואָס קלינגט מער ווי 12, ווערט גוט נישט אָפּשניידן...

— דאָס איז געווען, — האָט געזאָגט ביגביז — איצט דערקלער, וואָס איז אַזוינס פּראָגרעס?

— פּראָגרעס, האָט געזאָגט דער אַקערניק, און איבערגעוואָרפן אַ שטיין איבער די אַקסלען, — פּראָגרעס איז, אַז מען שפּאַנט די פערד פאַרקערט: מיט די עקן צו זיך אַליין. נישט צו אונז. איר פאַרשטייט? פּראָגרעס איז ענטוועדער, אַז איך באַוועג מיך אַוועק פון אייך, אַזוי ווייט, אַז איר קאָנט מיך נישט כאַפּן, אָדער, אַז איך נעם-אייך-מיט מיט מיר.

ביגביז איז געבליבן שטיין מיט אַ פוס און מיט אַ ליפּ אין דער לופטן און געזאָגט:

— איך פאַרשטיי נישט, וואָס דו רעדסט. קלער מיר אויף, — מאַכט ער — וואָסער אַ סימן האָט מען, אַז מען באַוועגט זיך אַהין, און נישט צוריק? און פון וואַנעט ווייסט מען, ווו דער „אַהין" איז?

— ס'איז פּשוט... הייטא! — האָט געזאָגט דער אַקערניק, און געצווינגען די פערד זיי זאָלן גיין, ווו מען באַדאַרף — עס איז גאָר פּשוט. איר נעמט, למשל, אַ קאַץ און אַ שטיקל קעז, און שטעלט זיי אַוועק איינס קעגן ס'אַנדערע. איז אויב די קאַץ באַוועגט זיך קעגן שטיקל קעז... איז דאָס אַ נאַטור-געזעץ. אָבער, אַז דאָס שטיקל קעז הויבט זיך אָן באַוועגן צו דער קאַץ, איז דאָס... רעוואָלוציע, פּראָגרעס!

— איך פאַרשטיי נישט, — האָט געזאָגט ביגביז — וואָס דו מיינסט מיט דעם. אויב דו מיינסט, — האָט ער געזאָגט — אַז דאָס ברויט דאַרף אַרבעטן פאַרן מענטשן און נישט דער מענטש פאַרן ברויט —

— דאָס אויך! — האָט געזאָגט דער אַקערניק און זיך איינגעשפּיגן אין די הענט אַריין. — דאָס ברויט איז מחויב צו דערנערן דעם, וואָס האָט עס ליב געהאַט... נאָך איידער עס איז געווען ברויט, דאָס וואָס האָט עס געפּילעוועט, ווען עס איז נאָך געווען ערד און מיסט. ס'איז נישט קיין קונץ

ליב צו האָבן אַן אויסגעפּוצטע כּלה... אַ קונץ איז ליב צו האָבן אַ כּלה, וואָס... מאָזלט, איר פאַרשטייט, מר. ביגביז? — האַרטע ערד — מאַכט ער — הייַנטיקס יאָר. אַ סך פרעסט געווען. און די קעלט, — מאַכט ער — איז נאָך נישט אַרויס, כאָטש די זון שיינט. און די שטיינער וואַקסן פון יאָר צו יאָר. דאָס איז די איינציקע זאַך, — מאַכט ער — וואָס וואַקסט אָן אַרבעט.

זיי זענען ביידע צוגעקומען צום סוף פעלד, ווו די אויפגעאַקערטע ערד האָט זיך געענדיקט. דער אַקערניק האָט אויסגעדרייט דעם אַקער, געלאָזט די פערד אַ מינוט אָפּרוען און צליין צוגעגאַנגען צום פּלויט אויף אַ מינוט.

— אַנטקעגן דעם, וואָס דו זאָגסט „גאָט"! — האָט ביגביז גערעדט צו יענעם, וואָס איז געשטאַנען ביים פּלויט מיט דער פּלייצע צו אים. — גאָט — מאַכט ער — איז אומעטום.

— אויב אַזוי, מאַכט דער אַקערניק, — וואָלט איך אייך געראַטן קיינמאָל נישט צו טון דאָס, וואָס איך טו איצט, וואָרין עס איז אַ באַליידיגונג פאַר גאָט.

— דו רעדסט גראָבע רייד — האָט געזאָגט ביגביז צו דעם אַקערניק, וואָס האָט שוין איצט ווידער געשפּאַנט איבערן פעלד מיט די צוויי גרויסע, שוויצנדיקע פערד.

— גראָבע רייד זענען איידעלער, ווי איידעלע גנבים — האָט געענטפערט דער אַקערניק — גראָבע רייד זענען ווי טכוירן. איר מאַכט פון זיי טוליפּלעך, אָבער זייער נאָמען קאָנט איר נישט דערמאָנען. אַ חוץ דעם — מאַכט ער, דאַרפט איר וויסן, אַז טכוירן האָבן געוויינטלעך ריינערע מיילער, ווי... אַ סך איידעלע מענטשן. טכוירן קייען נישט קיין מענטי-פּלעצלעך, אָדער סען-סען-גאָם, בעת זיי דערקלערן זיך אין ליבע צו זייערע טכוירעטעס.

— קומט אויס, אַז מענטשן זענען נידריקער, ווי טכוירן? איז ביגביז געוואָרן אויפגעבראַכט און אַ בלאָז געטון מיטן מויל אויפן פרישן ווינט.

— סווענצעך! — האָט געזאָגט דער אַקערניק. — וועלכע

מענטשן. אַ טייל מענטשן זענען נישט נאָר טכוירן, נאָר זיי זענען אַליין די ווינטן, וואָס פאַרטראָגן דעם ריח. — זיי פאַר־שטינקען נישט נאָר די ערד, נאָר אויך דעם הימל און די שטערן —.

— דאָס איז שוין פּאָעזיע! — האָט געזאָגט ביגביז, און זיך פאַררויכערט אַ נייעם ציגאַר.

אין דרויסן איז געוואָרן ווינטיק. ביגביז האָט זיך געטולעט צו זיך אַליין, געוואַרעמט די שפּיץ־פינגער אָן פייער פון ציגאַר, און געצויגן מיט דער פאַרקילטער נאָז דעם דופט פון דער אויפגעאַקערטער ערד, פון אויפגעריסענער יונגפרוישאַפט. ווי אַ פרעמדער, וואָס ליגט ביי דער זייט פון חתן־כלה אין זייער חופּה־בעט, אַזוי פרעמד און נישט־לייטיש האָט ביגביז אויסגעזען.

— איר זאָגט וואַקסן, — האָט דער אַקערניק גערעדט אין קאַלטן ווינט אַריין — אַוודאי דאַרף אַלצדינג וואַקסן, אַנט־וויקלען זיך, גרעסער־ווערן, אפילו די ערד אַליין, ווי איר זאָגט, דאַרף אויך מיטוואַקסן, איר זעט, — מאַכט ער — די מוסקולן אויף מיינע אָרעמס? די קנייטשן אויף מיין שטערן —... ס'איז אויפגעאַקערט, סע וואַקסט.

— פּאָעזיע, — האָט געזאָגט ביגביז — איז אַ ווילדע זאַך. די מעלה מיט דער פּאָעזיע — מאַכט ער — איז, וואָס זי האָט צייט. דעריבער — מאַכט ער — דאַרף זי האָבן דעם גראַם, וואָס זאָל זי אָפּשטעלן פון צייט צו צייט, אַנישט, אַנישט וואָלט זי פאַרפלייצט די וועלט, מ'וואָלט נישט געקאָנט לעבן!

— דאָס איז אמת, — האָט געזאָגט דער אַקערניק — אָבער ביי אייך אין מויל איז דאָס אַ ליגן, ווייל איר האָט... פאַלשע ציין.

— איך האָב ערלעך באַצאָלט פאַר מיינע ציין! — האָט גזאָגט ביגביז.

— יאָ, — האָט געזאָגט דער אַקערניק און אַ גלעט געטון איינס פון זיינע פערד מיט אַ פּאַטש — געוויס האָט איר ערלעך באַצאָלט פאַר אייערע ציין. אָבער נישט פאַר די זאַכן, צוליב וועלכע איר האָט אייערע ציין פאַרלוירן.

— יעדער מענטש האָט אַ רעכט צו פאַרלירן זיינע ציין, ווי ער וויל. — האָט געזאָגט ביגביז.

— דאָס איז פּאָעזיע! — האָט געזאָגט דער אַקערניק.

— פּאָעזיע — האָט געזאָגט ביגביז — איז אַ פיינע זאַך. עס איז, ווי דער מענטשלעכער דופק: ער שלאָגט און ער ווייסט נישט וואָס!

— מיין שוואָגער, דער דיכטער, — האָט געזאָגט דער אַקערניק — האָט טאַקע אַ טבע צו האַלטן די האַנט אויף זיין אייגענעם דופק, ווען ער שרייבט אַ ליד. סע העלפט אים, זאָגט ער, אָפּצומעסטן דעם ריטם!..

— ווי אַזוי קאָן ער שרייבן, אַז ער האַלט זיך אַליין דעם דופק? — האָט געפרעגט ביגביז.

— שרייבט ער טאַקע נישט! — האָט געענטפערט דער אַקערניק.

— וואָס-זשע זאָגסטו, אַז ער איז אַ דיכטער? — פרעגט ביגביז. — אַז ער שאַפט דאָך נישט קיין געדיכטן?

— פאַרוואָס זאָגט איר, אַז איר זענט רייך, אַז איר שאַפט דאָך נישט קיין רייכטום?

— אַלץ מיט שטעכ-הע, מיט שטעכ-הע... ווערטלעך. — מאַכט ביגביז און דאַדישעט אַ נאָס. — אָן אַ... דאָס-דאָ... אָן אַ... האפטשי... גייט עס ביי אייך נישט!

ביגביז האָט זיך אויסגענאָסן. אין דרויסן איז דערווייל געוואָרן אַ שטורעם. כמאַרעס זענען אין איילעניש זיך צונויפגעלאָפן אויף אַ „קאָקוס-מיטינג“, עס האָט גענומען בליצן און דונערן.

— דו קענסט עפעס אַסטראָנאָמיע? — האָט געפרעגט ביגביז און געקוקט אויפן הימל.

— ניין, — האָט געזאָגט דער אַקערניק, איך קאָן אַקערן!

— אַ שאָד! — האָט געזאָגט ביגביז. — ווען איר זאָלט קענען אַסטראָנאָמיע, וואָלט זיך פאַר אייך געעפנט אַ נייע וועלט...

— דאָס קאָן זיין, — האָט געזאָגט דער אַקערניק — אָבער איך האָב גענוג צו טון מיט דער אַלטער וועלט, אַרויסשלעפן

אַ זעכציק-פונטיקן שטיין און אים אַריבערוואַרפן איבערן אַקסל קאָנט איר?

— ניין. — האָט געזאָגט ביגביז.

— אַ שאָד, — האָט געזאָגט דער אַקערניק — ווען איר זאָלט קאָנען אַריבערוואַרפן אַ גרויסן שטיין איבערן אַקסל, וואָלט זיך פאַר אייך געעפנט אַ נייע וועלט.

— איך דאַרף נישט קיין בעסערע וועלט, ווי די אַלטע — האָט געזאָגט ביגביז — נו, און גאַלאָפּיע קענסטו?

— ניין. — האָט געזאָגט דער אַקערניק.

— אַ שאָד, — האָט געזאָגט ביגביז — ווען דו זאָלסט קענען גאַלאָפּיע — —.

דאָ האָט גענומען גיסן אַ שלאַקס-רעגן, און אַזוי ווי ביידע זענען געווען ווייט פון דער שטוב, האָבן זיי גענומען לויפן. דער אַקערניק אין די אַרבעט-קליידער און אין שטיוול. ביגביז אין די... ווייסע הויזן און אין די געלע שיכלעך.

— לויפן קאָנט איר? — האָט געפרעגט דער אַקערניק ביי ביגביזן.

— ניין, — האָט געענטפערט ביגביז — איך האָב אַ קורצן אָטעם.

— אַ שאָד, — האָט געזאָגט דער אַקערניק — ווען איר זאָלט קאָנען לויפן, וואָלט איר זיך נישט פאַרקילט, און נישט געקראָגן די פלוענציע, אָבער אַזוי... איז אויף אייך אַ רחמנות! גודבאַי! — שרייט ער אים נאָך. — איכל אייך קומען מבקר חולה זיין!

## דער אָרעמסטער מענטש

איך גיי אייך היינט באַשרייבן אַן אָרעם הויז — דאָס אָרעמסטע, וואָס איך האָב ביז איצט געזען. זאָל דער לעזער אָנגרייטן טרערן און זיפצן, ווייל ער וועט זיי באַלד דאַרפן האָבן!

*

ווען איך וואָלט געווען אַ מאָלער מיט דעם כח פון אַ... (שטעלט-צו אויף דעם אָרט פון די פינטעלעך וואָסער נאָמען איר ווילט) מיט דעם כח פון אַ... וואָלט איך גענומען אַ גרויס, גאָלד-זיידן שטיק געוואַנדט און וואָלט... גאָרנישט-ניש אויפגעמאָלן. נאָר איך וואָלט דאָס איינגעראַמט אין אַ רעמל, וואָס איז געליישט מיט ריינע גאָלדבלעטלעך און וואָלט אָנגעשריבן: „פּאָרטרעט פון דער פאַמיליע לעווין"... דערנאָך וואָלט איך דעם-אָ בילד אויסגעשטעלט אין דער רייגאַרד גאַלעריי. ראַסקין וואָלט געקומען אַ קוק טון, וואָלט פאַרצויגן אַן אויג און געזאָגט צו זיין פרוי אויף ריין רוסיש: „רעי, סלושאַי... פּאַניעמאַיעש... עטאָ ניע... ברישדאַניע... אילי ניעט... כאָטשעברידזאַניע... אילי ניעט ליעבאנספּיקטשא... ענגל יעווּאָ זנאַיעט. שטאָ אָן דומאַיעוועט... פּריסי, פּאַרסי, גזום, גאַזאַ!"...

*

דאָס אָרעמסטע הויז, וואָס איך האָב געזען, געפינט זיך נישט אויף מענרזשין סטריט, אָדער גאָערק סטריט. אויך נישט

אין סירישן, אָדער כינעזישן קוואַרטאַל. אויך נישט אין די אָרעמע גאַסן פון בראָנזוויל, אָדער האַרלעם — עס געפינט זיך אין דעם שיינעם, רייכן פּ ר ע ז י ד ע נ ט -סטריט פון ברוקלין. נישט ווייט פון דעם פּיל-פּענסטערדיקן „יידישן צענטער", וואָס פאַרשעמט מיט זיין רייכקייט אַ סך קאַטעדראַלן און קירכן.

די גאַס, ווו דאָס אָרעמסטע הויז געפינט זיך, איז אַ ברייטע, בולוואַר-פּייאיקע גאַס. די וווינונג אַליין איז אַ גרויסע, אַ ליכטיקע. זיבן צימערן. אַ חוץ אַ דינסטן-צימער, צוויי באָד-צימערן, מיט געזונקענע וואַנעס און איינגעמויערטע שפּריץ-בעדער. אויף די דילן ליגן שווערע, האַנט-געשטיקטע, סאַמעטענע טעפּיכער. אויף די ווענט שפּיגלען אין זילבערנע ראַמלעך. דאָס מעבל איז אין סטיל פון אַ געוויסן קעניגלעכן פּעריאָד. די זעסלען זענען ווייך באַצויגן מיט טייערן בראָקאַט. די טישן זענען פון שוואַרצן טיק-האָלץ. די שאַפעס זענען מיט געשליפענע שויבן און גרינגאָלדענע פאַנעלן. פון דאָרטן בלישטשעט אַרויס: אַנטיקענע גלאָז-געשיר, רויז-פאַרביקע קליינע גלאָז-קריגלעך, פרוכטבעכערס, וואַזעס מיט איינגעברענטער זילבער-שטיקעריי, עלפאַנט-ביין-פיגורלעך, האָלץ-גראָטעסקן, מאַלאַכיט-אָפּגעטלעך, בלומלעך פון כינעזישן איידלשטיין...

אַ הויכער לאָקיי אין אוניפאָרם האָט מיך אויפגענומען אין פאָדערהויז. צוגענומען מיין הוט און שטעקן, זיך פאַרנייגט, אויסגעשטעלט אַ זילבער-טעצל פאַר מיין וויזיט-קאַרטל.

ער האָט מיך באַקוקט פון אויבן ביז-אַראָפּ, צי איך בין אַפּנים, וויזיט-פּייאיק. זיך ווידער שיר צונויפגעלייגט אין צווייען, אַריין אינעווייניק, געמאָלדן מיין נאָמען, צוריקגעקומען מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן, וואָס זענען געווען, ווי דינער מעסער-שניט צווישן נאָז און קינבאַק, געזאָגט „פּליז" און — איך בין אַריין.

*

ס'האָט מיך באַגעגנט דער באַלעבאָס פון הויז, וואָס מיר רופן אים לעווין, דערפאַר, ווייל זיין אמתער נאָמען איז עפּעס אַנדערש. ער איז געווען אָנגעטון אין אַ זיידענעם שלאָף־ראָק, וואָס איז אים געווען צו לאַנג — די אַרבל זענען געווען פאָרנט אַרויפגעשאַרצט. ער האָט זיך געפּלאָנטערט אין זיין רוישנדיקער, זיידענער גרויסקייט, ווי אַ פליג אין אַ כוואַליע. די גרויסקייט איז געווען צו גרויס פאַר אים. זי איז געלעגן אויף אים לעפּיש.

באַגריסעניש:

— נאַדיר!

— לעווין!

איך האָב שיר געזאָגט „לעווינטשיקל", ווייל אַזוי פלעגט מען רופן אָט־דעם פאַרשטויבטן, נישט־יונגן, נישט־אַלטן, נישט־קלוגן, נישט־נאַרישן מענטש, וואָס איז שטענדיק געווען אַ גרויער, אָן־פאַרביקער, — קיינער האָט אים נישט געזען, קיינער האָט אים נישט באַמערקט. אַז מען פלעגט אים טרעפן אין גאַס, פלעגט מען אים קיינמאָל נישט פרעגן „וואָס מאַכט איר, מיסטער לעווין?", נאָר „וואָס מאַכט עפּעס דער... דראַמאַטישער קלוב?" אין דראַמאַטישן קלוב איז ער געווען אַ שמש, אַ באַדינער, אַ „חונע" — דאָרט פלעגט ער זיך אָנזעצן, ווי עס זעט זיך אָן אַ... בעזים, אָדער אַ שטריקל, וואָס שטעקט אַרויס פונם בינע־פאָרהאַנג.

לעווין איז איינער פון די, וואָס ווערן אָרעם געבוירן, לעבן אָרעם, און אַפילו דער פייערלעכער טויט, וואָס גיט אַלע אַנדערע מענטשן דעם גלאַנץ פון רייכקייט, פון ווערדע, לאָזט זיי איבער אָרעם און שפּל.

*

מיט וואָס פאַרנעמט זיך לעווין־לעווינטשיקל? ס'איז קיינעמס דאגה נישט צו פרעגן. מ'ווייסט: מ'קומט אַריין ביינאַכט

אין קלוב אריין, שטייט דער אָרעמער יונג אויף אַ קני, און בלאָזט-אָפּ דעם שטויב פון די ביכער אין שאַפע. אָדער ער שרויפט-אַרויף אַ ניי לעמפּל אויף דער ראַמפּע, אָדער ער שטייט מיט איין האַנט אויפן נאַקן, מיט אַן אָפן מויל און קוקט עפּעס אויף צוויי פליגן, וואָס פּאָרען זיך אויפן סופיט.

— לעווינטשיקל, גיב אַ לויף אַרונטער און כאַפּ אַרויף...

לעווינטשיקל לויפט אַרונטער. לעווינטשיקל כאַפּט אַרויף.

נישט נאָר קיין אייגענע ליכטיקייט האָט נישט לעווין, נאָר אַפילו קיין שאָטן קיין אייגענעם האָט ער אויך נישט. אַ לעבן אָן אַן אָפּקלאַנג, ווי אַ קליין זומפּ-וואַסערל, וואָס טריקנט אויס אינמיטן וועג, דערגייט אין ערגעץ נישט... ווערפט אויס אין דער זון, אָדער צעפירט זיך אין טומאַן.

נאָר איינמאָל, געדענק איך, האָב איך מיך פאַראינטערעסירט צו וויסן, ביי וואָס ער אַרבעט, וויאַזוי ער לעבט. דאָס איז געווען מיט יאָרן צוריק. איך בין אַריינגעקומען אין קלוב אַריין און האָב אים געטראָפן אויסגעצויגן אויף אַ באַנק. ער איז געווען קראַנק, אָבער ער האָט זיך נישט באַקלאָגט. ס'האָט אים נאָר פאַרדראָסן, וואָס טאָמער וועט עמעצער וועלן, מ'זאָל אַרונטערלויפן און עפּעס אַרויפבאַנגען, וועט נישט זיין ווער ס'זאָל עס טון.

איך האָב געפרעגט: „לעווין, איר זענט פאַרהייראַט?" „פאַרהייראַט". „קינדער"? „נישטאָ". „עפּעס אַ שיינע פרוי?" „זי איז מיינע אַ קוזינע. אַ קראַנק מיידל געווען און נישט קיין שיינע. און אַרבעטן קיין סך האָט זי אויך נישט געקאָנט האָב איך אויף איר רחמנות געהאַט און מיט איר געהייראַט". „און ביי וואָס אַרבעט איר"? „איך? ביי דאַלס. ביי ליאַלקעס. כ'שטעל אַריין די פרושינעס, וואָס מאַכן „מאַמע"... מיין פרוי האָט נאָך דער חתונה אויך געאַרבעט ביי דעם. נאָר שפּעטער, אַז זי גלעגט הערן, ווי די ליאַלקעס שרייען „מאַמע", פלעגט זי זיך צעוויינען. כ'האָב זיי געמוזט אַוועקנעמען."

אין קלוב איז קיינער נישט געווען. איך האָב אים אַ קלאַפּ

געטון אין דער ליטקע און געזאָגט: „ברודערל, ס׳עט זיין גוט, ס׳עט זיין גוט“...

„איך באַקלאָג מיך דען?“ האָט ער געזאָגט, „כ׳האָב נאָר ערגערניש דערפון, וואָס ס׳עט נישט זיין, ווער ס׳זאָל אַרונטערלויפן און אַרויפכאַפּן“...

מיר זיצן אויף אַזאַ מין טאָפּל־שטול, וואָס איז געמאַכט אין דער פאָרם פון אַ לאַטייַנישן בוכשטאַב „עס“. ער זיצט אויף איין זייט האַלב־צירקל, איך — אויף דער אַנדערער. ער שטופּט אַרויס דורכן מויל דעם רויך פון אַ גוטן ציגאַר, טרייבט אים אַוועק מיט דער האַנט, צעהוסט זיך און זאָגט:

— דו זעסט, נאַדיר, איצט בין איך רייך!

ער זאָגט דאָס מיט אַ טאָן, ווי איינער וואָלט געזאָגט: „דו זעסט — ס׳איז קיין חילוק נישט. אָרעמאַן בלייבט אָרעמאַן. די דריי־פערטל מיליאָן דאָלאַר העלפן נישט“.

ער האָט מיך געפרעגט:

„דו ווילסט אפשר עפּעס טרינקען?“ איך האָב געזאָגט „יאָ“, ער האָט אַ ריר געטון מיט אַ פינגער אַ טיש־גלעקל — איז אַרייַנגעקומען דער הויכער, אַפּלאַכנדיקער לאָקיי און געבראַכט אַ פלאַש מיט גלעזלעך. דאָס טרינק־געשיר איז געווען אין אַ זילבער־געפלעכט. דער ליקער — אויסלענדישע מאַרקע.

„הוזש“, האָט ער געזאָגט צום לאָקיי און בלויז באַוויגן די אויבערשטע פינגער־קנעכלעך פון איין האַנט. דאָס האָט, אַפּנים, געהייסן: „גיי אַרויס! טרעט אָפּ!“

„אַן אומגליק“, האָט ער געזאָגט, אַז דער לאָקיי האָט געהאַט פאַרמאַכט די טיר פון דער אַנדערער זייט, „אַן אָנשיקעניש אויף מיר מיט לאָקייען“. „דו הערסט“, האָט ער זיך אַריבערגעבויגן צו מיר, „דו הערסט: איך און מיין פרוי לעבן דאָך בלויז צוליב דעם, אַז מיר זאָלן געפעלן ווערן דעם לאָקיי. ער לערנט אונז מאַניערן, געענג, אַפילו עסן. איך גיי אויס נאָך אַ ציבעלקעלע, נאָך אַ גוט שטיקל הערינג, נאָך אַ געפילטע העלדזל, אָבער — איך קאָן עס נישט טון... סע פאַסט נישט פאַרן לאָקיי“.

ער האָט זיך נאָכגעפרעגט, וואָס אַלע באַקאַנטע טוען,

באַדויערט, וואָס ער קאָן זיי נישט פאַרבעטן צו זיך, ווייל סע פּאַסט נישט פאַר — פּרעזידענט סטריט און פאַר דער דינער-שאַפט...

לעווין האָט זיך דערמאָנט אָן די אַמאָליקע יאָרן, אַ זיפץ געטון, געקוקט פאַרשמאַכט אויף דער פלאַש מיט גרין-פּערל-דיקן ליקער און געזאָגט:

„אַמאָל האָב איך געקאָנט טרינקען און עסן, וואָס כ'האָב געוואָלט. היינט קאָן איך נישט. דער דאָקטאָר לאָזט נישט. דאָס הייסט: איך בין היינט נישט קראַנקער, ווי אַמאָל. נאָר אַמאָל האָב איך נישט געפרעגט דעם דאָקטאָר, האָב איך נישט געוווסט. האָב איך געלעבט מיט האָפנונג. היינט האָב איך פיר דאָקטוירים — אַלע נעמען מיר אַרויס די נשמה... איך בין דער אומגליקלעכסטער מענטש אויף דער וועלט. אין טעאַטער אַריין טאָר איך נישט גיין, ווייל איך בין נערוועז. גיין שפּאַצירן טאָר איך נישט, ווייל ס'האַרץ קלאַפּט מיר... עסן פלייש טאָר איך נישט, ווייל די נירן זענען ביי מיר נישט מיט אַלעמען. קיין צוקער-געבעקס טאָר איך נישט עסן, קיין קאַווע טאָר איך אויך נישט טרינקען, פון בראָנפן און וויין איז אָפּגערעדט"...

כ'האָב אים געפרעגט ווי זיין פרוי איז.

—מיין פרוי? מיין פרוי איז איצט אין אַטלאַנט סיטי מיט איר הינטל. איר הינטל איז נישט געזונט. מיר האָבן אַ סך צרות מיטן הינטל — ס'עסט נישט, סע שלאָפט נישט, ס'איז אים אומעטיק ביי אונז... נו, וועגן וואָס ביסטו געקומען? דו ווילסט דאָך מסתּם עפּעס? גלאַט אַזוי קומט איצט קיינער נישט צו אונז. סיידן מ'וויל עפּעס.

כ'האָב אים געזאָגט: מ'דאַרף אַרויסהעלפן אַ פריינט. מ'דאַרף האָבן 500 דאָלאַר.

ער האָט זיך אויפגעהויבן און גענומען זיך פּלאָנטערן אין זיידענעם כאַלאַט:

„פינף הונדערט דאָלאַר, פינף הונדערט דאָלאַר!" האָט ער געקרעכצט, ווי דער געדאַנק אַליין וואָלט אים וויי געטון. „וואָס

רעדסטו?״, האָט ער זיך דערשראָקן, „ווי קאָן איך געבן? איך בין אן אָרעמער מענטש — אן אָרעמער מענטש״, האָט ער איבער־געזאָגט צוויי מאָל, „א צענערל אפשר״...

*

ס׳האָט געגלאַנצט דאָס זילבער און גאָלד אין דער שאַפּע, ס׳האָט געגלאַנצט — מיט אַ טויטן־גלאַנץ. אַזוי גלאַנצן קעגן דער זון די שופּן פון אַ טויטן פיש...

לעווין האָט זיך געקנייטשט, ווי פון בויכווייטיק, נישט געוווּסט, וואָס צו טון מיט זיך, צוגעגאַנגען צו דער פּיאַנאָ, ווו עס איז „געזעסן״ אַ ריזיקע ליאַלקע, אָנגעטון אין טייערע קליידער, ער האָט זי צעטראָגענערהייט אָנגערירט ביים בויך. די ליאַל־קע האָט זיך אַ קנייטש געטון און געגעבן אַ קוויטש: „מאַ־מע״...

*

איך בין אַרויס פון דער שטוב אָן געלט. אַ גרויס רחמנות האָט אַרומגענומען מיין האַרץ: ווען איך האָב אַ פּאַר טויזנטער, שענק איך זיי אים אַ נדבה...

אַזאַ אָרעמער, אָרעמער מענטש!

אַזאַ אָרעמע, אָרעמע שטוב!

# אין קיינעמס נאָמען נישט

(צו די יידישע שרייבער)

דער ענטפער פון די יידישע שרייבער אין אַמעריקע צום אויפרוף פון די יידישע שרייבער אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד, וועגן העלפן דער יידישער ערדיזאַציע אין רוסלאַנד, איז געווען — נו, איר ווייסט, וואָס דער ענטפער איז געווען: ש־ש, לאָז זיין שטיל, מיר שלאָפן רויק, מיר שנאָרכלען פיין. מיר האָבן פעדערס — פעדערן, מיר! מיר האָבן טינט — טינטלען מיר! ס'איבעריקע איז אונזער זאַך נישט. טיידן מאַטעריאַל פאַר אַן אַרשין לידלעך, אָדער פאַר אַ פערטל אָקע — „עסקיז אָן ביינער"...

דאַנקען און לויבן, יאָשע דעם טויבן.

„מיר" זענען זאַט און פעט און פול און פויל. אונזערע שרייבקאָמאָדלעך אין די רעדאַקציעס מעלקן זיך מיט פרנסה, אונזערע טרערלעך (קיין סך האָבן מיר נישט!) האַלטן מיר זיי אויף הושענה־רבא, ווען דער הימל וועט זיך שפּאַלטן, אונזערע זיפצלעך (קיין סך האָבן מיר נישט!) באַגיסן מיר מיט קידוש־בראָנפן, צינדן זיי אונטער, ווישן זיך אויס דערמיט די אויגן, פולן זיך אָן די וועסטל־קעשענעס.

*

דאָס ערד־קוגעלע? אויף אונזער זייט איז עס זייער געראָטן, נישט צוגעברענט פון צופיל פייער, — קיין פעטס

פעלט נישט, און די לאָקשן קריכן פון פּאַסאָן נישט אַרויס — האַלטן זיך, לויט באַרשריפטן פון דער ערד-קוגל-מאָדע — נאָר זאַלץ פעלט. און אַביסל אינגבער, און אַ לעק ביטערע קרייטעכער — דעם טעם פון דעם פעטקייט אָפּצושלאָגן.

שיינט אויף אונז דאָס ביסל געבאָרגטע זון, באַלעקן זיך אונזערע ליפּן, ווערט אונזער האַרץ ווי אַ רויטער געשוויר, אונזער געוויסנדל שלאָפט, שנאָרכלט, טרוימט פון פענשפּיצן — געלבלעכע, שאַרפע... נייע? נאָך-נישט-איינגעאַרבעטע?

גיט מען אויף זיי אַ שפּיי — גייען זיי! שפּייעכץ, ווי אַלע ווייסן, איז אַן אויסגעצייכנט מיטל, אַז די טינט זאָל זיך קלעפּן צו דער פעדער.

*

איך רעד אין קיינעמס נאָמען נישט. — קיינער האָט מיך נישט אויסדערוויילט, מיר קיין מאַנדאַט נישט אונטערגעטראָגן. קיין אויסצייכענישן האָב איך אויך נישט. דאָס איינציקע שטיקל עפּאָלעט, וואָס איך טראָג, איז אַן איינגעהויקערט אַקסל — פון האַלטן מיין יידישלעכן קאָפּ אויף דער זייט, קעגן דעם אַרויפגעהאָרבעטן אויג, וואָס קוקט און טראַכט, און זעט און פאַרגעסט. מיין איינציקע טראָפּעי איז — אַ בעכער מיט רויכנדיקע טעג, וואָס גייען-אויס, ווי ווייררויך (אָדער אַביסל אַ ביליקערער פאַרגלייך!)

איך רעד אויך נישט וועגן און מיין אויך נישט יענע ווילדע שרייבטבויערס אונזערע, וואָס האַלטן זייערע נשמות אין אַ פינגערהוט, אָדער די פּאָליטיש-פאַרכמורעטע, וואָס רייסן פונאַנד יעדער פיצל האָפנונג מיט... דינאַמיט, און גייען דערנאָך אַרום מיט טויבע פאַטשיילקעלעך אויף די אויערן. איך בין אויך נישט אויסן די קדשי-קדשימניקעס, די הייליקע לייט, וואָס סע פּאַסט זיי נישט צו פאַרנעמען זיך מיט אַזוינע קלייניקייטן ווי... ער־ אונטער אונזערע פיס — יענע פרומפאַרגלאָצטע זעען צופיל פאַרגלאָצט אין זייער קונסט, צו זען, אַז די ערד ברענט אונטער

אונזערע פיס, אָט-דאָ-אָ, אינם אַל-קריסטלעכן ווילן אַמעריקע-ווי מיר הענגען מיט די ציין אויף „מאַרטגיידזש-שטריקלעך", און ווי מיר האָבן באַפּעסטיקט אונזער יידיש לעבן — ווייסט איר וויאַזוי? ווי אַ שפּין באַפעסטיקט זיך אויף אַ קרוק פון אַ שטעקן, וואָס אַ שלאָפנדיקער האַלט אין דער האַנט... באַפעסטיקט, האַ? שולעס, טעמפּלען, מיקוועס, י.מ.ח.אַן... קונסט, ליטעראַטור, פּאָליטיק — אַליס וואויל, אַליס גוט. דער קאַטוילי-שער בערן-גלח עסט פון איין דרשה-שיסעלע מיטן לעמעלע דאַבינער, — ביידע כלעפּען אַזוי פּאַטעטיש פונם מילך-טעצל, פול מיט ברכה און הצלחה!... אָבער לאָז נאָר חלילה די האַנט מיטן שטעקן אַ ריר טון, וועט איר זען, ווי דאָס בערעלע וועט אַרויף מיט די לאַפּקעלעך אויף דעם וואָס סע דאַרף, און ווי דאָס שיסעלע מיט מילך וועט פול-ווערן מיט פּאַרויטלעכטע לעמל-ציינדלעך, און ווי אונזער גאולה-גוליע וועט צוריק אַרויס-שלאָגן אויף אונזער נאַקן, ווי אין די אַלטע יאָרן, און ווי אונזערע צער-און-צאָרן דיכטער וועלן האָבן פרישן, הייסן, צאַפּלדיקן שטאָף פאַר זייערע צער-און-צאָרן שניט-קראָם!

טויב און לום, שטום און קרום, הינקען מיר, און היני-קעדיקע היקן מיר אויס דעם קאָ-קאָ-כל-נדרי (אָדער האַ-האַ-המלך!) אויף אונזערע פּראַקטיקע אָרגלען, מיט שיקסע-באַגלייט, און מיט בערדל-שפּיצן און מיט ווייסער, זיידענער וואַטע אין די אויערן — פאַרשטאָפּט פאַר דעם שטעקן-קלאַפּ פון דער געשיכטע, פאַר דעם פושקע-קלאַנג פון אונזער — אויף-אַ-ווייל אויפגעהערטער לויה!

*

איך פרעג א י י ך: האָבן מיר נאָך אַמאָל אין דער גאַנצער היסטאָריע פון אונזער גלות געפילט אַזאַ פרייִנטלעכע האַנט אויף דער פּלייצע, אַזאַ ערד-קוש אונטער די פיס, ווי איצט אין סאָוועט-רוסלאַנד? אַדרבא: וועגט אַליין אויף דער וואָגשאָל דאָס אַלטע ארץ-כהנים, מיטן נייעם ארץ-ישראלים!

עס איז דאָך אַ חלום אויפֿן וואָר. עס איז דאָך אַ פֿאַרבלײַפֿנדיק ווונדער: מיר, וואָס זענען נעכטן ווי שפּלע קנעכט געווען, געשטאַנען אויף די קניִעס און געבעטלט אַ ברעקל רעכט אויף דער רוסלענדישער ערד, געשנאָרט אַ טראָפּן לופֿט אין „הייליקן מאָסקווע״ — מיר שטייען היינט מיט־די־גלייכסטע גלײַך, און אונטער אונזערע טריט וואַקסט אונזער טעגלעך ברויט, אונזער מאָרגעדיק ברויט.

זאָלן מיר האָבן אַזוי גיך פֿאַרגעסן — דאָס שלעכטע? זאָלן מיר האָבן אומענדלעך פֿאַרזען דאָס גוטע? זאָל דער ווונדער זיך שעמען מיט אונז, וואָס עס איז געשען? זאָל די ערד, וועלכע מיר האָבן אַמאָל גענוצט בלויז אויף אויסצוגיכן אונזער ביסל רויטס — פֿאַרשעמט בלײַבן מיט די גרויסע, בליענדיקע מירטל־צווייגן, וואָס איז פֿון אונזער בלוט אויסגעוואַקסן?

„גאַסן״ האָט מען אונז געטריבן, די הויט האָט מען פֿון אונז געליפּעט — האָבן מיר געקלאַפּט קאָפּ־אין־דרערד. האָבן מיר ס׳הוילע האַרץ צו דער ערד צוגעלייגט און צרײַנגעשריגן: „דו ערד, וואָס דו ביסט!״ „דו וועלט, וואָס דו ביסט״. האָט די ערד אונזער געשריי פֿאַרנומען, האָט זיך דער נס פֿון זײַן פֿאָדעם אָפּגעריסן און איז אויף יענעם ווינקל וועלט געפֿאַלן, ווו אונזער לעבן האָט זיך געעקט — און מיר וואָס האָבן געטון? האָבן מיר דען האַלב אַזוי אויסגעטאַנצט אונזער נקמה־נס, ווי מיר האָבן אויסגעהאָצקעט דאָס כיטרע, געמיינע באַלפֿור־פּאַפּירל?

ניין. מ׳האָט אונז געראַטעוועט פֿון דערטרונקען ווערן. אָבער אונזער דאַנק גייט צו וועמען? צו יענעם, וואָס האָט אונז געראַטעוועט פֿון וואַסער? ניין, אונזער דאַנק גייט צו יענעם, וואָס האָט אונז דערלאַנגט אַ האַנטיכל אויף אָפּצוטריקענען די הענט.

זענען מיר, זאָל איך זאָגן, טאַקע אַזאַ בלינד־און־שטום־און־קרום־און־לום פֿאָלק, וואָס מיר פֿרייען זיך איבער אַ פֿונקפֿייער מער, ווי מיט דעם, וואָס דער באַרג, וואָס האָט נעכטן

געשפיגן פייער אויף אונזערע שטיבלעך, האָט זיך איינגעשטילט און זיך צעבליט מיט מאַנדל־מילך און מיט באָקסער־בלומען?

שאַ. רעד נישט, מיין זון, דער שכן קאָן נאָך דערהערן — און זאָגן, אַז מיר זענען פון די רויטע יידעלעך, פון די געפערלעכע, פון די, וואָס גיבן דער וועלט צו שמעקן פעפער.

שאַ, וואַרף נישט קיין קערנדלעך אינדרויסן אַרויס, מיין זון, דער דרויסן איז נישט אונזערער. אונזערס איז בלויז די ערד, וואָס איז מיט וועגט אַרומגענומען, די ערד, וואָס מ׳האָט זי אַריינגעכאַפּט אין שטוב אַריין, זי זאָל נישט ווערן אָפּגערעגנט.

מורא־מוראניקעס!

מיט די שאָטן־ביקסלעך לויפן מיר איבער די וועלדער, כאַפּן דעם פּחד־שאָטן אונזערן! און משיח אַליין? ער ליגט ביי אונז שטענדיק אויף די ליפּן, אין האַלז, אויף דער אויבערשטער געדאַנקען פּאָליצע, נאָר אַזוי גיך ווי ער באַווייזט זיין ליכטיקייט, הויבן מיר אָן אַנדרימלט־ווערן... אָדער מיר הויבן אויף אַ גוואַלט, אַז אונזער משיחס באָרד איז נישט גענוג שוואַרץ, און זיין פּנים נישט אַזוי בלאַס, ווי מיר האָבן זיך פאָרגעשטעלט, און בכלל וואָס איז ער פאַר אַ משיח, צום גוטן יאָר, אַז ער... קומט טאַקע?

דאָ ווערן מיר אַלע גרויסע מבינים אויף משיח־סטיק, גרויסע מפונקעס: דאָס געפעלט אונז נישט, יענץ געפעלט נישט!

— אָבער איך בין דאָך אייער משיח, — טאַקע פון סידורל אַרויס! אָט זעט, יידן, די נעכטיקע ווונדן אויף מיינע פיס, זעט אייערע געבעטן — אָט־אויף־מיר לויכטן זיי, אין מיינע אויגן ברענען זיי, איך בין געקומען.

— „רויט יידעלע“! שרייען די גאַסן־שרייערס, און די פרומע־לייט, וואָס פּעדלען מיט גלות־טרערלעך (ווי אַ אונגאַר מיט ווייַנטרויבן!) פאַרהויבן די שוואַרצע בערד צו די אויגן, צו די אויערן, ווי פאַרטוכלעך, און זאָגן: „דאַנקען גאָט, ס׳איז שטיל, מ׳זעט קיינעם נישט.“ —

די גאולה. במהרה-במהרה-בימינו בקרוב, אל בנה, אל בנה... ביתך בקרוב? אָט דאָס מיינט איר! דאָס טעמפּלכען? מיטן מזבחל? מיט רינדער-רויטס און מיט שאָפּן-פּעטס אויף די פייערן? און דעם דרויב פאַרן כהן-גדול? און די שיינע נדבה פאַר די לוימלעך?...

כ'האָב מורא: נישט די „גאולה" זענט איר אויסן, קינדער, נאָר דאָס ביסל גרינגע צרבעט ביי דער „גאולה-בויערייי", נישט ארץ-הישראלים ווילט איר בויען, נאָר ארץ-כהנים!

אין מיין אייגענעם שטיקל נאָמען דערוויל. (דערפאַר, וואָס ס'רוב פון אונזערע חשובע פעדער-פירער האָבן קיין געדולד נישט פאַר אַזוינע קלייניקייטן!) און אין נאָמען, האָף איך, פון נאָך עטלעכע אַנדערע פראָסטע און מענטשלעכע, וואָס לאָזן זיך נישט פאַרפירן פון זייער שנאה צו משיח'ן, דערפאַר וואָס ער האָט ביי זיי אַרויסגעריסן אַ דימענט-שפילקע פון קראַוואַט אָדער אין זיין גאַנג איבערגעקערט דאָס וועגעלע לאָקשנקוגלס, וואָס מ'האָט געפירט אויף שבת... אין נאָמען פון אַלע, וואָס שאַצן דאָס פייער נישט לויטן רויך, און נישט לויט די יסורים פון די ווידער-שפעניקע קינדער, וואָס האָבן זיך די פינגער פאַרברענט, נאָר לויט זיין ליכטיקייט, און לויט דעם טאָפּ מיט גרויפּן, וואָס ער קאָכט אָפּ, מיט אַלע מיינע איך-אַליינס אינאיינעם, און מיט אַלע דינסטיק-מיטוואָכדיקע יידן באַזונדער, לאָז איך מיך אַוועק אַ „האָרע-טאַנץ" אויף דעם „מזל ברכה פון אונזער סאָכע" — ווּעמענס אַקערשער שפּיגלט-אָפּ אין דער זון אַ שיינעם דאַנק — דער זון און דער וועלט און דער צייט, און דער רויטער מדינה, וואָס גיט דער פאַר-שלאָפענער וועלט צו שמעקן — פעפער!

# אין חיות־גאָרטן

איך קום אָט־ערשט פון צענטראַל פּאַרק.

די לאָנעס זענען ווייס, און די קינדער שפּילן זיך, שליט־לען־זיך.

דינסט־פרויען פירן וועגעלעך מיט גוט־געכאָוועטע, געזונטע, שיינע קינדער.

די פיפּט־עוועניו ווייזט איר ביסל פּראַכט־שפּיל, איר רייך־גלאַנץ. שטיין שווייגט — פילשטאָקיק. גרינבראָנז זאָגט „איך בין שטענדיק". די פענסטער זענען ריין־פּאַרפרומט, פון דער ווינטער־זון פאַרפאַרביקט. פעלדער זענען זאַט מיט שניי אין די ווייטע לאַנגען, אין די לאַנגע ווייטן. עס פּעכלט דער זון־גלאַנץ, פאַרבלענדט די אויגן. עס זעט זיך — אַ בלינד־רירעוודיקע ליכטיקייט צווישן אויגנדעקלעך. טויזנט־פאַרביקער איבער־ציטער פון לאַנגע געוועבן; ציטערנישן אויף אַן אומענדלעכע ענדלעכ־קייט. עלטערע שטיקער ערד שטייען אויפגעהאָרבעט, — טראָגן צופרידענע הויקערס אויף זיך, זענען גליקלעך, וואָס דער האָרב איז אַזוי הויך, אַזוי אָנגעזען, אַ — וועלט־פאַרבלענדעניש.

*

דער טאָג איז אַן אויפגעוועקטער, אַ טוענדיקער. שטראַל־אויף, שטראַל־אָפּ גליטשן זיך די מינוטלעך. רויכן גייען רויק

און גלײַך אױן זיכער אין הימל אַרײַן, אַזױ זיכער און רויִק, ווי אײנער שטופּט אַ פֿינגער צו אַ בלינד אויג. לעבסטו, גאָט? אויב יאָ, זע! מיר, די רויטן פֿון די שטאָט-האָטעלן, גײען אויף צו דיר, אין דופּט-וואַרעמקייט דיר אָנזאָגן, אַז דײַן לעבן-פֿאַבריק אַרבעט. די שלאָף-אַלקערן זענען פֿאַרנומען, מענטשן ליבן און טוען פֿאַר דיר, אָ גאָט פֿון אַלע מענטשן-קינדער.

דער טאָג איז מיט זיך, נאָענט לעבן זיך. אָבער ער מינעט זיך שוין מיט נאַכט-מינעס. אַ נעפּל-טאַשמע לייגט זיך דאָרט אויפֿן זוים — מאַכט אַן אײגענעם זוים, ווו זי וויל. די בלענדעניש פֿאַרגײט. די ניכטערנע הערלעכקייט איז כמעט מער, ווי דער חלום.

סע ווערט צעשראָקן-ווינטיק. כמאַרעס גיבן זיך (דאַכט זיך) אַ נעם-צונויף, צעגײַען זיך, הויבן זיך אָן זוכן. דער שניי שיקט סיגנאַלן — אויף שפּאַרבער-פּיסקלעך, אויף פֿונקענדיקע פֿינטעלעך, וואָס גליען, ווי דאָס הוילע פֿײַער פֿון פֿײַער-פֿליגן — אָן די פֿליגן.

איך שטײ אויפֿן באַרג, אין „ליבע-בײדל” פֿון געפּלאָכטענעם האָלץ. דאָ איז אויפֿן שנײ אויסגעפּרעסט עפּעס אַ היראָגליף-צײכן פֿון קאַלאָשן — קלײנע טריט און גרויסע. דער צײכן פֿון די לעצט-געוועזענע פֿאַרליבטע, פֿון די לעצטע שפּילער אינם שפּיל פֿון 20 פֿוס-פֿינגער, וואָס ווערט געשפּילט — מיט צען אַרויף און מיט צען אַראָפּ.

דער ווײַניקער טרויער האָט דאָ אַרײַנגעטאָטעמט זײַן פֿיאָלעטענעם שאָטן. אונטן — דער קינדער-קראַנץ, די גלי-געלעכטערס, דאָס שליטל אַרונטערגליטשן פֿון באַרג, וואָס פֿײַפֿט, ווי אַ פֿאַרליר-געזאַנג. ווי עפּעס אַ ניואַנס צווישן יאָ און ניין, ווי זינג-זאַנג פֿון ווינט און שיף-קוימען, ווען די מאַסטן טרינקען זיך.

*

איך גײ אַראָפּ פֿונם באַרג, נאָכדעם ווי איך האָב אויסגעקריצט מיט אַ שטומפּיק מעסערל די ערשטע אותיות פֿון מײַן

נאָמען — צווישן אַזויפיל אַנדערע איינגעקריצטע נעמען, ווּ ס זענען שוין איצט פון די רעגנס צעביסן, פון די ווינטן אויס-געשפּיגן.

ס'איז נאַכט-צו. קאַלט. פון דער פינפטער עוועניו זעען זיך אויטאָמאָביל-בוידן, מיט מענטשן פון אויבן, וויגנדיקע אין דעם בלינדן הוידלדיקן צהין-און-צהער. העננט ביי די הינלען, ווייס-געזיכטער, שניי-בלאַסקייט — איבער רינענדיקע בלוי-און געל. אויסגעשטאָפּטע פעלד-מענטשלעך, אויף איבערצושרעקן די אונטערגייענדיקע זון, אויף צו פאַרטרייבן די שאָטן-פויגל.

אַ קופּאָל. אַ מאָן-שטאַנג, אַ פּאָן. וואָס איז היינט ? אָ, יאָ. איך דערמאָן מיך שוין. געלעבט אַמאָל אַ מענטש וואַשינג-טאָן. אַ צעפּל. אַ שפּאַגע. קניקער-הויזן. קאַרשן-ביימל. האַק.

געוועזן, געוועזן, זיכער געוועזן. אָבער איצט איז קאַלט. איך קוק אויף מיינע ברוינע לעדער-הענטשקעס. זיי זענען פאַרעלטערט, האָבן שוואַרצע קנייטשן אויף דער הויט. — די עלטער איז אויף די פינגער. — די לעדער-נעז זענען קאַלט. די פינגער טאַפּן אינעווייניק, ווילן זיך אין דער אַמאָל וואַרעם-געוועזענער הויט דערוואַרעמען. ווּ ביסטו, אַ געוועזן לעבעדיק קעלבל, מיט דיינע פאַרבענקטע אויגן קעגן דער לבנה; דיין צעשראָקענעם „מע" קעגן דעם זון-אויפגלי ?

ס'איז האַלב זעקס. די ליולקע איז אין מיין מויל — ווי אַ פריינדינס ליפּ. דער שטעקן, דער האַנט-אָנשפּאַר אויף דער עלטער, — איז קאַלט, נישט צו פאַרלאָזן זיך אויף פרעמדע העלפּערס ! איך בינד דאָס ווייסע זייד-טיכל אַרום מיין האַלז, דעם רויען ווינט ווערט דער וועג פאַרשטעלט מיט אַ זיידענעם פּלויט. דאָס טיכל איז אַן אַלטס. איז געלב-ווייס, ווען ס'איז פריש-געוואַשן, האָט אַן אויפשריפט אויף איינעם פון די ברעגן: „פלאָריסאַ". איטאַליען איז אַרום מיין האַלז. נעאַפּל-טעג, גאָנ-דאָלאַ-נעז, מיט דעקאָראַטיווער חוצפּה. בלוטיקלעכע וואַסערן, קליינע גאַ־יקלעך אויף די מאַסיווע, ברייטע שטיין-ווענט, ווי קנעפּלעך אויף רויע פלאַכן פון נישט אויפגעניייטן געוואַנט... דער ספּאַגעטי-מאַן מיטן לאַנגן הילצערנעם גאָפּל. דו דרייסט

אַרויף וויפֿל דו קאָנסט — פֿאַר אַ גראָשן. ספּאַגעטי וויקל־מייסטער שטייען און ווייזן זייער קונסט. אַלע אַרום באַוווּנדערן, גיבן לויב. וואָס מערער דער גאָפּל איז אָנגעוויקלט מיט ספּאַגעטי, אַלץ מער איז דאָס געווינס, די פֿרייד. דער קאַשטן־בראָטער בלאָזט אויף די האָלץ־קוילן, און אַ פֿלאַכע פֿרוי מיט אַ בינטל האָלץ אויפֿן קאָפּ שטייט און זידלט אים.

ס'איז ערב־נאַכט. ס'איז נעפּל. ס'איז צענטראַל־פּאַרק, ס'איז — „אַמאָל, אַמאָל איז געווען".

*

דער ייד מיטן סחורה־שטעלכן אין ווינקל־גאַס, ביים אַרייַנגאַנג צום מענאַזשערי, רעדט מיט עמעצן:

— פּינאַטס... אַמאָל פֿלעגן זיי קויפֿן פּינאַטס... פֿאַר די מאַנקעס... היינט האָבן זיי זיך מיישב געווען, — מ'קויפֿט נישט. פּע... (מאַכט ער און לעקט אָפּ דאָס זייטיקע שטיקל ציגאַר־פּאַפּיר פֿון זיין פֿריש־פֿאַרוויקלט ציגאַרל) ס'איז עפּעס נישט קיין לאַנד דאָס אַמעריקע. לאָז'עס גיין אין דר'ערד אַריין מיט די מאָנקעס, מיט אַלעמען.

אַ פֿייף — אַ בלייענער. אַ פּאָליציסטס באַהענטשקעטע האַנט הויבט זיך אויף, שניידט אָפּ דעם גאַנג פֿון אַלע וועגן, פֿון אַלע מענטשן. „שטיי!" דאָס געזעץ האָט אַ ווייסע, ריינע האַנט. זאָל דאָס זיין אַ סאַטירע? אַן עפֿעקט פֿון דער סאָציאַלער קאָמעדיע, וואָס פֿאַרוועבט אונזער לעבן, ווי אַ שפּין?

אַן אַלט באַבעלע גייט פֿאַרביי. מיט ברילן אויף אַ האַרבער קורצזיכטיקייט. זי טראָגט אַ רויטן זאָק — האַלב אין דער אַרבעט. זוכט עפּעס אַן אַראָפּגעלאָזט „אויג" אויפֿן שפּיזל, רעדט צו זיך אַליין, נעמט אַרום דאָס ווייס־וואָלענע לייבל אַרום זיך, ווי אַן אַלטע מויז מיט ווייסע פֿליגל. די נאַכט דערנענטערט זיך, איילט זיך צו פֿאַרכאַפּן די אַלטע באַבע אינמיטן וועג, לאָזט נישט צו, אַז זי זאָל דאָס פֿאַרלוירענע „אויג" געפֿינען...

איך שטעל אויס דעם אָפּגעדעקטן קאָפּ צום ווינט. ער גיט מיך אַ פּאַרקעם — אַזוי צו־לֿהכעיסדיק קרום, אַז איך בין מיך מחיה. איך פֿאַרנויג מיך און זאָג: „ווינט, אַ דאַנק דיר, פֿאַרשויבערן מיין קאָפּ!" און איך גיי אַריין אין חיה־הויז פֿונם פּאַרק. לייבן. לעמפּאַרטן. אַ טיגער. אַ טיגערטע. זיי דערזעען מיך און — צעברומען זיך, הויבן אויף אַ גוואַלט, ווי אין ווילדן וואַלד. איך טו אָן ס'היטל — ווערט שטיל. אַפּנים זיי האָבן געוואָלט, איך זאָל אָנטון ס'היטל.

אַ בלאָנדלעך־גרויער לייב. ליגט און שלאָפט מיט איין אויג. דאָס אַנדערע קוקט. דער „קנאָפּ" פֿון זיין עק שלאָגט דעם דיל. זיין גאַנצער קערפּער אָטעמט און וואַרפט זיך. דער בענגאַלישער טיגער גייט אום אומרויק — נישטאָ אויף צו באַצאָלן קיין דירה־געלט... די טאָכטער ווערט עלטער פֿון טאָג צו טאָג, די גאַטקעס זענען צעריבן... עך־כע־כע!

אַ היענע שלאָפט מיטן קאָפּ אויף די פֿעדערשטע צונויפגעלייגטע, אַרויסגערוקטע פֿיס. זי חלומט פֿון — נאָר מ'קאָן דען וויסן פֿון וואָס אַ היענע חלומט?

לייבן, בערן, בופלאַקסן, טיגערס, היענעס — און מער ווי ריטשען קאָנען זיי ניט — אין דר'ערד אַריין! לעקן אָפּ ס'פלייש פֿון די שטיקער רינד־פֿי, וואָס מ'וואַרפט זיי צו, קינדלען, גייען אַרויף און אַראָפּ — אָבער מיינען זיי טאַקע ערנסט זיך צו באַפֿרייען? איך זע, זיי קוקן אויף דעם פֿאַרפרישטשעטן, חולעוואַטן וועכטער און בעטן עסן. זיי לעקן די קראַטעס, ריטשען און — ווערן שטיל און קלאַפּן ווידער מיט די עקן, און שפּילן ווידער מיטן ווינט און די אייגענע ריפּן, אין די בייכער.

אידיאָטן־חיות! וויסן נישט, אַז די, וואָס שפּייזן זיי, קאָנען אַליין זיין שפּייז... היטן ס'שטיקל ביין. ווי דער פֿאַרכעוואַטער אָדלער דאָרט אין שטייג, שלאָפֿן זיי מיט זייער אומגליק אין איין בעט — געבוירן קינדער, מערן זיך, פֿאַרפולן דאָס פּנים פֿון דער ערד — מיט לייבן־געשריי און מיט שאָף־שפלקייט...

אבי אויף דער שטייג אָל זיין דער יחוס-אויפשריפט אויף א טעוועלע:

„אקבאר. געבוירן פון לעאָ און העלען. אין יאָר 1910."

נאָבעלע קנעכט — אין שטייגן. לעמפּאַרטן, וואָס לאָזן זיך פונם וועכטער א ביסן צוווארפן... — איך מאט!

איך לויף צו די מאלפּעס. דאָ איז א לעבן — ווי ביי מענטשן, נאָר אָפענער, ערלעכער. א פארליבט פאָר-פאָלק לויזן זיך. טוען אנדערע זאכן. אָט-דאָרט הוידלט זיך א קליינער אף מיטן וואקסענעם ירא-שמים פּנימל. זיין פּנים איז באוואקסן מיט ווייסלעכע האָר. נאָר אויפן קאָפּ איז א שווארץ האָר-דעקל — ווי א יארמולקעלע. ער שפּרינגט ארויף און אראָפּ, קוקט אויף זיין באשאף-פּונקט, קראצט זיך, טראָגט זיך אנטקעגן — אין דער אנדערער שטייג. בארימט זיך אפּנים.

די באָבע-מאלפּע, ווי אין א גרוי-פוטערן יאקל פון לאנג-האָריקע פעל, זיצט און קוקט מיך אָן. אונטער איר הינטן איז עפּעס רויטס — ווי א קישעלע. זי הויבט זיך אויף. איך זע: ס׳קישעלע איז פון צוויי רונדע, ווייכע איינגעפלאכטע העלפטן הינטערן עק — מיטן עק איבערגעטיילט. ווי אומענדלעך קלוג די נאטור איז — ווען סע קומט צו חיות. די מענטשן — זענען זיי דען קלוג באשאפן? האָט דען די פרוי-פארשוין א נאטירלעך מאטראצל אויף די פלייצעס? האָט דען דער מאנסביל א געבוי-רענעם שניט אין דעם גראָבן הינטער-פלייש, אויף צו באהאלטן א פלעשל בראָנפן?

ס׳איז שוין באלד טונקל.

אין מאלפּע-הויז ברילט די גאָרילא. הויבן אלע אָן ברימען. לויזט זיך איין פּאָרל, לויזט זיך ס׳אנדערע פּאָרל. שפּרינגט איין אף אויף דער הוידעלקע, שפּרינגען די אנדערע. רייסט איין מאלפּע די גראטעס — רייסן אלע...

לעבן מיר שטייט א פרויעלע מיט א מאנסבילכן. פון דער הינטער-שטאָט געקומען א קוק טון אויף די אפּן. צוויי יינגעלעך מיטגעבראכט - קליינע, רירעוודיקע, טומלדיקע, מאלפּעדיקע.

דאָס קלענערע יינגל שטייט לעבן די גראטעס. רייצט זיך

מיט דער באָבע-אף. דאָס אַנדערע ייִנגל גייט צו און טוט דאָס־זעלבע. טאַטע-מאַמע קומען אונטער — טוען דאָס אייגענע. די אַף ווערט בייז, שפּרינגט אַרויף אויף הוידעלקע, און וואַרפט ניס־שאָלעכץ. דער טאַטע וואַרפט צוריק. די מאַמע טוט דאָס נעמלעכע. די קינדער אויך. די אַפּן ווערן בייז, הויבן אָן סוויסטשען מיט די נעז. די מאַמע צעלאַכט זיך און גיט אַ שפּיי אויף דער באָבע-אַף. דער טאַטע טוט דאָס זעלבע. די קינדער שפּייען אויך.

סע ווערט אַ טומל. דער מאַלפּ-וועכטער קומט-אונטער. ער שרייט: „לאָזט צורו די מאַנקיס!" דער טאַטע ענטפערט: „די מאַנקיס?" און ער קוקט אים אָן, ווי ס'וואָלט גאָרנישט-נישט פּאַסירט. די מאַמע טוט דאָסזעלבע. די קינדער אויך.

ס'איז שפּעט. מען שליסט שוין דאָס מאַלפּע-הויז. אַ פּופּצן מענטשן גייען אַרויס.

— מאָדנע אַפּן! — זאָגט איינער. — זיי זענען ענלעך צו מענטשן.

— ענלעך צו מענטשן! זאָגן נאָך כּמעט אַלע פּופּצן אירע. און דרייען זיך אויס צו געבן דעם לעצטן קוק אויף די מאַלפּעס.

דער וועכטער איז אין כּעס. מען פֿאַרהאַלט אים. „גייט שנעלער!" בייזערט ער זיך, „זייט נישט קיין מאַנקיס!"

„מאַנקיס! מאַנקיס!" לאַכן אַלע... און טראָגן אַוועק ס'וואָרט „מאַנקי" אויף די ליפּן, און דער שנייאיקער נאַכט אריין.

*

איך גיי צופוס אַהיים, מיט אַן אָפּגעדעקטן קאָפּ אין טרויער-און-ווונדער פון אַ טאָג, וואָס איז פאַרגאַנגען.

דער וואַרעמער ליולקע-בויך איז געטריי אין דער האַנט, און אין האַרץ איז ביטער-גוט.

## כּבֿיכולס קראַנקער אויער

אינדערפֿרי אין הימל.

גאָט איז ערשט אויפֿגעשטאַנען.

ער טרינקט אויס אַ פֿעסל נאַפֿט, וואַרפֿט אַריין אין האַלדז אַריין אַן אָנגעצונדן שוועבעלע — ער זאָל בעסער ברענען, כּון אינעווייניק און פֿון אויסעווייניק. הייסט די בלאָנדע מלאכטעס, זיי זאָלן אים אָפּשפּילן דעם רעפּערטואַר. די מלאכטעס פֿאַרקאַטשען די וואָלקן־קליידלעך און נעמען הויבן די פֿיס. גאָט אַרבעט אַליין אויף דער בלעך, טרעסעט זי, זי זאָל ציטערן... עס דונערט, ער ציט אַרויס אַ בליץ פֿון דעם בליצן־פֿעסל, ווי מ'ציט אַרויס אַ הערינג, דערלאַנגט אים אַ וואָרף אַראָפּ, צילט זי צו טרעפֿן אויף אַן עלטערן ייִדן, וואָס וווינט אויפֿן יופּיטער — צילט זיך מיט אַ פֿאַרקניפּט אויג — צו טרעפֿן דעם ייִדן אַקוראַט אויף דער רעכטער פּאה. ער וויל אים אָפּסמאַלען די פּאה און איבערשרעקן אויף טויט. דערפֿאַר, ווייל דער ייִד (פּייוויש ווי־הייסט־ער־דאָרטן) האָט אים „אָפּגעפּעיקט" מיט אַ דאַוונען. דער בליץ פֿאַלט, פּייוויש־ווי־הייסט־ער־דאָרטן לאָזט אַרויס אַ געשריי, גאָט כאַפּט אַרויף ס'געשריי אויף זיין גאָטלעכער, ברייטער דאָלאָניע, ווי איינער כאַפּט אַ פֿליג. דערנאָך בלאָזט ער עס אַראָפּ און בלאָזט עס אַריין אינם שמאַטעפֿעסל פֿון — אַלטע געשרייען.

גאָט מאַכט־אויף ס'מויל צו גענעצן. אַ פֿייער גייט אים

דאָס גרויס פון מויל, אין בריט-אָפּ די הויפּט מלאכטע, וואָס ליגט לעבן אים אויף אַ האַרטן, זויער-געוואָרענעם וואָלקן. (כמעט אַלע וואָלקנס אויפן הימל זענען געמאַכט פון דער מילך פון כשרע שעפּעלעך)... די מלאכטע וויל אַ געשריי טון פון ווייטיק, אָבער זי ווייסט, אַז דאָס שמעקט מיט — זיבן יאָר הימל-קאַטאָרגע. שווייגט זי און צעשאָקלט אים דאָס קישעלע אויפן כּסא-הכּבוד, און זאָגט אים:

— גאָט, דו ביסט גרויס!

— וואָס בין איך? — פרעגט גאָט איבער און לייגט-צו אַ האַנט צום אויער.

— דו ביסט גרוי-ס-ס!-שרייט די מלאכטע אויף אַ קול — נענטער צו גאָטס אויער (צוגיין זייער נאָענט האָט זי מורא, ער זאָל זי נישט אַ כאַפּ טון און אויפהענגען אויפן אויער, ווי אַן אוירינגל... ער האָט דאָס שוין אַמאָל געטון מיט צוויי יונגע מלאכטעס: יעדן פון זיי געהייסן זיך איינבייסן מיט די ציין אין איינעם פון זיינע האַרטע אויער-לעפּלעך, און ער איז אַזוי געגאַנגען שפּאַצירן... יענע האָבן שיר פאַרלוירן דערביי ס'געזונט...)

— גרויס? האַ? — זאָגט איבער גאָט. יאַ-יאַ, מאַכט ער, איך בין שוין איינמאָל גרויס. איך בין צען מאָל, מאַכט ער, גרעסער פון וועלכן גאָט איר ווילט אַליין. איך בין דער איין-און-איינציקער גאָט דעם — איט! מאַכט ער, אין גאַנצן קלומיקל מיט וועלטן. די אַנדערע געטער זענען — סמאַרקעס, יינגלעך... זיי האָבן ביי מיר אַ ווערט, איך ווייס, אָט אויף אַזויפיל (ער ווייזט אויף אַ שטיקל נאָגל). איך בין אַדאָשעם און יעהאָווא און צבאות...

— צו-וואָ-עס? — פרעגט דער וויציקער טייוול, וואָס פליט פאַרביי מיט אַ מלמד אויף די פּלייצעס.

— דו! דו! — שרייט אים גאָט נאָך. — זיי נישט אַזוי סמאַרט! אַ גאַנצער קנאַקער געוואָרן.

דער טייוול בלייבט שטיין אַ פאַרציטערטער און הויבט-אָן באַנגלען מיט אַן אויג. איך האָב, זאָגטע ער, גאָרנישט געמיינט.

— גאָרנישט געמיינט? — זאָגט גאָט און קוקט אים אָן מיט אַן אויג, וואָס דרייט זיך ווי אַ רעדל — גאָרנישט געמיינט, האַ? — אויב אַזוי... (ער טראַכט עפּעס אַ שטראָף און קאָן נישט אויסטראַכטן) אויב אַזוי, לאָז אָפּ דעם יידן, וואָס דו טראָגסט אין גיהנום אַריין, און גיב אים אַהער, וועל איך אים אַריינוואַרפן אין גן-עדן אַריין — דיר אויף צו-להכעיס...

— „אָלרייט" זאָגט דער טייוול און לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ, „טו מיר צו-להכעיס. איך קאָן דיר גאָרנישט טון. אָבער איך וויל זאָלסט וויסן זיין, אַז דער ייד, וואָס איך טראָג אויף די פּלייצעס האָט געגעסן חזיר אום יום-כפור, ווען ער איז געלעגן מיט אַ שיקסע אין בעט".

— אַ נייער פאַרזאָרגער מיינער! — גיט גאָט אַ צי מיט דער נאָז... פון ווען אָן ביסטו מיר געוואָרן אַזוי געטריי? גיב אַהער דעם יידן!!

דער טייוול איילט זיך נישט. גאָט גיט אַ כאַפּ דעם יידן ביי א פוס, גיט אים אַ וואָרף-אַריבער אין גן-עדן אַריין, נאָר דער ייד ווערט שיר צעשמעטערט...

— איצט גיי! — זאָגט גאָט. — איך וויל מיר אָנטון די הויזן. וויל איך נישט, אַז — מענער זאָלן זיין דערביי.

— אָבער דו וועסט מיר גאָרנישט טון? — קלאַפּט זיך דער טייוול, איינגעהילט אין אַ צעקראָכענער פּון פחד.

— איכ'ל זען שפּעטער! — מאַכט גאָט און גיט אים אַ בלאָז-אַוועק פון זיך.

גאָט טוט אַ פּאַטש מיט די הענט און גיט אַ געשריי:
— הויזן!

צוועלף יונגע מלאכטעס קומען גלייך צופליען און ברענגען די אַסבעסטאָס-הויזן, גאָט קריכט אַריין אינעווייניק, מיט דונער און בליצן. דערנאָך זעצט ער זיך אויפן כסא-הכבוד פון לוי-טער פייער, און הויבט אָן... רעגירן איבער דעם אוניווערז.

ער רעגירט אפשר צוויי מינוט אויפן זייגער, ווערט אים גמאס דער גאַנצער עסק, און ער גייט אַוועק איבערן גן-עדן,

כאַפּט די צדיקים, וואָס זיצן אויף די בוימצר און וואַרעמען זיך אין זיין „זיף", און — צעקוועטשט זיי, ווי פליי, און וואַרפט זיי אַראָפּ... עס ווערט אַ געקוויטשעריי — ווי צווישן הינער, אַז סע באַווייזט זיך עפּעס אַ חיה, וואָס דישעט... אַלע נעמען זיך אויף גיך אָפּקלאַפּן מיט די ליפּן דעם „קדוש-קדוש". אָבער גאָט הערט נישט און זעט נישט... ער איז פאַרנומען מיט זיך אַליין. ער טראַכט: „דאָס רעכטע אויער טוט מיר וויי, וואָס טוט מען?"

דערווייל ווי ער גייט אַזוי פאַרטראַכט איבערן גן-עדן, פאַלט אים איין, אַז ער וועט אָפּטון אַ קונץ — ער וועט נעמען צוויי פוילע גן-עדנ'ניקעס און זיי הייסן זיך בייטן מיט די קעפּ...

גאָט קלייבט אויס איינעם מיט אַ דיקן האַלז, און איינעם מיט אַ דינן העלזל. ער גיט אַ דריי אָפּ איין קאָפּ און דעם אַנדערן, און גיט זיי אַ פאַרבייט. ביידע יידן שטייען פאַרגאַפּט. די קעפּ שאָקלען זיך פון אייגענעם זאַמעך, און די פיר אויגן קוקן זיך אָן ווי משוגע.

אָבער גאָטס אויער-ווייטיק לאָזט נישט אָפּ — שוין איבער אַ יובל, אַז עפּעס איז אים אַריין, — ער ווייסט נישט וואָס...

גאָט גיט אַ געמעך און גייט צוריק אַרויס פון גן-עדן. אויפן וועג צום תפלה-מאַגאַזין טרעפט ער ווידער דעם טייוול — יענער קריכט אויף אַלע פיר און קליאַנעט זיך ביי אַ ברעג פון גאָטס אַסבעסטאָס-פּלודערן.

— וואָס ווילסטו? — פרעגט גאָט און גיט אויף אים נישט קיין קוק.

— דו וועסט מיר גאָרנישט טון? — גייט אים דער טייוול נאָך ווי אַ הונט אויף פיר פיס.

— כ'על דיר גאָרנישט טון! — זאָגט גאָט.

— שווער דיך! — בעט זיך דער טייוול.

— איך דאַרף מיך נישט שווערן — זאָגט גאָט — ביי מיר איז אַ וואָרט, אַ וואָרט. אָט האָב איך, למשל, געזאָגט,

אַז איכל קיינמאָל מער נישט ברענגען קיין מבול אויף דער וועלט...

— נו, און גאַלוועסטאָן?... — פרעגט דער טייוול און בויגט זיך אָן, ער זאָל נישט כאַפּן קיין זעץ.

— גאַלוועסטאָן? — פרעגט גאָט. — ווו איז „גאַלוועסטאָן?"

— אין טעקסעס. — ענטפערט דער טייוול.

— ווו איז טעקסעס? — פרעגט גאָט.

— טעקסעס איז אין אַמעריקע. — ענטפערט דער טייוול.

— און ווו איז אַמעריקע?

— אויפן ערד-קוגל...

— ערד-קוגל? — זאָגט גאָט. — ווו האָב איך אַן ערד-קוגל?

— אויף דר׳ערד. — זאָגט דער טייוול און קושט דעם זוים פון גאָטס אַסבעסטאָס-הויזן. (אויפן הוילן אָרט האָט ער אים מורא צו קושן — ער זאָל זיך נישט אָפּבריען) — אויף דער וועלט...

— שאַ! — זאָגט גאָט. — איך דערמאָן מיך שוין טאַקע, אַז איך האָב אַמאָל געהאַט אַזאַ זאַך, ווי אַ וועלט... אָבער איך האָב שוין לאַנג נישט געהערט פון איר... ווו איז זי הינגעקומען? דו ווייסט אפשר?

— איך ווייס נישט! — ענטפערט דער טייוול און קריכט אים נאָך אויף אַלע פיר. — איך האָב אויך שוין אַ שטיק צייט נישט געזען די וועלט... ערגעץ האָט זי געמוזט אַהינקומען... איך האָב דיך געוואָלט פרעגן ו ו ו, נאָר איך האָב געטראַכט, אַז ס׳איז גלייכער צו וואַרטן, ביז דו וועסט אַליין דערמאָנען וועגן דעם...

גאָט האָט צוגעלייגט צום רעכטן אויג אַ קליין שפּאַקטיוול, ווי אַ זייגערמאַכער, גענומען אַראָפּקוקן פון הימל און זוכן.

— נישטאָ די וועלט! — האָט ער געזאָגט. — ווי אין דר׳ערד אַריין...

— ווייסט, וואָס מיר פֿאַלט-איין, גרויסער גאָט? — מאַכט דער טייוול און הויבט זיך אויף.

— וואָס?

— מיר פֿאַלט איין, אַז די וועלט האָט דיר געמוזט אַריין אין אויער אַריין... ווייל איך האָב שוין אַליין אויך געזוכט אומעטום און זי נישט געקאָנט געפינען. און איצט, אַז איך האָב געהערט, אַז דו באַקלאָגסט זיך אויפֿן אויער, איז מיר איינגעפֿאַלן.

— קוק מיר אַריין אין אויער אַריין! — האָט געזאָגט גאָט און געגעבן דעם טייוול זיין פֿיר-קאַנטיק שפּאַקטיוול.

— יאָ, דאָס איז דאָס. — האָט געזאָגט דער טייוול. — די וועלט איז ביי דיר אין אויער, גאָט. וואָס וועסטו איצט טון?

— נישט דיינע ביזנעס! — האָט געזאָגט גאָט. — גיי דיין וועג!

דער טייוול האָט זיך אָפּגעטראָגן. גאָט איז געבליבן אַליין צווישן די ווינטן און שטערן, דאָס אויער האָט אים אַ ביסל דאַקוטשעט, און דאָס אייגענע ליכטן-און-בלישטשען האָט אים געשווינדלט פֿאַר די אויגן.

ער האָט זיך ווידער אַוועקגעזעצט אויפֿן פֿייערדיקן כּסא-הכּבוד, גענומען דעם גרויסן, ברענענדיקן גאָפּל אין דער האַנט אַריין, זיך צעשמייכלט מיט אַ קליין ביטער שמייכעלע און געזאָגט צו זיך אַליין:

— כיטרע איז די ערד-וועלט! איך האָב שוין לאַנג בדעה געהאַט, זי צו מינעווען און אויפֿרייסן און פּטור ווערן פֿון איר, אָבער איצט — קאָן איך עס נישט טון, ווייל איך וואָלט באַדאַרפֿט אויפֿרייסן ס'אייגענע אויער... דערפֿאַר אָבער וועל איך קיינמאָל נישט מער הערן דאָס געשריי און דאָס געוויין פֿון די איינציקע, נאָר פֿון דער גאַנצער רוישנדיקער פֿליג, וואָס הייסט ערד!

דאָ האָט גאָט צוגעלייגט די האַנט צום קראַנקן אויער און — אַלצדינג איז אַנטשוויגן געוואָרן. — —

# ווי אַזוי גלעשע האָט זיך געלערנט רעדן

אָט דאָס מעשהלע האָב איך געשריבן פאַר אַלע קינדער פון 10 ביז 80 יאָר, אָבער דער עיקר פאַר מיין אייגן קינד מאַרק. דאָס מעשהלע הייסט: „די שטומע האָבן זי געלערנט רעדן", און עס האָט, דאַנקען גאָט, נישט קיין שום מאָראַל, אַחוץ די מאָראַל פון אַ... שיין, אויסגעטראַכט מעשהלע.

## 1

גלעשע איז געווען אַ מיידל, מיט אַ נעזל, ווי אַ פּאַסאָלקעלע, אויגן, ווי גרינע שפּיגעלעך, און האָר, ווי פלאַקס, וואָס איז אינמיטן וואַקסן געוואָרן גאָלד. גלעשע איז געווען אַ שיין מיידל. זי פלעגט זיך טאָג-נאַכט פוצן פאַרן שפּיגל. דער שפּיגל אַליין פלעגט זי אָנקוקן קרום, ווען זי פלעגט זיך אָנשפּיגלען אין אים, און זיך נעמען אויספּלוצלען די לעקעלעך.

„גיי בעסער אין שול אַריין לערנען". פלעגט זאָגן דער שפּיגל.

„איך קען שוין גע —", האָט געזאָגט גלעשע און האָט זיך אַ „באָג" געטון דעם מינצטן פינגער, וואָס אינאיינעם מיט דעם „גע" האָט עס באַדאַרפט הייסן „גע-נאָג", דאָס איז געווען אַ גרייז, ווייל „גענוג" שרייבט מען מיט אַ וואָוו, נישט מיט

קיין אַלעף. אָבער גלעשע האָט נישט געקענט גוט שרייבן, אָדער לייענען, אָדער אויסלייגן, ווייל זי האָט פאַרשווענדט איר גאַנצע צייט אויף שפּיגלען-זיך.

*

איצט איז זי ווידער געשטאַנען לעבן שפּיגל און זיך אַליין אַרויסגעשטעלט אַ צונג. „נעם אַריין די צונג", האָט געזאָגט דער שפּיגל. „ס'איז נישט שיין, אַז אַ מיידל שטעלט אַרויס דעם שפּיגל אַ צונג. איך בין עלטער פון דיר".

אַז גלעשע האָט דאָס דערהערט, האָט זי זיך אַביסל פאַרשעמט און געענטפערט: „איך האָב נישט אַרויסגעשטעלט קיין צונג קיינעם, נאָר זיך אַליין".

„יאָ, אָבער איך האָב געזען, ווי דו טוסט עס. און דאָס, וואָס דו שעמסט זיך נישט פאַר מיר, איז פאַר מיר דער בעסטער סימן, אַז דו האָסט פאַר מיר קיין דרך-ארץ נישט, ווייל אַ קלוג מיידל טוט זיך קיינמאָל נישט אויס נאַקעט. אַפילו ווען זי איז אַליין אין שטוב, ווייל זי שעמט זיך פאַר אירע אויגן, וואָס זענען אירע בעסטע היטערס. און פאַר די ווענט, וואָס זענען אירע בעסטע באַשיצערס".

„איך פאַרשטיי נישט, וואָס דו זאָגסט, שפּיגל", האָט געזאָגט גלעשע. און זי האָט געמיינט „איך פאַרשטיי נישט, וואָס דו זאָגסט, אָבער איך זאָג דיר צו, אַז פון היינט אָן און ווייטער וועל איך מיך לערנען רעדן און שרייבן און אויסל—". זי האָט געמיינט אויסלייגן, נאָר זי האָט געהאַט אַ פוילע טבע, נישט צו פאַרענדיקן די ווערטער.

## II

גלעשע האָט נישט געקענט גוט רעדן קיין יידיש, זי פלעגט רעדן האַלבע ווערטער, די אַנדערע העלפט פלעגט זי פאַרגעסן, אָדער זיך פוילן צו ענדיקן. גלעשעס מאַמע איז

געווען אַ קלוגע און אַ גוטע פרוי. פלעגט זי טענהן מיט גלעשען, אַז זי זאָל זיך זען צו בעסערן, ווייל זי איז שוין אַ מיידעלע אין די יאָרן (אַכט יאָר איז נישט קיין זעקס אָדער זיבן!) און זי זאָל נישט זאָגן „מאַ", נאָר „מאַמע". און זי זאָל נישט זאָגן „אַמער", נאָר „אַמעריקע", און אויף אַ מיאוס פנים זאָל זי נישט זאָגן „פאַר", נאָר „פרצוף".

גלעשע האָט עטלעכע מאָל געפרווט זאָגן „מאַמע", און „אַמעריקע" און „פרצוף", אָבער זי איז שוין געווען אַזוי צוגעוויינט צו רעדן האַלבע און אומקלאָרע ווערטער, אַז עס האָט נישט געהאָלפן. „מאַ", פלעגט זי זאָגן, „דער זיי״ע איז געבוירן געוואָרן אין אַמער? אַנזשאַ די קעכין האָט אַ רויטן פאַר" —

האָט גלעשעס מאַמע געזען, אַז ס'איז שלעכט, האָט זי געטראַכט און געטראַכט און אויסגעטראַכט אַ פאָרטל. מירן איך באַלד דערציילן, וואָס דאָס פאָרטל איז געווען.

## III

אַז גלעשע איז צומאָרגנס אויפגעשטאַנען פון בעט, האָט זי דערזען, ווי צו איר בעטל איז צוגעבונדן אַ האָן און אַ קעלבל. אויפן וואַש־טישל לעבן איר בעט איז געשטאַנען אַ שטייגל מיט אַ פייגעלע.

גלעשע האָט זיך זייער דערפרייט און אויסגערופן:

„מאַ".

„מע", האָט געמאַכט דאָס קעלבל.

די מוטער איז אַריינגעקומען. גלעשע האָט זי אַרומגעכאַפט קושן און געזאָגט: „ביסט אַ גוטע מאַ —!"

„מע", האָט געמאַכט דאָס קעלבל. און אינאיינעם האָט דאָס שוין געמאַכט „מאַמע". „יאָ, דו ביסט אַ גוטע מאַמע", האָט גלעשע שוין אַרויסגעזאָגט דאָס וואָרט, ווי מען דאַרף צו זיין, „דו האָסט אַ ליכטיק פנים, מאַמע, נאָר זאָג מיר,

צי דער זיידע איז געבוירן געוואָרן אין אַמע". — „רריקע!" האָט געזאָגט דער האָן. אינאיינעם האָט עס שוין געמאַכט „אַמעריקע".

„ניין, דער זיידע איז נישט געבוירן געוואָרן אין אַמע־ריקע, נאָר אין קרוינפוילן", האָט געזאָגט די מאַמע, „קום וואַש דיר אָפּ ס'פּנים".

„כ'האָב דען אַ פאַרשמירט פּאַר—" האָט געפרעגט נלעשע. און דאָס פייגעלע האָט געמעבט „צוף", אינאיינעם האָט דאָס געמאַכט „פּאַרצוף".

## IV

„לערן דיך רעדן יידיש, ווי סע קער צו זיין!" האָט געזאָגט די מאַמע". איך האָב דיר אומיסטן געקויפט אַ קעלבל, מיט אַ האָן, מיט אַ פייגעלע, כדי דיר אויסצובעסערן די דריי ווערטער — „מאַמע", „אַמעריקע", און „פּרצוף". אומעטום, ווו דו וועסט גיין, מוזסטו פון היינט אָן און ווייטער מיטנע־מען מיט זיך דאָס קעלבל און דעם האָן און דאָס שטייגל מיטן פייגעלע.

„נו, אַז עס וועט רעגענען, מאַ"?

„מע"! מאַכט דאָס קעלבל.

„מאַמע", פאַרבעסערט זיך נלעשע.

„אַז ס'עט רעגענען, וועט איר אַלע דריי אָפּגערעגנט ווערן, אָבער וועסט זיך מוזן פירן מיט זיי, ווו דו וועסט גיין, און ווו דו וועסט שטיין, ביז דו וועסט זיך אויסלערנען אַרויסרעדן די ווערטער, ווי עס דאַרף צו זיין".

נלעשע האָט געזען, אַז ס'איז נישט קיין שפּילכל זיך צו שלעפּן איבער די גאַסן מיט אַ קעלבל און מיט אַ האָן און מיט אַ פייגעלע, און, אַז די קינדער לויפן איר נאָך און לאַכן פון איר, האָט זי זיך אינגיכן אויסגעלערנט זאָגן „מאַמע" און „אַמעריקע" און „פּרצוף".

אָבער זי האָט געמוזט ווייטער לערנען יידיש, און דאָס וואָרט „הי” האָט זי בשום אופן נישט געקאָנט געדענקען. אנשטאָט „איך וווין דאָ-הי”, פלעגט זי זאָגן „איך וווין דאָ-היר”, וואָס דאָס איז שוין געווען מער דייטש, ווי יידיש. האָט איר די מוטער געקויפט אַ פערדעלע, און יעדעס מאָל, ווען נלעשע פלעגט זאָגן „איך וווין דאָ —” פלעגט ס'פערדעלע מאַכן „הי-הי-הי”. האָט זי געוווּסט, אַז מען דאַרף זאָגן „הי”.

דערנאָך האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע מעשה מיט דעם וואָרט „מקוה”. נלעשע האָט נישט געקאָנט אַרויסרעדן קיין „קווע”, פלעגט זי זאָגן „מיקאָווע” אָדער „מיקעווע”. פלעגט איר די מאַמע זאָגן, אַז „סע טויג נישט”, פלעגט נלעשע אַ זאָג טון „מי” און בלייבן שטיין. וואָס-זשע האָט איר מאַמע געטון? האָט זי איר געקויפט אַ זשאַבעלע, און איטלעכעס מאָל, וואָס נלעשע האָט געזאָגט „מי”, האָט דאָס זשאַבעלע געמאַכט „קווע-קווע”, אינאיינעם האָט דאָס שוין געמאַכט „מיקווע”.

און אַזוי האָט זיך נלעשע אַרומגעשלעפט מיט בהמות און עופות און חיות, ביז זי איז עלטער געוואָרן און זי האָט געקאָנט גוט רעדן יידיש.

## V

דערפון איז שוין גרינג צו פאַרשטיין, קינדער, פאַרוואָס נלעשע האָט ביזן היינטיקן טאָג אַזוי ליב קעץ און הינט און פערד און זשאַבעלעך, און בינעך און שמעטערלינגען און אַלע אַנדערע שטומע באַשעפענישן. „אָט-די שטומע האָבן מיך געלערנט רעדן”, זאָגט נלעשע, וואָס איז שוין היינט אַ דערוואַקסענע פרוי און גייט שוין מיט אַ קיישל אין מאַרק אַריין איינקויפן, זי גיט אַ גלעט ס'קעצל, וואָס רייבט זיך בײַ אירע שיך, און דער געלער הונט בלייבט שטיין און הויבט-אָן בעטן

מיטן עק, מ׳זאָל אים אויך אַזוי טון. נלעשע קאַרגט נישט קיין גלעט, ווי זי קאַרגט נישט קיין שמייכל צו אַלע מענטשן, וואָס באַגעגענען זי אויפן וועג, ווען זי גייט אין מאַרק אַריין איינקויפן.

# דער דימענט־רײנג

אַז איך וויל, אַז עמעצער זאָל מיך ערגעץ באַלייטן, זאָג איך: „קום, איך גיי עפּעס באַשרייבן“.

גייט מען מיט. מ'האָפט, אַז דער נאָמען וועט זיך אַריינשמוגלען אין מיין אַרטיקל.

אַ סך מאָל טרעפט מען. ווייל וואָס איז אַביסל אומשטערבלעכקייט? וועלכער מענטש איז נישט באַרעכטיקט דערצו? און וואָס זשאַלעוועט מען אַזוי דאָס ביסל שאָטן?

איך האַלט, אַז דאָס מינדסטע, וואָס אַ שטערבלעכער מענטש דאַרף זיין איז: אומשטערבלעך! דאָס קלענסטע, וואָס אַ מענטש קאָן זיין איז — באַרימט.

*

פּרי טאָי: אַמאָל טרעפט מען, אַמאָל נישט.

איר ווייסט דאָך, ווי ער (ווי הייסט ער?) זאָגט: שריפטשטעלער זענען ווי שיינע פרויען. יעדער איז זיי שולדיק אַ קאָמפּלימענט. זיי — קיינעם נישט. אַלע דאַרפן זיין גוט צו זיי, זיי — צו קיינעם נישט.

ערגאָ — דעריבער, זאָגט ער, (ווי הייסט ער דאָרטן?) זענען קינסטלער אומעטיש.

*

איך נעם דאָס אויף זיך — ווי אַ שיין־געפּודערט בלבול. ווי דר. אַזוי־און־אַזוי זאָגט: (כדי אַמאָל צו ציטירן אַ... ציטאַטאָר!)

„יעדער שרייבער איז ווי... דאָס יידישע פאָלק. יעדער שרייבער האָט אויף זיך אַ בלבול.” דערפאַר רוף איך אויס אין דער גיך:

„דערלאַנגט מיר, כ׳בעט אייך, ס׳קרענצל מיט — פיינע, דופטיקע בלבולים און — לאָמיר גיין שלאָפן.”

*

איך האָב באַדאַרפט פאָרן אין די בראנקס. האָב איך געזוכט עמעצן, וואָס זאָל מיך אַקאָמפּאַנירן אויפן... ווערטער־פידל, אָדער אויף דער ציין־פּיאַנאָ — נישט געווען קיינער צו דער האַנט.

גיי איך שוין אַליין איבער דער בויערי צום „על” און טראַכט: „ביי טאָג בין איך איינזאַם, עלנט און פאַרלוירן. ביי־נאַכט בין איך אַיינזאַם, עלנט און פאַרלוירן” (זע, פליז, מיין בוך „פון מענטש צו מענטש”) און איך לאָז זיך אַזוי איינינ־קער־אַליין מיט מיינע 3—4 מחשבות צו די טרעפּ פון „על”. שטעלט מיך אָפּ עפּעס אַ מאַן, גיט אַ מאַך „פּסד” (אָדער „פּיסט”, אָדער „פּסס”), און רופט מיך אַוועק אין אַ ווינקל, ווייזט מיר אַ גרויסן, בלוי־פעכלדיקן דימענט־רינג און פרעגט מיך, צי איך וויל קויפן אַ מציאה.

סע דאַרף הייסן, אפנים, אַז דאָס איז גנבישע סחורה, און אויב איך קויף דאָס אָפּ, ווער איך באַגליקט!

איך באַטראַכט דעם „שטיין”, ווי אַ פאַכמאַן, האַלט אים אין דער זשמעניע, בין מהדר דעם גלאַנץ. און איך ווער אַדאָס־דאָ, — אַנטציקט!

דער „גנב” האָט דאָ געקראָגן דעם אמתן קונה, און ער וועט מיך אָפּפּריצעווען אַזוי לייטיש. אַזוי גיך ווי איך קויף די מציאה און באַצאָל אים ס׳געלט — טוישט ער איבער דעם דימענט אויף אַן אַנדערן... אַ גלעזערנעם און — פּיוט!

איך שטיי אַ ווײַלע מיט אים און פרעג זיך אויס, וויפיל ער וויל. ער וויל נישט קיין סך — 65 דאָל., ס׳איז אַ מציאה 250 דאָל.

רעד איך נישט קיין סך. נאָר איך זאָג (אַזוי ווי ער): „פּסד!” און מיר גייען אַרויף אויף די טרעפּ צום „על”.

*

ער זוכט אויס דאָס פֿאַרמאַכטע מאָטאָרמאַן-ווינקל אין „עלעווייטאָר-באַן”, זעצט זיך אַוועק מיט אַן אָראָפּגערוקטן דאַשעק, ווי סע פּאַסט פֿאַר איינעם, וואָס שפּילט די ראָלע פֿון אַ „גנב”. איך זעץ זיך לעבן אים, מיר רעדן אַביסל וועגן דעם דימענט, וואָס דאַרף מיך גליקלעך מאַכן. ער פֿרעגט מיך, וואָס מיין אַרבעט איז, איך זאָג אים, אַז איך אַרבעט אין אַ געשעפֿט פֿון ברוכבענדער, איך מאַך די שלעסער, פֿאַרדין נישט שלעכט.

„יאָ”, מאַכט ער, „אָבער ס'איז גאָרנישט. וויפֿל קאָן מען מאַכן ביי ברוכבענדער? רייך-ווערן דערפֿון”, זאָגט ער, „קאָן מען נישט.”

„יאָ”, זאָג איך, „ערלעך איז שווערלעך.”

„שואה”, זאָגט ער און קרימט-אויס ס'מויל אויף צפֿון-זייט, מעשה בלאַטער-קערל, און ער וויקלט אַלץ דעם דימענט אין אַזוינע פֿאַרביקע, דינע פּאַפּירלעך, און מאַכט אַלעמאָל „פּסד”...

ביי דער 42-טער פֿרעגט ער מיך, וווהין מיר פֿאָרן, זאָג איך: „אין די בראָנקס. דאָרטן וווין איך. דאָרטן האָב איך ס'געלט. נאָר סע קאָן זיין, זאָג איך, אַז מיין געליבטע שלאָפֿט שוין, און איכל זי מוזן וועקן, ווייל זי האַלט דאָס געלט ביי זיך”.

„אין זאָק?”, זאָגט ער.

„אין זאָק”, זאָג איך.

„זי שלאָפֿט אין די זאָקן?” — פֿרעגט ער.

„יאָ”. — גיב איך אַ זיפֿץ.

„אפשר קאָנט איר”, זאָגט ער, „שטילערהייט... איך וואָלט נישט געוואָלט”, זאָגט ער, „איר זאָלט זי וועקן. ס'אַ רחמנות. זי איז אַ שיינע?” פֿרעגט ער.

נ׳שקאָשע.

„מירן ביידע אַריינגיין, זאָגט ער, איכל איר ווייזן דעם שטיין —״.

*

מיר פאָרן. איך צערעד מיך מיט אים וועגן — יידישע ציישונגען, וועגן ליטעראַטור, וועגן קונסט.

„יו סי״, מאַכט ער, „אַמאָליקע יאָרן פלעג איך לייענען דעם יידישן... וויהייסטעס, אָבער איצט האָב איך מיך מיישב געווען: וואַטאַ — וואָסל איך האָבן דערפון?״ „יידיש״, מאַכט ער, „איז נאָו גוד.״ „ביקאָז״, מאַכט ער, — „יו נאָו, איטס נאָו יוז... געט מי?״

איך קוק אויף אים. ס׳פנים איז אַ וואַרשעווער חסידיש פנים. מילכיקע אויגן, פליישיקע, שוואַרצלעכע ליפן. און דעם גויעש-יידישן „סלאַנג״ רעדט ער מיט אַן אַקצענט פון אַ קלויז-בחורל.

„זאָגט-זשע מיר״, זאָג איך, „וואָס האַלט איר פון אונזער שלום-עליכמען?״

„גרויס!״ זאָגט ער און כאַפּט זיך צוריק:

„יו נאָ... אַלע זאָגן, אַז ער איז אָלרייט... אָבער.. פסט! דאַכט זיך אַ דעדעקטיוו.״

ער ווייזט אָן אויף אַ מענטש, וואָס שטייט לעבן אונז און איז נעבעך גאָט די נשמה שולדיק...

*

מיר פאָרן „איבער די דעכער״ און שאָקלען זיך. ס׳איז ביינאַכט. דער „גנב״ איז אומגעדולדיק. דאָס „שפּילן״ איז אים שווער. און די נישט-זיכערקייט מיטן פאַרדינסטל מאַכט אים פיבערדיק. אַלע ווײַלע קוקט ער אַרויס דורכן פענסטער און פרעגט:

„נאָך ווייט?״

„נישט ווייט!״ זאָג איך, און נעם אַרויס און לייען מיר

אַ צייטונג, און קיי „האפּדזשעס”, און רעד אַביסל וועגן דימענטן.

„איר ווייסט”, זאָג איך, „איך וואָלט אַמאָל אַ בעלן געווען קויפן עפּעס אַזוי אַ ריכטיקן דימענט, פון אַ האַלב פונט.”

„ס'איז נישטאָ”, זאָגט ער, „אַזוינע גרויסע דימענטן.”

„ווער זאָגט עס איז נישטאָ?” — זאָג איך, „מיינער אַ פריינט”, זאָג איך”, אַ דאָס... (איך גיב אַ פּינטל מיט אַן אויג, ווי רש"י טוט עס, ווען ער קומט צו פּאַרטייטשן: „אדם ידע את חוה אשתו”) האָט מיר אַמאָל דערציילט, אַז ער האָט אַן אויג אויף אַ געוויסן דימענט, וואָס וועגט אפשר דריי־פערטל פונט”.

„ווייס איך!”, זאָגט ער, „וואָס מען זאָגט!”

„זאָגט עס נישט!” זאָג איך, „אַז מענטשן זאָגן, זאָגן זיי נישט גלאַט אין דער וועלט אַריין.”

*

איך האָב מיך געוואָלט אַביסל דורכגיין נאָכן פאָרן. בין איך אָראָפּגעגאַנגען מיט אַ סטאַציע פריער, ווי כ'האָב באַדאַרפט, און מיר האָבן ביידע געשפּאַנט צו־פוס.

אויפן וועג האָב איך מיך אָפּגעשטעלט אין עטלעכע ערטער, אין באַקאַנטע געוועלבן, אים געהייסן וואַרטן אין דרויסן, אים געזאָגט, אַז איך וועל אפשר קריגן געלט און נישט דאַרפן אויפוועקן מיין שלאָפנדיקע געליבטע. האָב איך מיך אַזוי אַרומגעשלעפּט אפשר דריי שעה אויפן זייגער. יעדעס מאָל, וואָס איך בין אַרויסגעקומען, האָט ער מיך געפרעגט: „נו?” און איך האָב געענטפערט: „ליידער”. עס איז געוואָרן שפּעטלעך און קאַלט. דער בחור האָט געקראָגן אַ בלויע נאָז, געוואָרן אומגעדולדיק...

ענדלעך האָבן מיר זיך דערשלעפּט צו דעם הויז, ווו איך האָב באַדאַרפט. ער האָט געוואָלט אַרויפגיין מיט מיר וועגן דעם שטיין, אָבער איך האָב אים געזאָגט, ער זאָל בעסער בלייבן אונטן — איכל אַליין, זאָג איך, פרווון דעם זאַק. אפשר וועל איך קאָנען.

מאַכט ער:

"זי טראָגט אַ זאָקן-בענדל, צי מיט אַ קניפּ? אויב מיט אַ קניפּ", זאָגט ער, "איז שלעכט. נאָר אויב אַ זאָקן-בענדל, קאָן מען עס", מאַכט ער, "אַראָפּגלעטן שטילערהייט. נאָר איר דאַרפט", זאָגט ער, "זיין פאָרזיכטיק. ס'איז אויך געווענדט," מאַכט ער, "צי זי טראָגט האַלבע זאָקן, צי גאַנצע. אויב גאַנצע, זאָגט ער, וואָלט איך אייך געראָטן" — —

איך האָב אים געדאַנקט, געהייסן אים וואַרטן אונטן אין קאָרידאָר, ביים הויז-טעלעפאָנדל, וואָס פירט צו דעם אַפּאַרטאַמענט, ווו איך וועל זיין.

אין אַ 50 מינוט אַרום, האָב איך אַרונטערגעטעלעפאָנירט.

"אַ גוטע נאַכט, הער שווינדלער! און אַנטשולדיקט, וואָס איך האָב אייך געשלעפּט אַזש ביז אין די בראנקס. עס איז מיר געווען אומעטיק אַליין צו פאַרן."—

ער האָט עפּעס צוריק געענטפערט, אָבער דרוקן קאָן מען דאָס נישט —

## „וואָס טוען די קינסטלער אין זייערע סטודיעס?"

אַנטקעגן די „מאָדעלן פון ליבע":

שיין וואָלט מען אויסגעזען, מ'זאָל זיך פאַרלאָזן אויף די טעאַטערס אונז אויסצומאָלן, ווי אַזוי אַ מאלער מאלט.

סע ווייזט אויס, אַז אַלע שבעי-קונסטן האָבן זיך פאַרשווירן איינס ס'אַנדערע צו דערגיין די יאָרן. זעט, ווי מאָלער מאָלן — שריפטשטעלער! שטענדיק איז ביי זיי דעם שריפטשטעלערס „גייסט" אויף דער נאָז. אָדער אין די געלעקלטע האָר. אָדער אין די קעלבערנע אויגן!

זעט, ווי אַ שרייבער רעדט וועגן מאָלעריי — ביי אים איז מאָלעריי בלויז אַן אילוסטראַציע צו עפּעס אַ נאָך-נישט געשריבענעם טעקסט! אַ דיקע פּונקטואַציע, צעפּירט אויף גרויסע שטיקער לייוונט — מיט אויסגעמעקטע ווערטער — —.

און אַז דאָס טעאַטער שטעלט אַרויס אַ שרייבער אָדער אַ מאלער, אָדער אַ מוזיקער אַפילו — דאַרף מען אַנטלויפן.

*

לויט דער טעאַטראַלער שילדערניש פון מאָלערס און זייערע סטודיעס קומט אויס, אַז מער ווי מיט נאַקעטע מיידלעך גיבן זיך די מאָלערס נישט אָפּ. הייַנט די קינסטלער-כאַלאַטן, וואָס זיי טראָגן! און די געשטרייפטע הויזן מיט אַ שאַרפן קנייטש פון אויבן ביז אַראָפּ — און דער כאַלאַט איז ריין, אַ

מחיה... אַ העמד — פּריש פון דער וועשעריי. די שיך אָפּגעפּוצט — אַ פאַרגעניגן, כ'לעבן, צו זיין אַזאַ קינסטלער!

לויט די „מאָדעלן פון ליבע" קומט אויס, אַז איין (1) מאָלער אַרבעט אויף אַ 10 מאָדעלן מיטאַמאָל! און דער עיקר קומט אויס (לויט דעם טעאַטראַלישן פאַרטייטש פון מאָלעריי), אַז אַ מאָלער דאַרף צום אַלעם ערשטן קאָנען זינגען און טאַנצן און שפּילן אויף אַ גיטאַרע. דאָס מאָלן אַליין איז אַ... ביי־זאַך.

*

„וואָס טוען די קינסטלער אין זייערע סטודיעס?" — ענטפער: וואָס הייסט, וואָס זיי טוען? זיי זיצן און שפּילן זיך מיט מיידלעך און זינגען לידלעך, און גייען אָנגעטון אין בלאָע כאַלאַטן. זאָרג? דאגות פּרנסה? שלאַפקייט? — דער קינסטלער ווייסט נישט פון אַזוינע זאַכן. ער איז אַ הימל־מענטש. אַ... הייליקער, אַ... יאָלדאַק. אַז מ'קויפט ביי אים אַ פּיק־טשע, גיט מען אים אַ זעק, מיט מעניס. ער ציילט אַפילו נישט איבער... (אַנישט קאָן ער דען ציילן?)

לויט דעם פאָלקס־באַגריף פון קינסטלער קומט אויס אַזוי: דער קינסטלער שטייט אויף אין דער פרי, שפּילט זיך אָפּ מיט די מיידלעך. דערנאָך טרינקט ער אויס אַ ליטער בראָנפן, צעזינגט זיך, גייט אַ טענצל און... וואַרט, אַז עס זאָל אויף אים אָנפאַלן דער רוח־הקודש... וועט ער קאָנען איינטונקען ס'בערשטל. אַ נישט, לייגט ער זיך אַוועק (מיט אַלע זיבן מיידלעך) אויף דר'ערד (אויף קישלעך) און טרינקט ווייטער ווײַן און ווישניאַק און דובאָנעי, און זינגט מעלאַנכאָליש „אידאַאוכניעם" און שפּילט אויף דער גיטאַרע.

*

אין מיין (פּערזענלעכער) באַקאַנטשאַפט מיט קינסטלער האָב איך קיינמאָל נישט געטראָפן אַ מאָלער — וואָס זאָל אויסזען, ווי אַ... מאָלער. ס'רוב אמתע קינסטלער זעען אויס,

ווי סטאָליערס, ווי אַגענטן, ווי מעש-אַרבעטער, ווי שניידערס — ווי אַלצדינג אין דער וועלט, נאָר נישט ווי קיין קינסטלער. ס'איז אָנגענומען ביי אַלע קלוגע מענטשן, אַז — קיינער זעט נישט אויס מער פריך ווי... דער לאָקיי.

*

אַמאָליקע יאָרן פלעג איך פאַרברענגען זייער אָפט אין... סטודיעס. ליכטענשטיינס „בוידעם" אויף דער 14-טער גאַס איז געווען דער צונויפקום-פונקט פון אַלערליי מאָלערס, שרייבערס, שפּילערס, זינגערס. דער בוידעם איז געווען אין אַן אַלטער געביידע מיט טאָפּל-טרעפּ צו צוויי הייזער — און קיינמאָל האָט איר נישט געוווסט, צי איר דאַרפט גיין אויף די טרעפּ רעכטס צי אויף די טרעפּ לינקס.

אויבן איז געווען אַ קוואַדראַטנע צימער, אַ היבשס, מיט אַ פאַרשטויבט „הימל-פענסטער", דורך וועלכן עס האָט זיך קוים מיט צרות דורכגעזיפּט אַביסל שיטערע זון. די ווענט-פענסטער זענען אויך געווען דיק-פאַרשטויבט און פאַרהאָנגען מיט זעק-פאַרהאַנגען.

אויף דר'ערד, אין אַ ווינקל, איז געלעגן אַ הויל שפּרינגבעט („ספּרינג"), אויף דעם שפּרינגבעט איז געווען אַן אַלטער מאַטראַץ, אויף דעם מאַטראַץ אַ פאַרביקע שמאַטע. דאָרט פלעגט מען זיך צעסאַדען, אָדער אויפן הוילן דיל, אויף אַ צעריסן קישעלע. אינמיטן שטוב איז געשטאַנען אַן איבער-געקערטער קאַסטן — דאָס איז געווען אַ טיש. דאָרט פלעגן ליגן עפּל, ברויט, הערינגלעך, ווורשט, בלייפעדערס, פענזלען און... צמאָל אַ פלעשל ווייַן אויך.

*

יצחק ליכטענשטיין איז געווען אַ ניי-גייענדיקער, קרומ-לעכער, פיין-סטיליקער קינסטלער, נאָר די לופט פון דעם וויסטן

צמעריקע האָט אים נישט פאַליובעט, ער האָט שטענדיק גענימט און געגעניצט, און געקייט אַ שטיקל ליולקע, און מבטל געמאַכט אַלצדינג מיט זיינע אַלומיניום-פאַרביקע אויגן, וואָס האָבן שטענדיק אויסגעזען, ווי ביי — כאָטש ער איז געווען מוראדיק פאַרשלאָפן. ס׳האָט אויסגעזען, אַז יצחק ליכטענשטיין שלאָפט נישט מיט די אויגן, נאָר מיט די אַקסלען, מיט די הענט... מיטן שטערן. די רייד אַפילו פלעגן ביי אים אַנטשלאָפן-ווערן אינמיטן-דרינען.

ער האָט געמאָלן גרויסאַרטיקע בילדער — דער יצחק ליכטענשטיין! ער פלעגט נישט שטיין מיטן אויער ביים שליסללאָך פון דער נאַטור. נאָר פאַרקערט. ער פלעגט שטענדיק שטיין ביי דער נאַטורס אויער און איר עפּעס אונטערזאָגן. יענע (די נאַטור) פלעגט שאָקלען מיטן קאָפּ, ווי אַ בהמה, און זיך לאָזן...

ליכטענשטיין פלעגט מאָלן ביימלעך מיט פלאַם-פייערדיקע שטאַמען און מיט הילצערנע בלעטלעך... מוידן צעקרימטע, ווי איינער וואָלט זיי אָנגענומען ביי אַ פוס, דער אַנדערער ביים קאָפּ און זיי אַזוי צעצויגן — —. מוידן מיט הינטנס, ווי זאָטלען, מיט ברייטע נעגערשע ליפּן, פאַניענקעס מיט לאַנגע העלזער, ווי בוזשיקעס, און בריסטן, ווי לאַנג פלעשער — —. און שטיבעלעך מיט אַזוינע קוימענדלעך, וואָס קרייען אַליין פון זיך... און לאַנדשאַפטן מיט אַזוינע שטעגן, וואָס ליגן איינס-אויף-ס׳אַנדערע — אַ פעלד אויפן בוידעם, אַ טייך אויפן זאַליביק — —. אַ פערד טרייבט אָן אַ יידן.

אומעטיקע גראָטעסקן, ניסנדיקע וועלט-פילאָזאָפישע רעפּרעסיאָניסטישע געשטאַלטן. אָבער וואָס פאַר אַ וווּנדערלעכע זאַכן!

קיין געלט צו דינגען אַ מאָדעל איז נישט געווען. אַז ליכטענשטיין האָט יאָ אַמאָל אָפּגעשאָסן אַ פויגל און אַריינגעכאַפּט אַביסל געלט, פלעגט ער דינגען אַ מאָדעל — די גרעסטע מיאוסקייט, וואָס אַ גאָט קאָן נאָר אויסטראַכטן... אַן אַלטע

שכורטע, אָדער צעפּאָרענע, צעטומלטע, דין-הויכע פראַנצויזקע, וואָס לאָזט זיך אויסמאָלן וואַטאָ-אידיליעס אויפן הינטן, טראָגט נאַקעטערהייט אַ מוף, און אַ בינאָקל, און האָט אַ בלאָנד צעפּל — איבערגעפאַרבט פון גרוי.

*

אויב נישט — איז „חיים״ געווען דער מאָדעל.

חיים פּאָזירט פאַר אַלצדינג. ער איז אַ שיינער, אַ רויקער, אַ פיל-וויסנדיקער, קען אַלע זיבן קונסטן אויף אויסנווייניק, און האָט זיי אַלע אין דר׳ערד. זומער איז ער אַ קעלנער אין אַ האָטעל, אָדער אַ הייצער אויף אַ שיף, אָדער ער אַרבעט ביי אַ זייגערמאַכער. אָדער ער שפּילט ערגעץ (אויף אַ מינוט) פידל, אָדער ער שטייט ערגעץ ביים ברעג ים און שניידט סילועטן מיט אַ שערעלע, און פאַרקויפט דאָס צו די מזומנע-קונים פאַר — וויפיל מ׳גיט... אָדער ער איז אַ „לייף-סעיווער״ און גייט אָנגעטון אַזאַ גרויסן גומענעם בייגל איבער די אַקס-לען, און אַ ברייטן, שטרויענעם הוט, און אַ רויטע פאַטשיילע אויפן האַלז, אָדער ער איז אַ „וואָרזאָגער״ אין קוני-איילאַנד. — „חיים״ איז מאָדעל פאַר - אַלצדינג. אַז ליכטענשטיין דאַרף מאָלן אַ מיידל, טוט זיך „חיים״ אָן פאַר אַ... נאַקעט מיידל (מיט וואָסערע מיטל איז אַ געפאַר צו באַשרייבן) און פּאָזירט. ליכטענשטיין ניסט און מאָלט. חיים שטייט אָנגעטון ווי אַ „נאַקעט מיידל״, עסט אַן עפּל און... זינגט און פייפט, אָדער ער שניצט זיך אַ שטעקן פון געקייטלטע האָלץ-רינגעלעך (אַזוי ווי זוני מאוד) און רעדט גראָבע רייד, און דעקלאַמירט ווונ-דערבאַרע פערזן, וואָס ער וויל נישט אויסזאָגן, אַז ס׳איז זיין א י ג נ ס.

*

אַ לאַנגער ווינטער. ס׳איז אומעטיק. קיין געלט איז נישטאָ. אינדרויסן איז קאַלט. דאָס קליינע אויוועלע טשאַדעט און וואַרעמט נישט. די נעכט זענען לאַנג.

נעמט חיים אַ קישעלע, מאָלט אויף אַ ווינדערלעך-שיינעם פרויען-קאָפּ און לייגט זיך מיט „אים" שלאָפן...

איינמאָל קומט אַרויפצוקריכן אַ ייד. ער וויל קויפן אַ „פּיק-טשע", נאָר ס'זאָל זיין מיט... אייל. נעמט חיים אַרויס אַן אַקוואַרעל (וואַסער-קאָליר), באַשפּריצט עם מיט... קעראָסין און זאָגט:

— מיסטער, מיר האָבן פאַר אייך אַ פּיקטשע — נישט נאָר מיט אייל, נאָר מיט קעראָסין... געמאָלן אויף שלימזאַק... און געדעקט מיט קספּאמים... דאָס איז די לעצטע „סטייל" און קונסט. אין פּאַריז צעכאַפּט מען זיי, ווי מצה-וואַסער. באַטראַכט (מאַכט ער צו דעם צעטומלטן יידן), ס'איז געמאָלן אויף שלימזאַק... געדעקט מיט קספּאמים... (געהאַט אייגענע ווערטער — דער חיים).

דער ייד האָט נישט געוואָלט קויפן. פאַרשטאַנען, אַז מ'לאַכט פון אים. האָט אים חיים זייער העפלעך אַרויסגעוואָרפן, און אים נאָכגעשריגן אויף די טרעפּ:

— קספּאמים, אַ פינסטער יאָר אויף אייך!

אַן אַנדערס מאָל (אַז עמעצער וועט מיך דערמאָנען) וועל איך אייך באַשרייבן, וויאַזוי חיים גייט שפּאַצירן אָן אַ העמד אויף — בראָדוועי און דוקא נישט מיט קיין אויפגעשטעלטן קאָלנער — נאָר אין אַ פראַק, און... נאָך אַנדערע (לאָמיר האָפן) פּיקאַנטע זאַכן.

# נייע אָנהענגער כון יידיש

אַז דאָס „לעבן” נעמט אַ פּען אין דער האַנט אַריין — איז עפּעס אַזוינס!

מיט מײַן היינטיקער פּאָסט האָב איך דערהאַלטן אַ בריוו פון אַ לעזער, וואָס וווינט אין ווירדזשיניאַ. ער גיט אָן זיין נאָמען, נאָר ער וויל נישט, מען זאָל אים פּובליקירן. די סיבות זענען גרינג צו פאַרשטיין. אויב די מעשה איז אמת, איז זי דאָס בעסטע שטיק פיקציע, וואָס דאָס לעבן אַליין האָט אויס-געטראַכט, און איך שלאָג פאָר, אַז מען זאָל דאָס „לעבן” אַריינגעמען פאַר אַ מיטגליד אין י. ל. פּרץ שרייבער-פאַריין. אויב די מעשה איז אַ ליגן, — שלאָג איך פאָר, אַז מען זאָל זעצ ש ר יי ב ע ר פון אָט-דער וווּנדערלעכע מעשה אַריינגעמען אין שרייבער-קלוב.

איך וועל די געשיכטע איבערדערציילן אויף אַ גרינגערן יידיש, ווי זי איז געשריבן. אָבער צולייגן וועל איך גאָרנישט. וואָט איך האָב געקויפט, דאָס פאַרקויף איך.

*

אַ קליין שטעטל אין דער „סאַאוטה”. געווען דאָרט עטלעכע יידישע פאַמיליעס, וואָס האָבן זיך דערנערט פון די דאָרטיקע יידישע פּרנסות: קרעמלעך, פּעדלערײַ, קליין-האַנדל, אַביסל בעל-מלאכות. קיין עשירות האָט מען נישט געמאַכט.

אָבער אַ שטיקל ברויט האָט מען געגעסן. בפרט אין די מלחמה־יאָרן, ווען רענדלעך האָבן זיך געשיט פולע זעק, האָט זיך צום ייד אויך אַמאָל פאַרוואַלגערט אַ . . . באַשפּיגן רענדל.

איז גאַנץ גוט. גוט. נישט־אַזוי־גוט. ערגער. שלעכט.

מיטן אויפקומען פונם „קו־קלוקס־קלען", האָבן די יידן דערפילט, אַז סע ווערט זיי ענג, צום ערשטן ביי די קעשענעס, דערנאָך אַרום דער שטוב, דערנאָך ביים האַלז.

לויט דעם באַקאַנטן גאַנג:

אומוויסנדיקע גוימלעך, וואָס זייער לעבן איז אַליין אויך זויער־און ביטער, טרייסטן זיך מיט דעם, וואָס ס'איז נאָך דאָ נידעריקערע פון זיי — נעגערס.

ווי דאָס געפיל, וואָס טרייבט דעם שפּלדיקסטן און אָרעמסטן צו האָבן קינדער — כדי צו האָבן וועמען צו פּאַטשן, ווען ער קומט אַהיים פון דער אַרבעט אַ. . . געפּאַטשטשטער, איבער וועמען צו זיין גרויס, ווען ער ווייסט, אַז ער איז אומעטום דער קלענסטער...

אין דער „סאָוטה" האָבן די שוואַרצע שטענדיק געדינט, ווי אַ „בופער־שטאַט", אויף די גרענעצן פון דער גוייש־יידישער שנאה.

דער נעגער האָט אַ לאַנגע צייט אָפּגעצויגן דעם אַנטי־סעמיטיזם. אָבער דער נאָך־מלחמהדיקער אָנקל־סעמיטיזם האָט געפּאָדערט אַביסל מער.

האָבן זיך באַוויזן די „קופּקופּקופּן", אינאיינעם מיט זייערע ברענענדיקע צלמים, האָבן זיי געבראַכט די ברענענדיקע שרעק. דאָס ציטערן פאַרן לעבן.

די פיבערדיקע אומרו האָט געברענט אויף די שוועלן פון יידישע שטיבער, אין דעם שטעטל „עקס", וואָס אין ווירדזשיניא...

די קלוקס־לייט האָבן גענומען ביסלעכווייז אויסראָטן די יידן, נישט נאָר די קליינהענדלער, און פּעדלער, נאָר אויך די עטלעכע יידישע בעלי־מלאכות פונם שטעטל האָבן איינגעפּאַקט די רענצלעך און זענען אַנטלאָפן.

און איין פאַל האָט מען אַפילו אַ יידישן צירונג-סוחר אַרויסגענומען אין וואַלד אַריין, זיך געגרייט אים צו באַשמירן מיט סמאָלע, נאָר אַזוי ווי די סמאָלע איז פאַרלוירן געוואָרן ערגעץ אויפן וועג, האָט מען דעם צירונג-הענדלער בלויז גוט אָנגעשלאָגן און מ'האָט אים געהייסן לויפן — וווהין די אויגן וועלן אים טראָגן.

ער איז געלאָפן, מ'האָט אים נאָכגעשאָסן, אָבער מען האָט נישט געטראָפן.

נאָך אָט-דער געשיכטע האָבן די לעצטע עטלעכע יידן נישט געוואַרט אויף קיין „כבוד" און — זענען אַליין אַוועק.

געבליבן איז בלויז איין ייד, וואָס האָט נישט געקאָנט און נישט געהאַט וווהין צו לויפן.

ער איז אין יענעם שטעטל אַריינגעקומען נאָך קליינערהייט איז דאָרט אריינגעוואַקסן טיף אין דער ערד... אָפּגעפּינסטערט דאָרט אַלע זיינע יאָרן, דאָרט חתונה געהאַט, אַ היים געבויעט, זיך איינגעפונדעוועט... אין שפּינוועבס.

זענען אָבער די „קו-קלוקסער" געוואָרן, וואָס אַ טאָג, אַלץ ערגער, אַלץ פאַרביסענער. דער טרייפּענער כח פון — כח האָט זיי די מיילער אויפגעריסן, די אויגן פאַרשטאָכן.

זענען געקומען צוויי שיינע לייט פונם „קלען" און געזאָגט:

— הער נאָר אויס, דו! אויב דו ווילסט בלייבן ביי אונז, קאָנסטו בלייבן, ווייל מיר קענען דיך פאַר א שטילן בירגער און פאַר אַן ערלעכן אַרבעטער, דו ביסט מיט אונז אינאיינעם געוואַקסן, קאָנסטו מיט אונז איניינעם בלייבן. נאָר דו מוזט ווערן איינער פון אונז: די מוזט זיך שמאַדן, אַז נישט גיבן מיר דיר אַ וואָך צייט, אָפּצורייניקן דאָס שטעטל פון דעם לעצטן יידן.

דער ייד האָט קיין אַנדער ברירה נישט געהאַט, האָט ער זיך געלאָזט באַשפּריצן מיט וואַסער, און ער איז דערפון געוואָרן... נישט ריינער און נישט אומריינער.

אָבער זיכערער מיטן לעבן און מיטן שטיקל ברויט איז ער געוואָרן.

און צו דעם איז ער נאָך אַליין מיט דער צייט געוואָרן אַ שטיקל פירער פונם קלען — פאַרט אַ „יידישער קאָפּ", אויב עסן חזיר, זאָל כאָטש רינען איבערן מויל.

אַז דער „לעצטער ייד" האָט זיך אַרויפגעאַרבעט אויף אַ הויכן ראַנג ביי דעם דאָרטיקן „קלען", און קיין יידן זענען סיי-ווי-סיי נישט געווען, האָט מען זיך געוואָלט נעמען צוריק צו די נעגערס, האָט דער געשמדטער פירער פון די קלען-לייט געזאָגט:

— ווי מעגן מיר זיי פיינט האָבן. פאַרפאָלגן, אַז זיי זענען דאָך אונזערע ברידער? זיי זענען דאָך קריסטן-גלייך מיט מיר...

דער „משומד" האָט שטענדיק גערעדט אינם נאָמען פון יעזוסן, און ווי שטענדיק, אַז אַ ייד ווערט אַ קריסט, איז ער געווען מער קריסט פון זיי אַלעמען...

און איצט קומט דאָס סאַמע וווּנדערלעכע פון דער געשיכטע, וואָס דער שרייבער גאַראַנטירט, אַז „זי איז הונדערט פּראָצענט אמת".

איינמאָל האָט דער משומד פאַרופן אַ פאַרזאַמלעניש פון אַלע „קו-קלוקן" און צו זיי געזאָגט אַזוי:

— ברידער! ווי איר ווייסט, ווערן מיר פאַרפאָלגט פון די יידן, זיי זענען אונזערע געפערלעכסטע שונאים. מיר שטייען זיי שטענדיק, ווי אַ ביין אין האַלז. די ענגלישע פּרעסע אין ניו-יאָרק, וואָס איז פאַרקויפט צו די יידן, דרוקט שטענדיק איבער די רייד פון אונזערע פירער, זאָגט אויס אונזערע סודות, אַזוי, אַז מיר זענען צוליב דעם שטענדיק, ווי אַרומגערינגלט מיט שפּיאָנען, דערפאַר לייג איך פאָר, אַז מיר זאָלן אָננעמען אַ געהיימע שפּראַך — דער עיקר פאַר אונזערע פירער, וועמעס ווערטער טאָרן נישט אַרויסגעטראָגן ווערן צו אונזערע ביטערע שונאים... איך וועל אַליין אויסאַרבעטן די פאַרשטעלטע שפּראַך, אַ מין סאָרט קו-קלוקס עספּעראַנטאָ, וואָס זאָל שפּעטער ווערן די אָנגענומענע שיפער-שפּראַך פון אַלע קלען-לייט.

אַלע זענען געווען צופרידן מיט דעם יידנס פאָרשלאַג.
דער „משומד" האָט זיך טאַקע באַלד גענומען צו דער אַרבעט: געעפנט ביי זיך אין שטוב אַ „חדר" צו לערנען די נייע שפּראַך...

אין אַ האַלב יאָר אַרום האָבן כמעט אַלע „בעסערע פירער" פון דעם דאָרטיקן קלען גערעדט... יידיש! געשריבן און אויך געלייענט די שריפט (געדרוקטע ביכער, אָדער צייטונגען האָט ער זיי, אפּנים, מורא געהאַט צו ווייזן, זיי זאָלן זיך נישט דערוויסן, אַז דאָס איז... יידיש.)

אין אַ יאָר אַרום איז דער „משומד" געשטאָרבן. איבערגעלאָזט אַ ווייב מיט צוויי קינדער, וועלכע האָבן באַלד נאָך זיין טויט פאַרלאָזן דאָס שיינע שטעטל און אַוועק ערגעץ צו קרובים אין אַרגענטינע...

*

דער שרייבער פון דעם בריוו פאַרזיכערט מיר מיט אַ שבועה, אַז מיט זעקס וואָכן צוריק איז ער אַליין געווען אין יענעם שטעטל, און נישט געקאָנט פאַרשטיין, וואָס דאָ האָט זיך פאַרלאָפן. ער האָט אויך געהערט, ווי אַן אַלטער קריסט (וואָס ער האָט אים גוט געקענט אַלס דעם אָנפירער פונם „קלען") האָט געזאָגט אויף אַ נישקשהדיקן יידיש צו אַן אַנדערן קלען־מאַן:

— דאָס מוז אַ ייד זיין. מען דאַרף נעמען קעגן אים מ י ט ל ס... (ער האָט געמיינט „מיטלען".)

דער שרייבער פון דעם בריוו פאַרזיכערט אויף זיין ערן־וואָרט, אַז ער האָט אַליין געהערט אפשר 15 קלען־לייט רעדן צווישן זיך אַ נישקשהדיקן יידיש, נישט קיין סך ערגער ווי אַ טייל יידישע קינדער, וואָס זענען דאָ־הי געבוירן. ער האָט אויך געזען „געהיימע אויפשריפטן" אויף אַ סך פּלעצער, וואָס האָבן זיך געלייענט:

„די יידן, אונזערע גרעסטע פיינט זענען... פאַרטיליגען צוזאַמען מיט די נעגערס..."

*

„די געשיכטע, אַז דער „לֿעצטער ייד" האָט זיי געלֿערנט יידיש, האָב איך מיך דערוווּסט", שרייבט דער דערציילֿער, „פֿון אַ דאָרטיקער שיקסע, מיט וועלֿכער איך בין געווען נאָענט באַקאַנט. זי האָט מיר דערציילֿט, אַז זי האָט אויך געלֿערנט די געהיימע שפּראַך, נאָר ס'איז געווען צו שווער איבערצונעמען. דאָס מערקווירדיקסטע איז, וואָס קיינער פֿון די דאָרטיקע גוים האָבן נישט דעם מינדסטן חשד, אַז דער געשטאָרבענער „משומד" האָט זיי אָפּגעטון אַ „שפּיצלֿ" און, אַז זייער שנאה צו יידן פֿירט זיי וואָס אַ טאָג נענטער צו... יידישקייט."

## די געשיכטע פון מיין טעאַטער אין די בערג

דער ווינטער איז געווען — אָך־אָך־אָך! ס'איז אָנגעקומען דער פרי־פרילינג. איך פּאַק ס'געפּעק, שלעפּ דאָס ביסל יצחק־טום אַהער אויף די בערג די הויכע, צוריק צום אָפּגעמעקטן פאַראַיאָרן, שוועסטער מיינע, אַלע מיינע!

מיין פרוי און קינד זענען פריער אַרויסגעפאָרן אַהער. איך האָב מיר געמאַכט אַ פאָרשטעלונג אין שטאָט, כדי איבערצוהיפּן דאָס גאָרנישט טון, וואָס האָט מיר די נערוון אויפגעגעסן. האָב איך אין אַ בלעכגאָלדענעם טראָמייטער אַרייַנגעבלאָזן מיין אָטעם, און אויף יענער זייט... ווּ מען האָט נישט געזען ס'אָנגעבלאָזענע מויל און די פאַרנעצטע אויגן, האָט מען געהערט אַ זמירותל. און מיין שם איז, קיין עין־הרע נישט, געוואַקסן, און איך האָב, קיין עין־הרע נישט, גענומען מיין דעליקאַט אומעטל אונטערן אָרעם, און מיר האָבן זיך איידל פאַרנייגט פאַר אַלע, וואָס האָבן אונז אָנגעטון דאָס כבוד־יאַקל — דאָס צוואַנג־יאַקל פאַר אַלע געפאַנגענע (אין דער נאַכט נישט־געבוירנשאַפט), וואָס בעטן זיך, מען זאָל אויף זיי אָנטון ס'לעבן!

— אַהאַ. ס'איז פרילינג. — ס'איז פאַראַיאָרן. פויגעלעך, פויגעלעך, גיט מיר אַ זינג־אויף! ערד, ערד, גיב דיך אַ צעטו מיט דיין גרין־ליכטיקער טרייסט. דאָס האַרץ אין מיר — נאָר דאָס איז נישט פאַר אייך צו וויסן!

קום איך גרויס אויפן לאַנד אין יוני. מוטשען זיך שוין

די וואַסערדיק-רויטע יוני-רויזן, דאָרטן אונטן אין מיין גאָרטן. בענקען שוין די קעסטלדיק געפאַרבטע ווענט פון מיין דרויסן, איך זאָל זיי אַנטקעגן טראָגן מיין פאָליטורט ביסל בענקשאַפט...

דער רויטער הונט, די ווייסע קאַץ, די ליידיקע שאָלעכץ פון אַ שלאַנג, די פאַרמעטענע פלעדערמויז-פליגלען, וואָס איך האָב צוגעקלאַפּט צו מיין שטאַל-טיר פאַר אַ סגולה צו... (איך געדענק שוין נישט וואָס?) זענען נישטאָ. די ליילעכער און האַנטיכער און קאָלדרעס אויך נישט. גנבים האָבן זיך דערבאַרעמט אויף די פאַרזשאַווערטע פרומע שלעסער פון מיין לאַנד-הויז, און זיי — פאַרגוואַלטיקט, אויפגעריסן.

כ'האָב געטראָפן די שלעסער אויף דער ערד, מיט הענט-לעך איבער די קעפּ, ווי שלאָפנדיקע, אָנגעזעטיקטע.

האָב איך מיך באַדאַרפט דערמאָנען, וואָס איך האָב פאַרמאָגט, כדי צו וויסן, מיט וואָס אַזוינס איך בין אָרעמער געוואָרן. האָב איך מיך נישט געקאָנט דערמאָנען. אויפן מיד-לעכן זכרון האָט בלויז אויפגעטויכט אַן אַלטער סאַמאָוואַר און אַ ברייטער שניפּס מיט רוק-בענדלעך פון אונטן.

פון יאָר 96׳.

די פרוי מיינע זאָגט:

די גנבים האָבן אונז אַלע בדלות געשטעלט. וואָס וועלן מיר טון?

איך געניץ מיך אויס און גיי אַרום אין שטוב, קוק אויף דעם ביסל קונסטיזם, וואָס איז צעפאַרבט אויף לייוונט. און — דורכן פענסטער צו די בערג אַריבער, און איבער די בערג צו מיין שטעטל אַריבער און איבער מיין שטעטל...

פעלט מיר שוין נישט קיין ציכן און טישטעכער און ליילעכער און האַנטיכער, נאָר עפּעס מער!

און די חוב-צעטלעך, האַ? מיט די חוב-צעטלעך איז טאַקע שלעכט! דאָס פלאָמבערל אונזערס האָט דעם געשטאַנק פון מענטשלעכקייט פאַרבעטן אויף אַ זייט, איז ער דערפאַר אַ גרויסער מיוחס, און ער וויל געלט. דער דאַך-לעגער האַלט זיך, אַז דאָס וואָס ער האָט זיך געשטאַרקט און איז נישט

אַראָפּגעפֿאַלן פֿון דאַך, האָט ער עס געטון בלויז צוליב געלט, האָט ער דאָך געקאָנט אַראָפּפֿאַלן... וואָס קאָן מען דערויף ענטפֿערן?

די פֿרוי מיינע פּרעגלט רויזן און זיפֿצט:

— די גנבים האָבן אונז אומגליקלעך געמאַכט...

— וויאַזוי, זאָג איך. האָבן זיי אונז אומגליקלעך געמאַכט, אַז ערשטנס, קאָן איך מיך נישט דערמאָנען? און צווייטנס, זאָג איך, וואָס הייסט? אָט שיינט דאָך. אַריין ס'גליק דורכן קוימען!

צו מיין יובילעאום האָט מען מיר געגעבן אַ ליולקע, איז זי אַנדערטהאַלבן מאָל די לענג און ציט נישט. וואַרף איך אַריין אַ זעקל טאַבאַק אין דער פּאָרצעלאַיענער שאָל פֿון יענער ליולקע און איך זעץ מיך אַרויס פֿאַר דער שוועל, און — איך וואַרט, אַז עמעצער זאָל זען, ווי איך רויכער אַזאַ גוואַלטיקע ליולקע.

אָבער קיינער קומט נישט. אַ הון אַ קעלבל און צוויי פֿייגעלעך.

טראַכט איך: ליטעראַטור. דור—בא, בו—בו—בו! דור־דור־דור! אָבער קיין טינט איז נישטאָ אין שטוב. פֿאַרשניצן אַ נייע בלייפֿעדער פֿויל איך מיך, לייג איך אָפּ אויף מאָרגן. איבער־מאָרגן. אפֿשר וועט עמעצער קומען און מיר פֿאַרשניצן אַ בלייפֿעדער...

סע רעגנט.

קיינער קומט נישט. מ'דאַרף נאָך נישט קומען. דער קאַלענדאַר האָט נאָך נישט קיין זעץ געטון אין הינטן.

און קאָטלערס פֿינעף־יידן טאַנצן נאָך אַלץ אויף דער וואַנט פֿון מיין עס־צימער. אַ פֿעט פֿעלד־חיהלע קומט, ביז צו דער טיר געווויר ווערן, וואָס ס'הערט זיך ביי אונז.

איך וואָרן עס מיט אַ פֿינגער, עס זאָל אַוועקגיין. עס פֿאַרשטייט מיך נישט. איך שרייב עס אויף (מיט אַ שטיקל קרייד אויף אַ ברעטל) און וואַרף עס אים אין קאָפּ אַריין.

פֿאַרשטייט עס גלייך, וואָס איך מיין און — עס גייט אַזוי: דער כח פֿון מיין טאַלאַנט איבערצוגעבן זאַכן אַזוי קלאָר!...

דערווייל קינדלען די טעג מיט נעכט און — פֿאַרקערט. אין מח שלאָפֿן הויקערס פֿון קעמלען, אין האַרץ דרעמלען אונטערגעגאַנגענע שיפֿן.

קויף איך מיר אַ נייע (גרינע) שווים-קאַפּע און ליג אויפֿן טייך, מיטן פּנים צו גאָט-ברוך-הוא און אין אַפּטייק וועג איך מיך אָפּ יעדן טאָג, און פֿון די סאַנדאַלן מיינע האָב איך אָפּגעשניטן שטיקלעך, עס זאָלן זיך אַרויסזען די פֿיס-פֿינגער און איך גיי אַרום, ווי אַ לאַנגער גרעק. פֿינסטער איז דאָס לעבן מיינס!

און די נעכט זענען פֿון אייזן, אַז זיי האַלטן מיך אויס! און די טעג זענען פֿון שאָלעכץ, אַז איך טראָג זיי אַריבער!

מאַך איך גימנאַסטיקע. צי מיך און ברעך מיך, און אין מיטן דרייען ווער איך אַנטשלאָפֿן, מיט איין פֿוס אין דער לופֿטן.

תּכלית, תּכלית, באַווייז זיך!

ער באַווייזט זיך: — טע, טע, טעט-ע.. טעאַ—טעאַטער... גרינג אויסצוגעניצן...

פֿאַרקאַטשע איך אַן אויג, באַקוק דעם דאַך פֿון מיין שטאַל, צי די „שטערן" וועלן זיך ווייזן פֿון „דרויסן". צי פֿון אינעווייניק...

מ'דאַרף, הייסט דאָס, דעקן דעם דאַך! און מאַכן פֿון שטאַל אַ טעאַטער... אַ פּאַראַדאָקסאַלער צו-להכעיס אַלע יענע, וואָס מאַכן פֿון טעאַטערס — שטאַלן.

אָבער דער פּוסבאָדן איז אַ שלעכטער — דאַרף מען איבערבויען.

אונטער די פֿיס דאַרף זיך פֿילן, הייסט דאָס, אַ גלאַטקייט — מיטן עולמס קאָפּ וועט מען שוין דורכקומען. אַבי די פֿיס זאָלן זיך נישט פֿילן אָפּגענאַרט!

הויבט מען אָן שלעפּן ברעטער, פֿירן פּאָרן. עס גייען אויף מיר זעכציק וועלדער אין די הוילע העמדלעך...

און איך ווער אַ – בויער. איך בויע.

ביז איצט, זאָגט די קריטיק, האָב איך בלויז צעשטערט. פון איצט אָן אָבער...

און איך שלאָג טשוועקעס – און כאַפּ אַוועק די פינגער, און ס'העמערל פאַרלירט סוף-כל-סוף דעם קאָפּ און איך בלייב מיט אַ האַלבן אין דער האַנט.

דערווייל בויעט זיך.

איך ווער אַן אַרכיטעקט און פּלאַנעווע אויפן אַרבל, און באַשטעל (אויף אויסנווייניק!) אַ מאַסע פענסטער מיט טירן, וואָס ווען איך האָב אַ זעקס-זיבן געביידעס, וואָלט איך אפשר געהאַט, ווו זיי אַריינצושטעלן...

צום סוף גיי איך אַוועק און וועג זיך אָפּ און קויף אַ גראגער און דערקלער, אַז דאָס טעאַטער איז פאַרטיק.

און קאָטלער מאָלט און מאוד מאָלט און אַראָנסאָן מאָלט און שקאָלניק שפּילט, אונגערמאַן שפּילט און בלאָך שפּילט און ליאַשאַ שפּילט, און שרה שפּילט, און בודא שפּילט, און בליי-פער שפּילט, און יוליוס אַדלער שפּילט, און גרינבערג שפּילט, און דובינסקי שפּילט, און – דער טומל איז איבער אונז.

און שיטערלעך און געדיכט ציט זיך דאָס מענטש-וואַרג אַהער-צו און רחמנותדיק פלאַטערט דער אָפּגעריסענער אַרבל פון דער געוואַנט-פיגור אויף דער טיר פון מיין שפּיל-קאַמער, און פויגל מיידן אויס דעם נייעם דאַך און די פאַרטריבענע בהמות קוקן מיט אָפּשיי און טרויער אויף דעם נייעם פּוסבאָדן פון זייער געוועזענער שטאַל און האָבן נישט דעם מוט אַריינ-צוקומען און צו טון זייער באַדערפעניש. און אַראָנסאָן, וואָס טראָגט אַ ווייס (אמתדיק) פאַרטוכל פאַר אַ באָרד, פאַרטראַכט זיך אָפּט איבער דער קליינינקייט, וואָס הייסט לעבן... און איך מאַך פראַלאָגן און דעקלאַמיר זיי, ווי אַ שלעכטער שוישפּילער:

ס'איז ליכטיק, ווייל סע פלאַקערט אַ ברענענדע האַנט
און ריטמיש, עס שלאָגט זיך אַ קאָפּ אָן דער וואַנט.
צו וואָס נאָך אַ מאַסקע? דאָס פּנים אַליין
פאַרשטעלט שוין גענוג, עס קאָן בעסער נישט זיין.

טעאַטער און לעבן ? ווער ווייסט, וואָס דאָס איז.
נאָר איין זאַך איך, פּראָלאָג, ווייס אויף געוויס :
קיין שיף איז נישט הויך, אַזוי ווי איר פּאָן,
און אַלדינג איז גוט, וואָס סע-הויבט זיך ערשט אָן !

און די מאַריאָנעטלעך אונזערע רעדן אויף יידיש — ווי שיין דאָס איז ! ווי פּורימדיק... ווי טעאַטראַליש !

דערמאָן איך מיך, אַז איך בין אַ „דירעקטאָר מיט אַ טרופּע" — קיין קלייניקייט נישט ! דאַרף מען געבן דעם עולם זיינס. שרייב איך קופּלעטן, וועגן קינסטלער נעבעך, וואָס מוזן שרייבן פאַרן מאַרק, און סע ענדיקט זיך מיט דעם נאַריש-טרויעריקן צושפּיל :

אוי דר'מאַרק וויל עס...
(נאָכאַמאָל דאָסזעלבע.)
דר'מאַרק האָט די גאַנצע דעה,
ווייל דער מאַרק האָט די מטבע...
אוי, דר'מארק וויל עס !...

און בייננאַכט, ווען די לבנה קריכט אַרויס פון איר שטאַל און גייט עפּעס טון הינטערן טעאַטער, הענג איך אויף אויפן פענסטער די סך הכל צוויי אויגן, וואָס איך האָב, און איך זע דורות... און איך זע דעם לעקיש, דעם געשיכט-שרייבער, וואָס קראַצט זיך מיט אַ פענזל הינטערן אויער, און ווייסט נישט וווהין מיך אַריינצושטעלן. און איך זע פרעמדע מענטשן, וואָס לעבן און קייען ראָזשינקעס און איך זע, איך זע...
אויסטרומייטערונג :
יבא, זאָל שוין אַמאָל אויף אונז קומען דאָס ביסל אויס-לייזונג, אמן.

# פון קאָנצערט

איך האָב אַ באַפעל געטון צו די אויערן מיינע, זיי זאָלן זיך נעמען לערנען. „פאַרשטייט איר, קינדערלעך, וואָס מען רעדט צו אייך? (האָב איך געזאָגט צו מיינע אויערן) קוקט נישט צו מיר, איך וועל אייך גאָרנישט זאָגן. איר מוזט אַליין באַנעמען אָדער — קראַפירן".

די אויערן זענען רויט געוואָרן, גענומען עפעס שטאַמלען. (איך האָב זייער ליב, אַז אויערן הויבן אָן שטאַמלען!) זיך פאַרענטפערט, אַז ס'איז נישט זייער שולד, וואָס מ'האָט זיי נישט געשיקט אין שקאָלע אַריין. איך האָב אָבער נישט געוואָלט אַפילו צוהערן, וואָס זיי זאָגן. וואָס קאָנען מיר אויערן זאָגן, האַ?

*

איך האָב נישט ליב קיין כלי-זמר — קיין מאַנסביל. שפילן און טאַנצן זענען עפעס נישט קיין מאַנסבילשע זאַכן. עס האָט אין זיך עפעס אַזוינס, וואָס איז אַזוי נאָענט באַהעפט מיטן כאַראַקטער פון דער פרוי: דאָס געפיל צו וועלן זיך אויסשטעלן פאַר מענטשן, צו וועלן פ י ז י ש געזען און געהערט ווערן — פון פרעמדע מענטשן.

אַז איך זע, ווען אַ יונג ווי אַ בריטאַן, מיט 2 געזונטע,

הויכע פּיס, גיט אַ לייג אַוועק ס׳טאַשנטיכל אויפֿן לינקן אַקסל, גיט אַ פֿאַרקאַטשע דאָס פֿלייצעלע, און אַ כאַפּ ס׳פּיצל פֿידעלע און נעמט עס וואַרגן ביים העלדזל, און דישען מיטן סמיק, און נעמט אָנשאָבן אַביסל מוזיק, ווי מ׳שאָבט אָן אַ מייער, האָב איך חשק ביי אים אויסצוכאַפּן ס׳אינסטרומענטל, אים דערלאַנגען דערמיט אַ זעץ איבערן קאָפּ, און אים זאָגן:

— יונגערמאַן, מוטשעט אייערס גלייכן, נישט ס׳פֿידעלע! און אויב איר מוזט שוין מוטשען ס׳פֿידעלע, כאַפּט אייך דער שוואַרצער יאָר, נאָר טוט עס שטילערהייט — קיינער זאָל נישט הערן. שעמט אייך (האָב איך חשק צו זאָגן) אין אייער ווייטן האַלדז אַריין: אַ געזונטער מענטש מיט צוויי הענט און צוויי פּיס, שטעלט זיך אַוועק קיצלען און טאַפּן אַן אומשולדיק פֿידעלע ביים בויך. גייט אַ־בעטן צום גוטן יאָר.

*

און אַז איך זע, ווי אַ מאַנסביל טאַנצט סאָלאָ, אָדער קונצנטענץ מיט אַנדערע, און שטעלט־אויס זיין קערפּער, האָב איך דאָס סיאַרקזע געפֿיל פֿון עפּעס אַ מיאוסן אַבנאָרם, פֿון אַ טאַנצנדיקער דעגענעראַציע: דער מאַן, „די קרוין דער וועלט" (רייזען), דער לייב מיט אַ באָרד, שטעלט אויס די טאַליע, די ליטקעס, און באַווייזט, אַז ער קאָן מאַכן לופֿט־בייגל, שווימען אויף דער טרוקעניש, זיין גראַציש, ס׳איז אַזוי... איבערגעקערט פּערווערז, ווי אַ שטייגער אַן אַראָפּפּאַלער זאָל רופֿן דעם גרונט צו זיך. (מ׳קאָן פֿאַרשטיין, פֿאַרוואָס דער גרוב זאָל רופֿן צו זיך דעם פֿוס, זאָל אים וועלן צוציען, אָבער — דאָס פֿאַרקערטע איז... אומנאַטירלעך!

טאַנצן — יאָ. אָבער אינאיינעם, מיט אַלעמען, אָדער טאַנצן פֿאַר זיך אַליין — קעגן דער לבנה, קעגן אַ אָנקומענדיקן זייגער־זיבן, קעגן די נעפּל־פֿלאַכעס אויף זומער־פֿעלדער.

אָבער טאַנצן, שפּילן טעאַטער, זיך כ׳אייגענע פּנים אויסטון און זיך אָנטון אַן אַנדערם — דאָס איז פֿאַר ווייב: די, וועלכע

ס׳איז געגעבן געוואָרן דורות אַרויסצורופֿן פֿון זייער געבערמוטער — מוזן אויסשטעלן דאָס שענסטע, דאָס פֿאַלשסטע. וואָרן די, וואָס האָבן גאָרנישט צו פֿאַרקויפֿן, מוזן עס פֿאַרקויפֿן מיט שיינע שאַכטלען.

*

מוזיק? — יעדער מענטש טראָגט עס אין זיך. דער דופק איז מוזיק. ריטם. איר אָטעמט ריטם, צום גוטן יאָר, און איר ווייסט נישט דערפֿון. איר כראָפּעט דיכטונג, און אירווישט אָפּ ס׳מויל און זאָגט קיינעם נישט אויס.

אַלצדינג, וואָס לעבט, (גענוצט דער פֿילאָזאָף און זאָגט) האָט אין זיך — אַפֿילו דער טויט איז בלויז אַ שטיין־געבליבענער ריטם. אַ פּאַוזע, וואָס שטרייכט אונטער דאָס געריר פֿון צייט־אָן־צייט, דער צוגויפֿקייטל פֿון רעדן מיט שווייגן.

וואָס דערפֿרייט אונז אין דער מוזיק? אין דער „צעפֿאַרפֿלונג פֿון די לאַנגע צייט־לאָקשן?" עס דערפֿרייט אונז נישט דער קלאַנג אַליין, דער אויער־און נערוון־קיצל, נאָר דאָס איינטיילן דעם קלאָץ די צייט אין פּאַסענדיקע קליינינקייטן. עס איז די הנאה פֿון אָנכאַפּן דעם שטראָם ביים עק! דורך מוזיק און ריטם בייטן מיר איבער דאָס אומענדלעכע אויף עפּעס, וואָס ענדיקט זיך פֿאַר אונזערע אויגן. דער ים שרעקט איבער, אָבער אַ גלאָז וואַסער גליצערט פֿאַרן אויג, שאַפֿט אים תענוג, אַ הויכער פֿעלזנשפּיץ וואַרפֿט אָן אַן אימה, אָבער אַ שטיינדל פֿון זעלבן שפּיץ באַרג האָבן מיר ליב צו זען, זיך צו שפּילן דערמיט.

די הנאה, וואָס מיר האָבן פֿון מוזיק קומט דער עיקר פֿון אונזער שרעק איבערן לעבן, איבער דעם געפֿערלעכן שפּרונג, וואָס שטייט אונז פֿאָר... ס׳איז אויך די הנאה פֿון אָפּגנבענען אַביסל שכל, פֿון דעם שכל־רויבער אַליין — פֿון דער אומענדלעכער פּאַרועניש און קאָלאָסאַליטעט, וואָס הייסט „צייט".

*

גאַבריִלאָוויטש שפּילט מיט רחמנות. דאָס וואָס אַנדערע פּועלן ביי דער פּיאַנאָ מיט בייזן, פּועלט ער מיט גוטן. ער איז ווייניקער אַנטיסעמיט, ווי פּאַדערעווסקי, ווינציקער „שלעגער" ווי ראַכמאַנינאָוו, ווייניקער טובה-טוער ווי דע-פּאַכמאַן. אָבער ער פירט אויס בעסער פון זיי אַלעמען. אַנדערע פּיאַניסטן באַהאַנדלען די פּיאַנא, ווי אַ ווייב, אָדער ווי אַ געליבטע.

גאַבריִלאָוויטש שפּילט, ווי ער וואָלט געהאַט די צייט אין אַ קליינעם וועסטלקעשענקעלע. עס זיצט אַ שוואַרצע וואָראָנע אויף אַ בענקל-בוים — שטיל, שטייפלעך, זי וואַרט אויף אַ שמורם, וואָס דאַרף קומען מיט פּאָסט, זייגער 9. גאַבריִלאָוויטש זיצט שטיל, ס'פּליכל א'ז פון אויבן, ווי אַן אָנזאָג, אַז ער'ט קיינמאָל נישט זינקען צום אָפּגרונט. די הענט — ווי קראָענפּיס, מיט ווייסע רינגלעך, אַרום די געלענקן, אַרבעטן שטיל, געמיטלעך, טאַנצן אַ פאַרשלאָפענעם טאַנץ, אַ ריטואַל צום גאָט פון „לאָזגעמאַך", און „סעברענטנישט".

*

פאַרבן, פאַרבן, אויסשטראַלונגען. אַ הילצערנע שווערד, מיט אַ ברענענדיקן שפּיץ. אַ קאַרוסעלע מיט שטיל-ברענענדיקע פאָנען. אַ שיף פון רויט-שבתדיקע קאַטאָוועסן ליגט פּ ל אַ ך אויפן וואַסער, זעגלט ליגנדיקערהייט אין הימל אַריין, רירט, פאַרשווינדט, באַווייזט זיך, פאַרשווינדט. אַ ליכט גייט אויס אויפן וואַסער, אַ וואַסער גייט אויס אונטער אַ זון, אַ זון גייט אויס פון געבאָד צו איר אייגענעם אויסגיין.

*

די שוואַרצע קראָ, אויף אַ פיען פון אַ בוים, אויף אַ פעלד פון שוואַרצן פאָליטור. אירע נעגל גלאַנצן ווייס, שטילער

האָניק טריפט פון זיי. אַ שלאָג אַ ביינדל, און דער קלאַנג טראַכט אפשר פיר מאָל איבער, איידער ער קומט אַרויס, אַז ער קומט אַרויס באַגעגנט ער עלטערע ברידער, וואָס מען האָט זיי שוין לאַנג אָפּגעזאָגט, אַז מ׳וועט זיי דאַרפן. זיי לעבן נאָך נישט, אָבער זיי טומלען זיך שוין. דער אינסטרומענט אַליין איז פול מיט אַזאַ צירלעכן, שוואַרצלעכן שווייגן, וואָס מוזיק איז אַ הונט קעגן דעם.

גאַבריילאָוויטש שפּילט. די צייט פאַלט אַראָפּ פון אונזערע פּלייצעס, פאַלט אויף אים. ער וואַרפט זי אויף די פּיאַנאָ-ציין, וואָס צעקייען אַלצדינג ביז דאָס לעצט-לעצטע, ביז דעם אָפּשיין פון אַ שפּיגל, אין וועלכן דער טרויער און די פאַרלוירנקייט און דאָס האַרץ-געצרויש האָבן אַמאָל אַן אָטעם-פלעק איבערגעלאָזט.

וויוואַט, זיג! אונזער שונא, דאָס שווייגן, איז אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן. געפאַנגען אין פלען. איצט האָבן מיר עס — דאָס גאַנצע שווערע האַרצבּרעכנדיקע שווייגן איז אין אונזערע הענט. צי, קעניג דאָרטן! שיסן, צי הענגען?

ביידע זאַכן זענען אַ שאָד. דער שונא ווייַנט. שווערט, אַז ער וועט שוין מער נישט. לאָז די קלאַנג-וואָפן אָוועקלייגן און שליסן פרידן — צווישן וואָרט און שווייגן, צווישן טריט און פּיס, צווישן אויגן און זאַכן.

*

איך האָב אויך געזען אונזער אייגענעם חבר שייפּער מיט זיין כּישוף-שטעקעלע: אָן אַ שייטל עברי, אָבער מיט אַ שייטל... פּייער! אַ כּהן-גדול אין „אָווערצלס" — אַ פאַקיר, וואָס נעמט אַרויס פון קעשענע — אַפילו דאָס, וואָס מען האָט נישט.

שייפּער בעט זיך מיט זיין פאַרכליפּעט-לאַכנדיק מויל:

„אַנו!" די פּינגער ציען עפּעס פון דער לופט — העקלען לופט-לייטערס, וועבן לופט-תּליות... קרייציקן דאָס

נישט-קאָנען, דאָס נישט-וועלן — הייסן אים שלעפּן דעם צלם.

כ'האָב אויך אונזער ווײַנערן געזען מיטן שטעקעלע אין זײַן האַנט, גראַציעז, ווי אַ פּרימאַדאָן, איידל, פֿײַן. ער זשעסטיקולירט און קרימט-נאָך, שטעלט-אָפּ איגמיטן דרינען, און מאַכט „בלע", ווי איינער רעדט: „פֿע, איר האָט עפּעס אָפּגעטון, שעמט אײַך!" מען פֿאַרשעמט זיך, מען פּרוווט אויפּסניי. ווײַנער לייגט אײַך צלײַן אַרײַן עפּעס אין קעשענע, כדי ער זאָל עס קאָנען דערנאָך (מיט גרויס מי) צוריק אַרויסלקחענען. ער דערקלערט און ווירקט! ער צעטיילט גאָבן... אַמאָל אויך ברייטהאַרציקע מתּנות. די מתּנות זענען כּמעט אַלע אויף אַ שטריקל. גיט ער אַ צי — קומען זיי צוריק. איר ווייסט אַפילו נישט, צי איר האָט זיי שוין אָפּגעגעבן.

ווײַנער שטייט אומרויק, מיט אַ צעשויבערטן קאָפּ, צעבלישטשעטע ברילן, דאָס דיריזשיר-שטעקעלע אין האַנט. נישט ווי אַ יידיש טייטל, נאָר ווי אַ פּעכט-שווערד. ער דועלירט מיט די תּלמידים, „שטעכט" אין זיי אַרײַן תּורה און קענטעניש. ער באַפעלט נישט די ווײַנטרויבן, נאָר ער פּרעסט זיי.

פֿאַרקערט ווידער, שייפֿער שרייבט אַריבער דעם ווײַנגאָרטן אַ פּאָסט-קאַרטל: „גאָרטן, גאָרטן, זײַ אַזוי גוט און קוועטש דיך אויס!" און — דער גאָרטן פֿאָלגט, און דער ווײַן רינט איבערן דיל, ווי פֿון געפּלאַצטע פֿעסער.

ווײַנער זאָגט האַרטלעך, פּראָפּעסאָריש: „איר וועט זײַן אַזוי גוט און אָנהויבן נאָכצאָמאָל". ווי איינער רעדט: אַנו, פּרוווט און זײַט נישט אַזוי גוט, וועט אַ רוח אין אײַער —

שייפֿער זאָגט: „איך בעט אײַך, זײַט אַזויפֿיל גוט און פֿליז הויבט אָן נאָכאַמאָל", — ווי איינער רעדט, אויב איר וועט נישט זײַן אַזויפֿיל גוט, וועל איך מיך צעוויינען.

ביידע באַווייזן וווּנדע — נאָר ביי איינעם איז דאָס דער

ווּנדער פֿון רויען פֿייער, ביים אַנדערן — פֿון פֿיינער פֿייער־לעכקייט.

(אָ, ווען איך זאָל טאַקע אויף אַן אמת פֿאַרשטיין מוזיק, וואָלט איך מיר געקויפֿט אַ האַרמאָניקל און אויסגעשפּילט דעם היינטיקן אַרטיקל פֿאַר זיך צליין, אַנשטאָט אייך צו באַלעסטיקן מיט איך־ווייס־דאָרטן־וואָס!)

## ס׳איז פלוידער־צייט אין קאַפע

ס׳איז פלוידער-צייט אינם קאַפע...

קאַלעגן דערציילן זיך פאַך-מעשהלעך, פּיקאַנטערייען. וועמענס ליפּן? מאַאיסייעווס. אַמאָל געווען אַ ליטעראַט און אַ בריקנבויער. געווען רעדאַקטאָר פון אַ זשורנאַל, וואָס האָט צוגעלייגט אַ שייטל האָלץ צום פייער. היינט? אַ באַקוועמער, צוריקגעצויגענער, פון דעם שיין-שפּיל פאַרפרעמדט. ערנסט געוואָרן. אומפּראַקטיש. שפּילט מיט אמתע ציפער. פאַרוואָרפט בריקן פון דער אילוזיע צו דער פּראַקטישקייט. זאַמלט יע״ע בלאָנדלעכע אוצרות, וואָס פאַרגייען מיטן מענטש, אנשטאט די אוצרות, וואָס מ׳שפּינט פון אַלטע שבתצונאַכטסן... און וואָס לעבן קיינמאָל נישט. און שטאַרבן קיינמאָל נישט.

זיינע ליפּן זענען נאָך אַלץ — כריסטוסדיק. זיין פּנים אויך. זיין באָרד אויך. זיינע בלאנדע הענט רירן זיך ריטמיש — ווי פּיינע, מידע פיקסלעך. זיין אויג האָט אַ ווינקל-פּינטעלע, אַ באַהעלטעניש פאַר אָפּלאַכנדיקע איבער-געדאַנקען, אַ קליין ביסל טול — פאַר אונזערע קעץ, וואָס פליען איבער דעכער.

— נו? און ווי גייט עס אייך, קאָלעגא? זיך גאָר-נישט פאַרענדערט, כ׳לעבן! ווי קומט עס?

„סע קומט”, ענטפערט מ., און אַ שמייכל גייט איבער זיינע שיינע ציין, ווי אַ טאָן איבער דיביינדלעך פון אַ פּיאַנא, „עס קומט דאפון, וואָס איך פיר אַ נאַטירלעך לעבן.”

ער שניידט איבער זיין לעקאַכדיקן זאַץ מיט אַ פּאָדעם שווייגן און זאָגט:

— איר געדענקט דאָך אַלע דעם אַלטן דאָקטאָר יאַקאָבי? געווען אַ באַרימטער מומחה אויף קינדער־קראַנקהייטן. א גרויסער פּראָפעסאָר געווען און אַ הויכע עלטער דערגרייכט. פרעג איך אים אַמאָל: „דאָקטאָר, זאָגט מיר אויך אויס דעם סוד, פאַר־וואָס איר האַלט זיך אַזוי קרעפטיק און יונג?" טוט ער אַ שמייכל און ער ענטפערט: „סע קומט פון פירן אַ נאַטירלעך לעבן: איך לייג זיך שפעט, נעם פון צייט צו צייט אַביסל בראָנפן, אָדער אַ גלאָז ווייַן, שפּיל אַביסל אין קאָרטן, עס אַלצדינג, וואָס איך האָב ליב, פאַרברענג אין לוסטיקער געזעל־שאַפט, גיי זעלטן אַרויס אויף דער פרישער לופט — מיט איין וואָרט: איך לעב, ווי עס איז נאַטירלעך פאַר אַ נאַטירלעכן מענטשן צו לעבן".

*

די פלוידער־מיל דרייט זיך. די מיל־פליגלען נעמען אויף זיך אַרויף דעם בלישטש פון אונזער אַלעמענס אונטערגייענדיקע זונען. די דעמערניש — איז ווי אַ קרוינלייכטער איבער אונז.

אַ קאָלעגא (אַ קריטיקער) דערמאָנט זיך אינם „אַמאָל", ווערט מעלאַנכאָליש, זיפצט פון זיך אַרויס אַ פּאָר גרינגע קלוגהייטן. סע פאַרגייט מיט דער גאַרע פון דער קאַווע, מיטן צוקער אין גלאָז טיי, מיט — —

„איר געדענקט", זאָגט ער, „ר' מרדכעלען", אַ פאַבל־דיכטער געווען, אַ פעליעטאָניסט, אַן אינטעליגענט. געהאַט אַ גרויסע ערודיציע — אַ ביכער־מויז געווען. און געהאַט אַזוינע אויסטערלישע איינפאַלן! מיטלען צו ראַטעווען אַלע רעגירונגען פון זייערע געלט־נויטן. פלעגן אים קאָלעגן פון צייט צו צייט קויפן אַ נייעם סורדוט, אים אויספוצן, אים אַוועקשיקן מיט זיינע פּלאַנען קיין פּעטערבורג, קיין ווין, קיין בערלין, און „ר' מרדכעלע" (זיין אמתער נאָמען איז געווען „טשעמערינסקי")

פלעגט צוריקקומען מיט... אַן אָפּגעטראָגענעם סורדוט, אויסגע־טרעטקעטע אַמביציעס.

נישט דער רוסישער, נישט דער דייטשער, נישט אַפילו דער גאַליציאַנער קייסער האָבן זיך געוואָלט צוהערן צו זיינע פּלאַנען.

אַזוינע אַנטיסעמיטן!

געווען איז דער „ר׳ מרדכעלע״ אַ פאַרשרפעטער טערי־טאָריאַליסט. געהאַלטן, אַז אונזער אמת משיח-פערדל וועט זיין איינגעשפּאַנט אין אַ „טעריטאָוריקער געלעגנהייט״.

טרעפט זיך, אַז „ר׳ מרדכעלע״ האָט קיין פּרנסה נישט, פאַרדינט ער זיך צום דעמאָלסטיקן „פריינט״, אַ צייטונג וואָס האַלט, אַז קיין ערגערער סם איז נישטאָ פאַר די יידן ווי... אַ טעריטאָריע.

אַזוי האַלט דער רעדאַקטאָר פון „פריינט״.

ר׳ מרדכעלע, ווידער, גיט זיך אַ צעלאָז נאַשפּיץ אויף אַ רייטוואָגן פון גאָלדענע אַרגומענטלעך.

פּאַטשט מען זיך אָן איינער דעם אַנדערן אין דער דלאָניע, מ׳טרינקט „מאָהאָריטש״, און סע ווערט אָפּגעמאַכט: „ר׳ מרדכעלע וועט טון בלויז נייטראַלע צייטונג-אַרבעט. ער וועט איבערזעצן וויקטאָר הוגאָס „דער גבור אין קייטן״ אויף יידיש.

אָפּגעמאַכט איז אָפּגעמאַכט.

„ר׳ מרדכעלע״ פּאַטשקעט זיך מיט דער איבערזעצונג פון הוגאָס פראַנצויזישן אָריגינאַל. אין רעדאַקציע, פאַרשטייט זיך, לייענט קיינער נישט. ווער׳ט גיין לייענען אַן איבערזעצונג פון אַ ראָמאַן? בפרט אין דעם פאַל! מען ווייסט, מ׳קאָן זיך פאַרלאָזן אויף „ר׳ מרדכעלען״, — פראַנצויזיש קען ער אויסגעצייכנט, און יידיש קען ער אויך זייער גוט.

גייען אַזוי צוועק אַ פּאָר וואָכן. איינמאָל זיצט אַזוי דער רעדאַקטאָר פונם „פריינט״ און קוקט דורך די צייטונג. פאַלט אים איין אַ לייען טון אַביסל דעם ראָמאַן. ער גיט אַ קוק: דער העלד פון וויקטאָר הוגאָס „דער גבור אין קייטן״ רעדט זיך דורך מיט זיין געליבטער וועגן... טעריטאָריאַליזם...

באַווייזט איר, אַז קיין בעסערע זאַך פאַר יידן איז גאָר נישטאָ ווי אַ טעריטאָריע!

ווערט דאָך דער רעדאַקטאָר פון „פריינט" מלא-חימה און שיקט רופן „ר' מרדכעלען".

— ס'טייטש? וואָס הייסט דאָס? אין וויקטאָר הוגאָס ראָמאַן — טעריטאָריאַליזם גאָר!

נעמט זיך „מרדכעלע" אָן ביי דער שיינער באָרד, ביי זיינער, פאַרקניפּט די בערנאַרד-שאָ-אויגן און זאָגט:

— הערט זיך איין, פאַני רעדאַקטאָר! אין דער צייטונג לאָזט איר מיך נישט רעדן וועגן טעריטאָריאַליזם. אין ראָמאַן אויך נישט... קומט אויס סיידן... איך זאָל אינגאַנצן נ י ש ט רעדן וועגן טעריטאָריאַליזם, און דאָס איז נישט פאַר מיר. איך רעזיגניר.

דער רעדאַקטאָר האָט, פאַרשטייט זיך, אָנגענומען די רעזיגנאַציע און געראַטעוועט וויקטאָר הוגאָן פון... טעריטאָר-יאַליזם.

*

ס'איז פלוידער-שעה אינם קאַפע.

די פאַרביקע פענסטער שיידן אָפּ דעם דרויסן פון אונז — די וואָכעדיקייט פון דער... ליטעראַטור. דאָס ניכטערע לעבן — פון דער לאַנגער און גרינער פלאַש ווייַן.

אַ יונגער מענטש, וואָס איז ערשט נישט לאַנג צוריק-געקומען פון אַ „צייטונג-טור איבער פאַלעסטינע", דערציילט פון ירושלים, פון נצרת, פון צפת — פון ווייסע זאַמד-וועגן אונטער לבנהדיקע סאַמעטן... (ער איז אַ דיכטער!) דערציילט, אַז פון דעם רייטן, וואָס ער האָט געריטן אויף קעמלען איבער די בערג פון יהודה, האָט ער באַמערקט, אַז אין פּאַלעסטינא „איז ער באמת געגאַנגען אַ מייל — נאָך אַ קעמל!" און, אַז נאָך אַ טאָג רייטן אויף דער האָרבאַטער ארץ-ישראל-חיה, איז ער אַהיימגעקומען און געגעסן פון... „מענטלפּיס", שטייענדיקערהייט.

*

מיר אַקסלען אַרויף די אַקסלען. ס'איז צו־ווינציק, לאָז ער דערציילן עפּעס אינטערעסאַנטס, שאַרפּס, געווערציקס.

דער יונגערמאַן איז נאָך אַ שעמעוודיקער. די „קאַפּע־בלומען" זענען אים נאָך נישט אַריין אין די געבליטן. דער חוזק־שפּיל איז אים נאָך נישט דער טעגלעכער צייט־פאַרטרייב, ווי ביי אונז עלטערע שריפטשטעלער.

ער גיט אַ ביס צוקער, ווי צו פאַרזיסן־זיך די רייד און ער דערציילט אַזוי פּראָסט און פרום, ווי פון דער ביבל אַרויס.

*

„דאָס איז געווען אין ירושלים. אַ מיידל האָט זיך באַוויזן מיט אַ רויט שאַלכן אויף די פּלייצעס, און אויגן ווי ברענענ־דיקע הבדלות איינגעטונקען אין בראָנפן, און ברוסטן — ווי אַ פּאָר הירש, און פיס ווי אין שיר־השירים.

האָט זיך צעטראָגן אַ קלאַנג, אַז זי איז נישט קיין אָנ־שטענדיקע. האָבן יידן אין שטריימלעך, און יידענעס אין שייטלעך — גענומען זיך טומלען. ס'הייסט ווי דערלאָזט מען דאָס? אין דער הייליקער שטאָט „ירושלים"!

אַהער־אַהין. מ'האָט פאַרמסרט פאַר דער ענגלישער רע־גירונג. די רעגירונג האָט אָנגעשטעלט אַ „דעדעקטיוו" ער זאָל אויסגעפינען דעם אמת.

איז דער „דעדעקטיוו" געקומען און באַוויזן...

ס'איז געווען אין אַן אָפּענעם געריכט. דער „דעדעקטיוו" האָט געטענהט, אַז ער איז געווען ביי איר. איר אַפילו אי־בערגעלאָזן צען ענגלישע פונט אין דער קאָמאָדע.

דאָס מיידל האָט געוויינט און געטענהט, אַז זי האָט אים ליב, און, אַז זי ווייסט גאָרנישט וועגן די צען ענגלישע פונט, וואָס ער האָט איבערגעלאָזט.

האָט דאָס געריכט געשיקט אַ מענטשן צו איר אַהיים. האָט ער געזוכט און געפונען די צען באַנקנאָטן אין איר קאָ-מאָדע, נישט גערירט.

דאָס געריכט האָט זי אַרויסגעלאָזט פריי. דער אינצידענט האָט שוין געהאַלטן ביים פאַרגעסן ווערן, ווען... פּלוצים האָט דאָס מיידל אָנגעקלאָגט דעם „דעדעקטיוו", ער זאָל אויס-האַלטן איר קינד, ווייל ער איז דער טאַטע דערפון.

ווידער אַ טומל!

די הייליקע „מיסעס ירושלים" גייט אויף רעדלעך.

דאָס געריכט איז געפּאַקט. דאָס מיידל שטייט נעבעך מיטן פּיצל קינד אויף די הענט, טעהנעט, אַז ער האָט דאָך אַליין געזאָגט, מיט אַן עלף חדשים צוריק, אַז ער איז געוועזן ביי איר.

דער „דעדעקטיוו" קראַצט זיך אין נאַקן, שטעלט איבער די פיס, פון איין אָרט אויף דעם צווייטן. שטייט אין געהאַקטע ווונדן. ער האַלט ביים פאַרשפּילן. פּלוצים גיבן ביי אים אַ פלאַם-אויף די אויגן, ער גיט זיך אַ ציי-אויס אין דער גאַנצער הויך פון זיין „היזמעדזשעסטינעס" און ער זאָגט:

— הער ריכטער, ס'איז אמת, אַז איך בין געוועזן מיט דעם מיידל. אָבער איך האָב עס געטון פאַר דער ענגלישער רעגירונג, עס איז רעגירונגס-אַרבעט, און די רעגירונג דאַרף באַצאָלן. —

*

מיר האָבן אָנגעגאָסן די גלעזער, און געטרונקען „לחיים", און געווונטשן דער ענגלישער רעגירונג „מזל-טוב". — — —

# „אָט דאָס איז ער?"

זיי קומען אַריין, גיבן אַ קוק אויף מיר און ווערן אַנ־טוישט. „אָט דאָס איז ער?"

דער „אָט דאָס איז־ער?" ווערט איבערגעזאָגט אין אַלערליי קאָלירן, שטימצייטערנישן. אַמאָל איז דאָס דין און שאַרף ווי אַ שפּיזל. אַמאָל האָט עס אויף זיך די פאַרב פון אַ פאַרזעענלעכער באַליידיקונג, אַמאָל איז דאָס עפּעס אַ צו־נויפפאַלן פון אויפגעהויבענע הענט. דער „אָט דאָס איז ער?" קלינגט אָפט ווי „אָט דאָס איז גאָר? און מער גאָרנישט?"

איך בין, ווייזט אויס, צו ווינציק.

*

זיי ווערן אַנטוישט.

עפּעס האָבן זיי געהערט זאָגן, אַז מ'דאַרף עסט קינדער־פיסלעך אויף פרישטיק און פאַרטרינקט מיט אַ ליטער אַבסינט. איך וואָלט באַדאַרפט טראָגן אַ „וויקלשנור" אַרום קאָפּ, און, דער עיקר: אַן אויערינגל אויפן לינקן אויער. ווען כ'טראָג אַן אויערינגל אויפן אויער, וואָלט שוין געווען נישקשה. אָבער אַזוי־אָ!

„אָט דאָס איז ער?" — גיט מען אַ זאָג צווישן די טישלעך פונם קאַפע, ווען איך גיי פאַרביי, אָנגעטון ווי אַ שוישפּילער, אין קאַווע־פאַרביקן סאַמעט, אין אַ גרוי־גרינ־

לעכן ברייט-שירמדיקן הוט, וואָס איז ענלעך צו אַ סאָמ-ברערא.

מיידלעך קוקן זיך איבער, רעדן אַביסל שטילער, כאַפּן זיך צו די פּודער-שמאַטקעלעך און ציען אַראָפּ אַביסל לענגער די קליידלעך ווי זיך צו באַשיצן. מאַנסבילן בלייבן שטעקן מיט די גאָפּלען אין דער לופטן, און זאָגן „אָט דאָס איז ער?“ אָבער זייער „אָט דאָס איז ער“ איז שוין גאָר אַן אַנדערער: אַ מוטלעכער, אַ דאַנק-גאָטישער. סע קלינגט ווי „נו, דאַנקען גאָט, וואָס ער איז בלויז דאָס, וואָס ער איז, און נישט מער.“

*

דאָס שלעפּט מיך אַרויף אויפן געדאַנק, אַז דאָס שענסטע לעבן איז דאָס אָפּערעטישע לעבן, — דאָס לעבן, ווי סע ווערט פאַר אונז געמוסטערט אויף די אָפּערעטן-בינעס:

„וויין ווייב און... נעכטעלעך...
אַ וועלט פון בלויע לעכטעלעך...“

אַזוי זינגט דער זינגער אין די סאַמעטענע האַלבע הויזן, אַ טשערעדע פון 66 גרינטלעך-אויסגעטוענע מיידלעך שאָק-לען זיך צו צום ריטם פון זיינע פּערזן. די מוזיק העלפּט אונ-טער. עס גיבן זיך אַ צעזינג 77 פידלען, און 77 טשעלעס און 77 וויאָלאַס. נישטאָ אויף דער וועלט קיין האַלז-קראַנקייטן, קיין דאגות-פּרנסה, קיין גרוי-ווערן פון שוואַרצע האָר, קיין אָפּמאַטערניש, קיין ברויט-מיט-טרערן. אַלצדינג איז גוט און וווּיל און גרינג און געשמאַק ווי —

„וויין, ווייב און נעכטעלעך...
אַ וועלט פון בלויע לעכטעלעך...“

*

דער מענטש, וואָס ווערט — ווי אַ הויך זעמדל — פאַרוואָרפן העט-אויבן אויפן שפּיץ פונם צופּעליקן מענטשנ-באַרג, דער מוז, דער ערשטער, זיין נאָמען פּוצן אָן אַלע ווינטן, מוז זיך היטן פאַר בייזע אויגן, מוז אַריינשטראַלן אין

פרעמדן אויג אַריין דאָס, וואָס דאָס פרעמדע אויג האָט געזען אין חלום.

„אָט דאָס איז ער?“ איך ווייס (בנאמנות), אַז ס'איז קנאָפּ. אַ מענטש מיט מיין נאָמען האָט באַדאַרפט אָדער האָבן אַ הויקער און אַ רויטע באָרד, אָדער אויסזען ווי „דער גנב פון באַגדאַד“. צום מינדעסטן האָט ער געדאַרפט טראָגן אַן אויערינגל, ווי בורליוק און אַ גרין וועסטל, און שטיוול מיט שפּאָרן.

*

אַ שאָד, וואָס דאָס „געשטאָכענע“ רעכטע אויער מיינס איז פאַרוואַקסן געוואָרן, און ס'איז שווער דורכצושטופּן אַן אויערינגל. נאָכאַמאָל זיך שטעכן ס'אויער איז צו שווער פאַר אַ מענטש, וואָס איז שוין אין די יונגסטע יאָרן דורכגעגאַנגען צוויי אָפּעראַציעס.

*

ביי מיין צענטן יאָר בין איך איינגעפאַלן אויף טיפוס, געהאַלטן ביים שטאַרבן. כ'געדענק: עס איז געווען אַזוי גוט, אַזוי וואַרעם! די וועלט האָט זיך געדרייט, ווי אַ וואַרי-טענדל. דער הימל איז געפלויגן איבער די שוועלבעלעך, דער רבי האָט געריטן אויף אַ רויטער ציג, און זי האָט אים געשלעפּט ביי דער באָרד און געזאָגט: „איוואַן שטינק! דו וועסט אויפוואַקסן אַ פּעדקע פּאַפּירעלע, אַ פאַרשטאָפּטער קאָפּ... אוי אמר רבא...“

איך געדענק, ס'איז געקימען צוגיין פּנחס-רופא, מיך געטאַפּט ביי דער האַנט, אַרויפגעזיפצט דורך דער נאָז אַ היבש ביסל טאַבאַקע, פון דער לינקער זייט האַנט, און געזאָגט קאַלטבלוטיק, ווי אַ האַקמעסער:

— דער יונגאַטשניק וועט גיין ‎־אַ גאַנג, האָב איך מורא...

ביי פּנחסן איז דאָס געווען אַ געוויינטלעכער זאַג. דער שכל איז אפּנים געווען, אַז ממה-נפשך, שטאַרבט דער פּאַציענט,

האָט ער דאָך געטראָפן, טאָמער נישט, האָט ער אים געראַטע־וועט פון אַ זיכערן טויט.

פנחס רופא איז געווען אַ קלוגער אַלטיטשקער, אַ בעל־פרנסה. אַ חוץ אַ רופא, איז ער אויך געווען אַ צירולניק. ער האָט געוווינט קעגן אונז — אויפן באַרג. די הינטערטיר איז אַרויסגעגאַנגען צו אונזער גאַס. די פעדער־טיר איז געווען אין מאַרק אַריין.

דאָנערשטיק פלעגט זיין יריד אין שטעטל — פלעגן גוים זיך קומען גאָלן. פלעגט ער זיי אויסזעצן אַלע אינײנעם אויף אַ באַנק, זיי הייסן זיך אַליין איינזייפן די בערד (זיי זאָלן נישט קאָנען אַוועקגיין), דערנאָך פלעגט ער געבן צו האַלטן אַ האַלב־לבנהדיק שיסעלע מיט וואַסער, און — ער פלעגט נעמען פאַרגיסן בלוט...

יעדן פרייטיק אינדערפרי פלעגט אונזער באַרג זיין רויט פון גוייש בלוט, וואָס מ׳האָט צעבערוויז אַרויסגעגאָסן פון נחסעס שטוב.

*

אַז איך בין געזונט געוואָרן, בין איך געזעסן אין בעט מיט אַ בייטל גרייצערס אויפן האַלז, גערעדט שוואַך אונטער דער נאָז און נישט געוואָלט עסן קיין אַנדערע יויך נאָר פון... טייבעלעך.

שפּעטער האָט מען מיר צוגעלייגט דעם נאָמען אַלטער, כדי איך זאָל לאַנג לעבן. מ׳האָט מיר געשטאָכן ס׳אויער, און אָנגעטון אַן אוירינגל.

דעמאָלט האָב איך געוויינט און נישט געוואָלט קיין אוירינגל. נישט געוווּסט, אַז איכל אַמאָל הייסן „משה נאַדיר" און מענטשן וועלן מיך דוקא וועלן זען מיט אַן אוירינגל.

*

אַנומעלטן בין איך געגאַנגען אין גאַס און געקנאַקט דיניע־קערלעך. ס׳איז געווען זייער געשמאַק, און איך האָב מיך

אמת מחיה געווען. איז פאַרבייגעגאַנגען אַ לעזער, מיך דערקאַנט און געזאָגט צו זיין מיטגייער:

— משה נאַדיר קנאַקט דיניע־קערלעך!

דאָס איז געווען ווי אַ טיפע באַליידיגונג. עפּעס ווי איך וואָלט אים פּערזענלעך געהאַט צוגעזאָגט, אַז איכ׳ל קיינמאָל נישט קנאַקן קיין דיניע קערלעך, און איך האָב אים אָפּגענאַרט.

פון דערווייטן האָב איך נאָך געהערט, ווי ער זאָגט צו זיין פריינט: „אָנגעשריבן דריי ביכער „אונטער דער זון״ און... קנאַקט דיניע־קערלעך.

איך האָב אַוועקגעוואָרפן ס׳פּעקעלע דיניע־קערלעך, עס צוריק אויפגעהויבן און — ווייטער געקנאַקט. ווייל נאָך אַלעמען, וואָס בין איך שולדיק, אַז איך האָב אָנגעשריבן דריי ביכער „אונטער דער זון״? זאָל איך מיך, צוליב דעם, אָפּזאָגן פונם פאַרגעניגן פון קנאַקן דיניע־קערלעך? „אויב אַזוי״, טראַכט איך, „האָט זיך אײַנגעגאַנצן נישט געלוינט צו שרייבן קיין ביכער.״

*

דאָס איז די שטראָף פון — באַרימטקייט!

איר גייט דורך די גאַס, איר זעט (אויף אַ שטופּוועגעלע) צעשניטענע זויערע אוגערקעלעך, אָדער „כאַלוואַ״, אָדער פאַרכלינעטע פּעניצלעך פון איינגעזויערטע עפּל, אָדער געשמאַקע קניזשיקלעך, — סע רינט וואַסער פון מויל, ס׳האַרץ גייט אייך איבער, אָבער איר מוזט זיך אָפּזאָגן פון דעם ביסל פאַרגעניגן, ווייל — עמעצער קאָן נאָך אָנקומען און אייך „כאַפּן ביי דער האַנט״, און דערציילן אברהם רייזינען, וועט ער זיך בייזערן און שרייבן, אַז איר מאַכט אַ תל פון אייער „פּרעסטיזש״.

*

איך געדענק: ס׳איז געווען אַ הייסער טאָג אין קוני־איילאַנד. אַלע באָד־פּלעצער זענען געווען פאַרנומען, אַ חוץ די פרייע „פּאָבליק באַטהס״. בין איך אַריין אַהין, זיך אָנגעטון אַ געשטרייפטן באָד־אַנצוג, ווי אַ פאַרברעכער, האָב מיך גוט

אויסגעבאָדן, געגעסן אַ באַנאַנאַ אינמיטן ים, אַרויפגעשפרונגען אויפן קאָפּ פון דער העכסטער כוואַליע און „געלעבט אַ גוטן טאָג".

ס'איז אָפּגעגאַנגען שטיל. קיינער האָט מיך נישט דערקאָנט אין דעם געשטרייפטן זעבראַ-קאָסטיום.

נאָר, אַז איך בין אַריין אינעווייניק, אין שפּריץ-באָד, אויסגעטון די אונטערשטע העלפט, און געהאַלטן ביים אַראָפּשלעפּן פון זיך ס'ענגע, צוגעקלעפּטע העמדל, איז אונטערגעקומען עפּעס איינער אַ מענטש, מיר געהאָלפן אַראָפּשלעפּן ס'העמדל, און געזאָגט בשעת מעשה:

— באַקענט זיך, מיסטער נאַדיר, דאָס איז מיינער אַ פריינט. — —

## דער פּעטערבורגער פאָטאָגראַפיסט

„ווייזט אייער פּנים אײַנגאַנצן!‟ שרייבט מיר זינאַ לוריאַ. „עס איז נישט גוט, וואָס אָט גיט איר אַ שמייכל, אָט גיט איר אַ גרינץ מיטן מויל, אָט זעט מען אַ טרער אין אייער אויג, און אָט אַ ציטערן בלישטש. אפשר איז טאַקע דער מענטש, ווי איר זאָגט, זייער אַ סך (אפילו ז. מאָוד האָט אייך גע־צייכנט, ווי אַ גאַנצע אָרגאַניזאַציע!). אָבער פאַר דעם לעזער איז אומבאַקוועם, אַז דער שרייבער שטייט־נישט־איין אויף קיין אָרט. א י ר דרייט זיך, און מען דרייט זיך מיט אייך. עס פאַרדרייט זיך דערפון דער קאָפּ. איך בעט אייך, ליבער נאַדיר, בלייבט אויף אַ מינוט שטיין אויף אַן אָרט. לאָמיך האָבן אַ געלעגנהייט צו זען אייער פּנים. לאָמיר זיך באַקענען‟.

*

די טענה פון זינאַ לוריאַ איז דורכויס אַ גערעכטע. אַוודאי איז נישט באַקוועם, אַז סע שווינדלט פאַר די אויגן. איך ווייס זייער גוט, דער לעזער האָט נישט ליב, אַז איר גייט נישט מיט אייער האַנט אונטער זיין אָרעם. דער לעזער (ווי יעדער נאָרמאַלער מענטש) האָט נישט קיין אַמביציעס אַראָפּצובליקן פון הויכקייטן און זען פלעקן, פינטעלעך, שטריכעלעך.

דאָס לעבן איז געגוג איבערשרעקנדיק אַפֿילו פֿון דער פֿרייער, אָפֿענער פֿלאַך אַרויס!

איבעריקנס, האָט דער לעזער ליב, אַז דער שרייבער זאָל נוצן זיין געדאַנק, ווי אַ „הענטל“, אים (דעם לעזער) צו באַוועגן. ער וויל, אָדער איר זאָלט שטיין שטיל, אָדער ע ר — בעסער א י ר! ווייל דעמאָלט האָט דער לעזער ס׳געפֿיל, אַז איר הוידעט אים אויף אַ הוידעלקע, אַז איר זענט אויסן אים איינצווויגן, איינצושלעפֿערן, באַרויקן, און פּונקט ווי יעדער דערוואַקסענער מאַנסביל וועט זיך לאָזן אונטערקויפֿן פֿון אַ פֿרוי, וואָס רופֿט אים „אינגל“ (אָדער אין פֿאַל פֿון אַ דערוואַקסענער פֿרוי — ווען דער מאַן רופֿט זי „מיידל“), אַזוי לאָזט זיך דער לעזער גערן אונטערקויפֿן פֿון דעם געפֿיל, אַז דער שרייבער איז זיין עלטערער ברודער, וואָס קראַצט אים דעם קאָפּ, לייענט מיט אים קריאת-שמע, דעקט אים איין די פֿיס, צום ווינציקסטן 5 מאָל. ווײַ איז דעם שריפֿטשטעלער, וואָס נוצט זיך אַליין, ווי אַ שפּיל-שפּינדל און וואָס וואַרפֿט זיך אַליין צו דר׳ערד — כּדי ער זאָל זיך פֿאַנאַנדערוויקלען אין פֿלינקן שפּיל-געשפּין, ער זאָל זיך אויסטומלען אין זינגענדיקן רויש.

דעמאָלט קומט זינאַ לוריא און זאָגט: „בלייבט שטיין. מיר ווילן זען, וואָס פֿאַר אַ פּנים איר האָט. שווינדלט אונז נישט פֿאַר די אויגן!“

*

צווישן אַלע מיינע 55 מלאכות אָן ברכות, רעכנט זיך אויך דאָס פֿאַך פֿון פֿאָטאָגראַפֿירן. מיט 22 יאָר קריק האָב איך אפשר 6 חדשים דורכאַנאַנד געאַרבעט ביי אַ פֿאָטאָגראַפֿיסט. פֿלעג זיצן אין „טונקעלן צימער“, ביי אַ שוואַכן, רויטן ליכט, און זען, ווי די „מענטשעלעך“ קומען אַרויס אויף די „גלעזלעך“, ווי שדימלעך [illegible] בערגעקערטע, ווי פּיצלעך גייסטער, וואָס קריכן אַרויס פֿון אַ קליינער שיסל מיט וואַסער. עס איז אַן עקל-האַפֿטע אַרבעט — דאָס שטיין אין „דעוועלאָפּיר-צימער“, אָבער

דער פאָטאָגראַפיסט איז געווען אַ ליבער, עלטערער רוסישער מענטש, וואָס האָט זייער ליב געהאַט זיין פאַך, זיין ווייב, זיין טיי, און זיין קעצעלע.

אין זיין פאַך איז ער געווען אַ קינסטלער — אַ „פּעטער־בורגער פאָטאָגראַפּשטשיק", אַ מענטש מיט קאַפּריזן. ער האָט ליב געהאַט צו שפּילן זיך מיט שאָטנס אויף פּאַפּיר... האָט ליב געהאַט צו פאַרנאַרן אַ ביסל ליכט אין אַ ווינקל אַריין, און עס דאָרטן איבערלאָזן, אָדער עס „נעמען געפאַנגען" מיט שאָטנס, אַרומזינגען עס מיט טונקלען געזאַנג, מיט אומעטיקע שטילקייטן.

די געגנט, ווו ער האָט געהאַט זיין סטודיע, איז געווען אַ פּוילישע, ערגעץ אין גרינפּאָינט, לעבן די גרויסע בליי־פעדער־פאַבריקן. זיין קליענטל: דערשלאָגענע, אָרעמע גוימלעך, שיקסלעך בלאַסע, קראַנקע, וואָס האָבן ליב געהאַט פאַרב און גלאַטקייט און בלישטשעדיק פּאַפּיר.

מיין באַלעבאָס איז אַ קינסטלער פון סאַמע פּעטערבורג אַרויס... צווישן אַרטיסטן געלעבט, צווישן איידעלער געזעל־שאַפט, צווישן אַזוינע, וואָס שלאָפן בייטאָג, און עסן ביינאַכט. צווישן שאָטענשפּילערס.

איז זיין צער געווען זייער גרויס,! בפרט, אַז ער האָט געדאַרפט געבן געגלייזט פּאַפּיר, און אָנטיפּלען פאַרב אויף די מיידלשע באַקן, און אָנטשעפּען „זייגערס" אויף די גויעשע וועסטלעך. אָבער דאָס סאַמע ערגסטע עגמת נפש האָבן מיר ביידע געהאַט מיט... די אויערן. מיין פּעטערבורגער באַלעבאָס האָט (ווי אַלע גוטע פאָטאָגראַפן) ליבערשט געהאַט צו „נעמען" אַ מענטשנס פּראָפיל, ווי זיין פול־פּנים (אַנפאַס), ער פלעגט אַפילו האָבן אויף דעם אַ רוסיש ווערטל, אַז די איידעלע, צוזאָגענדיקע האַלבע לבנה איז שטענדיק חנעוודיקער, ווי די פולע, קיילעכדיקע „פאַרהייראַטע" לבנה.

הכלל, ער פלעגט נעמען קינסטלערישע בילדער. דורך ווייכע, פיין־אַראַנזשירטע שאָטן־פלעקן פלעגט ער אַרויסנאַרן אויף דעם אויבערפלעך פון אַ מענטשענס פּנים זיין — טיפקייט,

זיין טונקלעניש, זיין נשמה. נו, נו! האָט ער געהאַט צרות! אַלע ווײַלע פלעגט קומען אַרויפצולויפן אין סטודיע אַ שייגעץ, אָדער אַ שיקסל, נאָכדעם ווי ער האָט אונטן אין אָפיס, אויפן ערשטן שטאָק, געוויזן זייערע פאָטאָגראַפיעס, און מאַכן אַ געוואַלד: ס'טייטש, ווו איז דאָס אַנדערע אויער? וואָס הייסט, מע גייט און מע מאַכט איך (אָדער איר) אַ פנים מיט איין אויער? וואָסי דאָס פאַר אַ שווינערײַ? חוזק? צי וואָס?

מיין באַלעבאָס, דער „פעטערבורגער קינסטלער" פלעגט ווערן רויט און בלאַס, און גרין און געל. ער פלעגט פרווון געבן צו פאַרשטיין, אַז אַ פראָפיל איז שענער, און אַז — וואָס איז דער חילוק צי איין אויער, צי צוויי? דער עיקר איז די קוואַליטעט. פאַרקערט: וואָס אומקלאָרער עס קומט-אַרויס, אַלץ פיינער איז דאָס. ווייל אַ מענטש (פלעגט ער דערקלערן) איז נישט איינער אַליין. ער איז אַ סך. דערפאַר קאָן מען אים בעסער דערקלערן מיט... שאָטענס. וואָס וויבּרירן און ציטערן.

דער שייגעץ אָדער דאָס שיקסל פלעגן אויסהערן די אַלע פיינע עסייען איבער קונסט, דערנאָך פלעגן זיי זיך פאַרטראַכטן אויף אַ מינוט און זאָגן:

— נו גוט, וועל איך נישט אַרויסנעמען די פאָטאָגראַפיעס.

— פאַרוואָס?

— ווייל איך האָב צוויי אויערן, און איר האָט מיר געמאַכט בלויז איין אויער!

— אָבער כ'האָב דאָך ערשט געגעבן צו פאַרשטיין, אַז —

— ס'קאָן זיין, פלעגט זאָגן דער שייגעץ אָדער דאָס שיקסל, אַז איר זענט גערעכט, אָבער איך האָב צוויי אויערן...

— אַוודאי צוויי אויערן! — פלעגט שמייכלען מיין „פעטערבורגער פאָטאָגראַפשטשיקל", — אָבער, קינדעלע, איך האָב דאָך אייך גענומען פון אַ זייטל — פראָפיל, הייסט דאָס, און אַז מען קוקט אויף אַ זייט, זעט מען בלויז 1 אויער...

— ס'קאָן זיין, אַז איר זענט גערעכט, — פלעגט ענטפערן דער שייגעץ, אָדער דאָס שיקסל, — אָבער די פיקטשעס וועל איך נישט אַרויסנעמען!

*

און נאָך אַ צרה פלעגט זיין מיט . . . די שיך!

דער שייגעץ פלעגט זיך בכיוון אָפּגלאַנצן די שוואַרצע שיך, זיי זאָלן פעכלען. און זיינע „חברה דאָרטן אינדערהיים" זאָלן זען, אַז ער גייט אין „געפּוצטע שטיוואַלאַך". צום סוף פלעגט אנשטאָט דעם שוואַרצן גלאַנץ אַרויסקומען, אויף דער „פּיקטשע", אַ ווייסער פלעק, ווי דאָס ליכט איבער פאַליעס פון אַ טייך.

פלעגט זיך טון חושך:

— סעי, באָס, — פלעגט שרייען אַ יונג מיט געשטופּלטע שטשאָקעס און בלויע אויגן און געלע ציין, — וואָס האָט איר פאַרמעליקט די שיך?

— ס'איז נישט קיין מעל... ס'איז אַ גלאַנץ.

— אַ ווייסער גלאַנץ? — פלעגט לאַכן דער שייגעץ, — מ'עט מיינען, אַז איך בין דאָ אַ מילנער געוואָרן... וואָס, גיט אַ קוק! — פלעגט ער אויפהויבן דעם שוואַרצן שוך כמעט אין מיין באַלאַבאָס נאָז אַריין — ס'איז שוואַרץ, צי וואָס?

— שוואַרץ! — פלעגט דער „פּעטערבורגער פאָטאָגראַפּשטשיק" ענטפערן און אַוועקנעמען די נאָז.

— טאָ וואָס-זשע איז אויף דער „פּיקטשע", וואָס?

ס'איז דער גלאַנץ פון די שיך. יעדער גלאַנץ קומט אַרויס ווייס, ווייל סע שפּיגלט. שטעלט זיך פאָר, — פלעגט ער זיך שטעלן איינטייטשן, — אַז איר באַשמירט דאָס שפּיגל-גלאָז מיט רויטע פאַרב פון אונטן, וועט דען דער שפּיגל זיין רויט?

דער שייגעץ מיט די בלויע אויגן און הויכע שטשאָקעס פלעגט זיך פאַרטראַכטן, אַראָפּקוקן אויף די שיך און ענטפערן:

— סע קאָן זיין, אַז איר זענט גערעכט, פאַניע, אָבער די „פּיקטשעס" וועל איך נישט אַרויסנעמען.

*

דער „פּעטערבורגער" און זיין שיינע פרוי פלעגן שטילערהייט זיך אָנקוקן איינס ס'אַנדערע, זאַמלען די געבליבענע

„פיקטשעס" אין אַ גרויסן שופלאָד, זיך שפּיגלען אין זייער קינסטלערישקייט. אָבער אין עטלעכע חדשים אַרום האָט שוין מיין „פּעטערבורגער פאָטאָגראַפשטשיק" געשמט איבער גאַנץ גרינפּאָינט — קיינער איז שוין נישט אַריינגעקומען.

אין אומעטיקע ווינטער-פאַרנאַכטן פלעגן מיר זיצן זאַל־בעפּערט: איך און ער און זיין פרוי און דאָס קעצל, טרינקען טיי פון אַ רוישנדיקן סאַמאָוואַר, באַטראַכטן די שאָטנס־דבוקים אין די ווינקלען פון די ווענט, הערן, ווי דער שניי זיפצט איבערן ווינט, אדער דער ווינט איבערן שניי, און ער פלעגט זיפצן בשותפות מיט זיין שיינער פרוי:

— אַך, פּעטערבורג!

שפּעטער אַביסל האָב איך מיך אויסגעלערנט זאָגן מיט אַ זיפץ: „אַך, פּעטערבורג!" און נאָך ביז היינט, אַז די געשעפטן זענען שלעכט, און קיין פּרנסה איז נישטאָ, און ס'איז פאַרנאַכט, לאָז איך שטילערהייט אַרויס אַ זיפץ:

— אַך, פּעטערבורג!

## מ ע צ ע נ א ט - ל ע ב ן...

דער היינטיקער פון „נעכטן ביז מאָרגן" איז געשריבן מיט אביסל כעס. כעס איז עבודה-זרה. געצנדינסט. א שאָד, וואָס די וועלט האָט אזוי ווייניק געצנדינסט. די שטיינער און ביינער, העלצער און פלעקער זענען, דאכט זיך מיר, א סך מער גאָט, ווי דער, וואָס זיצט אויבן-אָן און — „פ י ק ס ט" נישט: איינמאָל אָפּגעארבעט 6 טעג, אויפגעבויט ס'גאָלדענע הינט-שטעלכל פאר אלעמען גלייך (פאר קרומע נאָך אביסל גלייכער) און איצט: שלאָגט אייך קאָפּ און וואנט, לייגט זיך אויס אדמלעך, אין דער לאנגער-לענג, קיין פאמעלעך איינער דעם אנדערנס פוס, ביז אין דער פארשיווער אייביקייט אריין, און לאָז אייך ווייל באקומען!

*

דאָס היינטיקע איז געשריבן צו יענע פיינע שבת-לייט פון אונזער ליטעראטור. די אויסגעפלוצלטע גבירימלעך, וואָס די עטיק-שמעטיק-עכטעטיק איז שטענדיק אויף זייערע ליפּן — ווי א פרישטש. צו יענע, וואָס טוען-אָן אויף די הענט אונזערע אָפּגעשונדענע פעלכלעך — און ווארעמען זיך ווי אין א מופל. יענע פיינטראכטער, פיינזיפּצער, פיינסמארקער, וואָס פאטשקען זיך טאָג-און-נאכט ארום די קולטורעוואטע זאכן, וואָס פילעווען

זיך די איכעלעך מיט ביכעלעך און קיכעלעך, וואַשן זיך צוויי מאָל אַ טאָג מיט זייפוואַסער די הדרתדיקע בערדלעך און — זעצן זיך אויפן ברעטל — מיט קאַנטס פּראָלעגאַמענאָס, און קייען דערביי טאַקע ווידער אַ קיכעלע, צו דערקוויקן דאָס איכעלע.

❁

מעצענאַט-לעבן, איר האָט דאָך ליב די ליטעראַטור? די שריפטשטעלער? מעצענאַט-לעבן, ביי אייער קאָרטן-שפּילן, רעדט איר דאָך שטענדיק פונם „איכות און כמות" און „הגם" — אַ-יאָ?

אין אייערע יונגע יאָרן, ווען איר זענט נאָך געזעסן אין קלויז ביים אויוון און זיך געוואַרעמט די געהערבעקטע פּלייצע און געזונגען אייער „שנים אוחזין", האָט איר זיך געקרייזלט אַ פּאהלע, געגלעט ס'בערדל, וואָס איז נאָך געווען אַ שפּראָך-אויף-טאָג. איצט קרייזלט איר דעם אייגענעם פּרומעוואַטן אָנ-שטעל — די פּראַזעלעך. די שיינווערטלעך וועגן די זיבן-אַכט קונסטן, וואָס — —

און צו אייערע דאַמעלעך, די גוט-געקאַלכטע, מיט די בת-טובימדיקע שרינטעלעך אינמיטן קאָפּ, און די האָר פּעסט איבער די אויערן, און די יצר-הרע-שאַלעכלעך ענג איבער די אַקסעלעך, — וואָס רעדט איר צו זיי, ווען איר שטרענגט זיך אָן, אַ שטייגער, צו מאַכן דעם געווינטשטן? —

איר זאָגט: „כ'ווייס נישט. ס'רעדט נישט צו מיין נשמה. סע נעמט מיך נישט." — — און איר טראַכט דערביי. טאַליע. נידריקער. העכער. ריפּשטעק. לעבערלעך מיט שמאַלץ. כרמל-קידוש, ווישניאַק.

רייד, רייד, אויף אייערע ליפּן. גאָרנישט — אין האַרץ. אַ אויטאָמאָביל אַ גרויסער. פאַרשטינקט ער אייך אַלצדינג. אַ הויז אַ באַקוועמע — פּאַשעט איר דאָרט מאַניר-פליגן, אָנשטעל-פליי.

די פּרעסע, די מיינונג, וואָס איז ב"ה אָפן אַלע טאָג, וואַשט אַרום די זילבערנע לייזלעך, און לאָזט זיי צוריק אַריין אין דער קולטורצוואַטער באָרד אַריין. כ'האָב מורא: סע טויג נישט, קינדער...

*

אַ קאָלעגא איז קראַנק. איז אין גרויס נויט.

אַז ער איז געווען געזונט און זיין נאָמען האָט גע־בלישטשעט מיט 104 גראַד פיבער, האָבן אַלע חשובע מעצע־נאַטן, זיך געווינזלט אַרום אים, אים אָפּגעפּראָשעט די לאַצן פון ראָק, די דאַמעלעך מיטן שרינט אינמיטן קאָפּ, און די לאַנגע אוירינגלעך, האָבן געזאָגט ווי פון אַ תחינה: „גאָט זאָל געבן געזונט און קראַפט צו אונזער דיכטער... אַדאַנאָי, זאָל שטאַרקן די האַנט און אונזער קינסטלער — ער זאָל נאָך לאַנג שאַפן..."

ער איז קראַנק געוואָרן. די לונגען עפּעס נישט מיט אַלעמען. די האַנט שלאָפט. דער קאָפּ טראַכט... נו, אויפשרייבן קאָן מען דאָס נישט. אַ דיכטער מוז באַזינגען אייער חתונה — נישט זיינע; באַוויינען אייער זאַנידיצע אויפן פינגער, נישט זיין צעוווּנדיקט לעבן. דער דיכטער איז דער מענטשהייטס לאָקיי. ביטע־שיין, לאָקיי, באַזינג מיך! באַוויין מיך! באַקרעכץ מיך! שאַ. ווייסטו וואָס? שאַף מיר עפּעס גאָר אַ גרויסע זאַך, קנאַק־מיר־אויף אַ פעלז! בויע־מיר־אויף אַ טורעם פון שפינוועבס, העקל מיר אויס אַ טויער פון סמע־טענע! איך, דער „ליבהאָבער", דער מעצענאַט — בין שוין מיד פון דעם פערטל־פונטעלע פלייש מיט ביינער! גיב מיר ס'גאַנצע האַרץ! דעם בויך שנייד דיר אויף, דו לאָקיי, מיין דיכטער, מיין אייביקייט־ליפעראַנט, מיין מאָשקע...

ליגט ער זיך דערווייל קראַנק — דער ווייסטער קאָלעגא מיינער.

ער קייט לופט, — מאַראַנצן־לופט אין „זוניק־באַזונגענעם"

לאַנד, ווו די צעדערן צעדרעווען און די זון־אונטערגאַנג זענען אַזוינס און אַזאַס!

*

דער דאָקטאָר זאָגט: מילך. פּוטער. אייער. אַ לופטיקע דירה, און דער עיקר: נישט זאָרגן, נישט אויפרעגן זיך.

דער חשובער הער דאָקטאָר הייסט זיך באַצאָלן 15 דאָלאַר פאַר זיין עצה, דער דיכטער זאָל נישט זאָרגן. דער דיכטער שקראָבעט אין די קעשענעס. ער האָט קיין 15 דאָלאַר נישט...

די זאָרג פּאָרט נאָכפּיין — צום הער דאָקטאָרל אויף דער דלאָניע אַרויף... וואָס מאָנט מיט אַזאַ איידעלער געוואַשנקייט, מיט אַזאַ קולטור...

*

פונם זוניקן לאַנד, ווו די מאַראַנצן שמעקן, קומען בריוו. די בריוו זענען זיס, אָבער צווישן די שורות — הויערט זי ביטער־ביטערקייט, רינט דאָס געוויין.

דערמאָן איך מיך: אַ מעצענאַט, אַ ליבהאָבער, אַ ספר־תורהניק. טשישעט זיך מיט הייליקע מענטשלעך, אוצר־חיימלעך, און פאַר דעם יוד־קיי־וואָו־קיי איז ער גרייט מיטן קאָפּ אין דר'ערד אַריין.

קלינג איך אָן אין טעלעפאָן.

— העלאָו. דאָס איז נאַדיר.

— יעס, נאַדירל, טייערער וואָס הערט זיך? אין בין געזונט, אַ דאַנק. מיין פרוי אויך. מיין פאַמיליע אויך. געשעפטן? זייער גוט. נאָר כ'האָב פיינט רעדן פון געשעפטן מיט קינסטלער. ס'איז אַ חילול־הקדש.

אַריינגעזיפצט אין טעלעפאָן.

דערנאָכדעם דערציילט ער מיר, אַז ער האָט זיך איינגעשאַפט אַן אמתן עלזיוויר ווירגיל, פון 1662. אָפּגעצאָלט אַ פאַרמעגן.

איך ווייס שוין פון לאַנג, ער איז אַ ליבהאָבער פון ביכער: זאַמלט בוך־דעקלעך פון אַלע ווערק איבער שעקספּירן. רעדט שטענדיק מיט ערענפאָרכט פון דעם ביבליאָפיל ריכאַרד העבער. האָט אַ גאַנג פון פּראָפעסאָר ריבגאַרדס שאָטנלענדישע באַלאַדן, מיט צושריפטן סוא מאנו. האָט אַפילו אַן אינקו־נאַבולום...

מ׳רעדט אָפּ דאָס צירלעכע, אַנשטענדיקע. איך דערצייל אים — אַזוי און אַזוי. „ג״ איז קראַנק — לונגען. ער קייט זון אינם לאַנד פון די מאַראַנצן, ס׳איז נישט גענוג. מ׳דאַרף. —

דעם מעצענאַטס קויל ווערט שוואַך. ער הויבט אָן אונ־טערהוסטעניען. „איכל אייך זאָגן... ס׳איז אַזוי״ — „ווי אַזוי איז דאָס?״ „ס׳איז... פּריקרע... דוקא איצט... פאַרענגט... גע־שעפטן, נישט אַזוי... כ׳מיין... נאָר וואָדען״... (כ׳האָב ליב, אַז מ׳הויבט אָן צו וואָדענעווען!) ס׳איז אַזוי: שרייבט איר אָן אַ בריוו, נאַדיר, צו יענעם און יענעם — אַ חשובער מענטש... וועט ער עס איבערגעבן צו זיין „קולטור־קלוב... גרויסע גבירים... מיליאָנערן... און ליבהאָבער פון דער בעלע.״

ער איז מיר מבטיח, אַז ס׳וועט זיין נישט ווינציקער ווי פינף הונדערט דאָלאַר!

שרייב איך. חשובע שרייבער — שרייבן־צו. חתמענען זיך, דער זיגל איז — ס׳פלאַמען וואָס ס׳פּנים בלאַמט... די בושה: אויסטון זיך נאַקעט... און ווער ווייסט? אפשר זענען זיי בלויז אויסן אַ קוק טון אויף דער וווּנדיקער נאַקעטקייט? — נישט צו פילן. — —

זיבן מאָל פאַרדאַמט זאָל עס ווערן!

די טעג זענען גרויס. גייען זיי זיך צום טייוול. קומען ווידער, גייען ווידער. „ריפּן אויס די טיר״ — לאָזן אַריין דעם פראָסט. שיקן שנייען און — אָנשיקעניש.

דער קאָלעגא איז קראַנק. קייעט נאַסע לופט אין דעם זוניקן לאַנד פון מאַראַנצן. זיינע בריוולעך — קומען שוין נישט. די האַנט האָט שוין קיין כח נישט. —

מײַן טעלעפֿאָן וועקט-זיך-אויף פֿון שלאָף:
— הער, מעצענאַט, נו? —
— אַ שײנער טאָג, הײַנט... האָט איר געלײַענט. —
— צום טײַוול מיט אײַער „געלײַענט"!... אַ מענטש איז קראַנק.
— וואָס בײזערט איר זיך אַזוי? מ'איז אײַך עפּעס שולדיק? —
ער האָט דאָס נישט ליב. — ער האָט ליב מענטשן מיט מאַניערן... ווי געטע זאָגט ערגעץ — —
הענגט ער זיך אויף מיט געטען!

*

צום סוף קומט אָן אַ צד-שכנגד אַ בריוול, געשריבן אין הײליקן העברעאיש. מיט אַ „ה' מר משה נאדיר שלום":

„קבלנו את מכתבך אל הד"ר... שאתה וחבריך פונים אליו לשם תמי-ה מיוחדת בשביל הסופר היהודי... לצערנו (מאַכט ער) לא נוכל למלא את בקשתכם, כי הקרן (מאַכט ער) שלנו מצומצמת והדורשים עזרה—רבים...
...אנו מקוים.. מ'האָפט, הײסט דאָס, אַז גאָט-ברוך-הוא וועט אונטערקומען אין צײַט אין אונטערשטעלן אַ פּלײצע.. „אף כי אנו, מאַכט ער, איננו יכולים להשתתף עמכם." —

*

ליטעראַטור? — מענטש-באַשרײַבעכץ - ס'פּונטעלע פּלײש..
דו שײלאָקל — דו קונסט — נעמסט ס'ביסל האַרצפּלײש צו, און וואַרפסט עס פֿאַר די הינט. — —
פֿאַר די געפּלוצלקע „ליבהאָבערס", פֿאַר די פּוסטע און אויפגעשוואָמענע, וואָס צירן זיך מיט אונזער אומעט-און פרײד, בעת זײ האָבן אונז אַלײן טיף-און-טײער אין דר'ערד. — —
פשאַמאַטרי!!

# פרומעטעלס שוואַנען־ליד

מאָלט אייך, אַז ס'האָלט נאָך נישט דערבײַ איך זאָל נעמען און אָנשרײַבן אַ גאַנצן דאָס־אָ וועגן אַ שוואַנען־גאַנז, וואָס פּלעשעט זיך אַרום אויף די טײַך־וואַסערן, לעבן די געלע צווײַבלבלימלעך, אָדער וואַסער־לילוליס. כ'האָלט נישט (זאָג איך) דאַבײַ. מחמת אַ סך טעמים. ערשטנס, אַזוי און אַזוי. צווייטנס, וואָס האָט מען דאַפון? ברויט מיט שוואַנענשמאַלץ אַ וו ד א י נישט. און כבוד אויך נישט. פאַרקערט. אַז מען שרײַבט אָפּ עטלעכע יאָר וועגן שוואַנען, ווערט מען באַקאַנט צווישן די ייִנגערע געדיכטנשטעלער פאַר אַ שוואַן־מלמד. דאָס בלוט (זאָג איך אייך) צינדט זיך אָן, אַז מען רעדט אַזאַ זידלוואָרט. דאָס איז דער לוין און די קרוין, וואָס מ'גיט אַ ייִדישן קינסטלער דערפאַר, וואָס ער שטעלט זיך אַנידער און באַזינגט די אײדעלע גאַנז, די גוואַלדיקע, וואָס אַלע בעסערע דיכטער שרײַבן וועגן איר. אָווא, אַ וועלט מיט ביכער.

אַ קלייניקייט: שוואַנען.

דײַן האַלז איז ווי אַ שוואַן, געליבטע מײַנע, וואָס איך האָב דיך נישט. דײַן טאַנצן, אָ־סאָרעלעבען (?), איז אַזוי גראַציוניסטיש, ווי דאָס שווימען פון אַ שווימשוואַן.

און ענלעכע ווערטער, וואָס גיבן דיר אַ בלישטש אין די אויגן אַרײַן, ווי כ'ווייס אַליין נישט וואָס, און סע ווערט גוט און זיס און וואַרעם און — נאָך דאָרטן עפּעס.

קום איך אײַך פֿונדעסטוועגן דערציילן וועגן אַ שוואַן. נאָר שאָבט נישט אַ פֿינגער-איף-אַ פֿינגער און זאָגט נישט „אָבער-א-בע! דו האָסט געמוזט אָנקומען צו די שוואַנען! דו האָסט זיך נישט געקאָנט אַרויסדרייען דערפֿון".

ניין, ליובעקרוינען. איך בין שוין נישט קיין ייִנגל. 38 יאָר אָפּגעלעבט און נישט געזונגען וועגן שוואַנען, וועל איך נישט כאַפּן מיטאַמאָל און אַרויסגיין בפרהסיא פֿאַר דער גאַנצער וועלט און מיך אַוועקשטעלן זינגען:

שוואַנען דאָ, און שוואַנען דאָרט,
שוואַנען אויף אַ יעדן אָרט.

איכל אײַך נאָר אַרויסגעבן דאָס ליד פֿונם שוואַן, אַקוראַט, הערט איר, אַזוי ווי די מומע-פֿרומעטל האָט עס געזונגען, אַנומלט בײַנאַכט, ווען איך בין צו איר געקומען אויף לעקעך-און-זאָדעוואַסער, און זי האָט מיך אויסגעפֿרעגט, צי ס'איז טאַקע אמת, וואָס הערט זי, אַז איך בין געוואָרן אַ גאַנצער דאָס-אָ און אַז איך „באַשראַהב" איטליכן אין די בלעטער. און אַי-אַי-אַי, האָבן מיר שוין, הייסט דאָס, באַלד פּורים! און אַז זי רעדט פֿון פּורים, דערמאָנט זי זיך, אַז ס'איז שוין באַלד פֿערטהאַלבן יאָר, זינט דער זיידע ע"ה איז אַוועקגעגאַנגען, און אַז איבער-אַכטאָג דאָנערשטיק, אַז מ'עט דערלעבן, וועט ווערן קנאַפּע אַכט חדשים, זינט מ'האָט איטשעלען שיר איבערגעפֿאָרן. מיט אַ נס עפּעס, וואָס דער אויטאָמאָביל האָט זיך געגעבן אַ לאָז אויף-צוריק-וועגס און נישט אויף אים, וויסט איז דער מאַמעס לעבן!.. באַלד זומער. אָט-אַזוי גייען די יאָרן: ערשט געוועזן ווינטער און שוין זומער און באַלד איז שוין ווידער ווינטער. ס'איז איר אויסגעגאַנגען דער סאָק. ערשט נעכטן האָט זי געהאַט גוטע מאַלענעסאָק, ווען איך קום נעכטן, טרינק איך וואַסער-

מיט-סאָק. פאַרוואָס בין איך נישט געקומען נעכטן? און ווי־גייען ביי מיר די געשעפטן? האָב איך עפּעס געלט?.. און הער איך עפּעס פון סורטשען? נישקשה, מ׳ווייסט, אַז איך באַשרייב זי אין די בלעטער... געווען אַ מאַקעבונט, אַ ליאַמפּאַרט, און געבליבן אַ מאַקעבונט, אַ ליאַמפּאַרט. האָסט רעכט: מיט וואָס דער טאָפּ ברענט זיך אָן, מיט דעם פרייען זיך די קונים. אָדער ווי דער פעטער ליפּע ע״ה פלעגט זאָגן: אַ באַרג מיט אַ באַרג קומט זיך נישט צוינויף, אָבער אַ קרוג גייט אַזוי לאַנג צום ברונען, ביז וואַנעט ער צעברעכט זיך.

אַ צעטומלטע מומע-פרומעטל!

*

דער אויסגעשטאָפּטער פויגל שטייט אויפן געזימסל דאָרטן-אָ. אַ פליגל איז ביי אים אָראָפּגעריסן... דער מומע-פרומעטס פלעדערווישל. זי זאָגט: נ י ש ט - פליען קאָן ער מיט איין פליגל א ו י ך. כ׳מיין עפּעס! אַזוי וויצלט זיך דאָס מומע-פרומעטל, גלעט זיך ס׳גלאַנציקע, אָנגענאַפּטיקטע שייטל אויפן קאָפּ, רייבט דאָס טויט-געלע רינגעל, מיט דעם אויסגעלאָשענעם שטיינדל אויפן ראָסטפאַרביקן אַטלעסענעם יופּל, גיט אַלע מאָל אַ נעם-צונויף די ליפּן צווישן דעם גראָבן פינגער פון דער רעכטער האַנט און זיין שכן. דערנאָך פרעגט זי מיך אויס די קלענסטע פּרטים וועגן מיין משפּחה, צי מיין פרוי איז מיר טאַקע אַן אמתע פרוי, צי נאָר אַזוי? דערנאָך טרייסלט זי פּאַמעלעך אויס אַ יאַשיקל, כמעט מיר אין מויל אַריין, לייגט עס צוועק אויפן „זעסל“, וואָס שטייט העט-אויבן, בעט מיך איך זאָל מיך זעצן. וואָס קוק איך אַזוי? די קופּערנע פענדלעך? און דאָס חנוכּה-לעמפּל? און די מעשענע העסעס?... אַלץ מיטגעבראַכט פון דראַיִם. זיך געשלעפּט מיט דעם איבערן ים. אַ דאַטש מאַטרויזל האָט אַפּילושיק חוזק געמאַכט: וואָס טויג מיר ס׳מעשוואַרג?... ס׳איז צ ו שווער. ס׳עט נאָך זינקען די שיף. אָבער כאָבינגאַט אין דר׳ערד. ב׳על דאָך ניש קומען קיין

אמעריקע אָן מ ע ש. כ׳מיין עפּעס!... איז יאָ, וועגן דעם שוואַן: זי וועט מיר ד׳ערציילן וועגן דעם — אויב איכל איר זאָגן, אַז דער קאָפּ דינט מיר אויסצוהערן די גאַנצע מאַנסע.

איך זאָג איר, אַז דער קאָפּ דינט מיר.

*

דאָס מומע-פרומעטל ווישט און ווישט אַ קידוש-בעכערל מיט אַ פאַראַכטאָגנדיקן האַנטוך, אַזוי, אַז איך ווייס נישט, צי זי רייניקט דאָס בעכערל מיטן האַנטוך, צי ס׳האַנטוך מיטן בעכערל. זי פוצט, שפּייט אַלע מאָל אויף דעם ד ר ו י ס ן, וואָס געפינט זיך אויף יענער זייט בעכערל, און צווישן דעם אַלעמען דערציילט זי די מאַנסע וועגן דער גרויסער גאַנז, וואָס דורך אָט-דער דערציילעניש ווילן מיר טון באַווייזן פאַר אַלע ווויליונגע-רישע דורות, וואָס וועלן אַ קום-טון נ אָ ך אונז מיט פאַרקאַטשע-טע דאַשעקלעך און מיינען מי-יודע-וואָס, או-פלאַ, זיי האָבן איינגענומען די וועלט — ווילן מיר זיי טאַקע דאָ-אָ צושטעלן אַ בענקעלע, זיי זאָלן וויסן, אַז

שיין איז דאָס,
וואָס איז נוצלעך.

און אַז יענע, וואָס זינגען וועגן ז י נ ג ע וו ד י ק ע טויבן, זינגען אַ סך פאַלשער, ווי יענע, וואָס זינגען וועגן ג ע ב ר אָ-ט ע נ ע.

*

צום פאָרנט-צו, ווו אַ ביי שילדל, אויף אַן אַלט קרעמל, רוקן מיר אַרויס דעם אויפשרייב:

בלויז די פלאַכן רוישן,
די טיפן שווייגן שטיל.

דאַרימערט רעדן די מומע-פרומעטלעך זייער אַ סך, און וואָס זיי זאָגן איז ט י ף — ווי דער גערויש פון די פלאַכן. דאַרימערט פאַרצייכענען מיר זיי אָט-דאָ-אָ. ווייל — ערגער ווי ערגער קאָן שוין נישט זיין. לענגער, ווי ס׳קורצע לעבן איז אונז — קאָן עס שוין נישט ווערן. קירצן, אָבער, קאָנען מיר עס אפשר יאָ, דורך פאַרגעסעניש, דורך דעם שפּיל אין שטיינדלעך, אָדער דורך אַנדערע נאַרישקייטן.

*

...קומט ס׳מומע-פרומעטל אַריין צום קצב, זעט זי, סע הענגט עפּעס יאָ אַ גאַנז און עפּעס נ י ש ט קיין גאַנז, און ס׳האָט זאַי-ער אַ לאַנגן האַלז. גייט זי צו און טוט אַ טאַפּ: לויטער שמאַלץ. די פינגער קריכן אַריין, ווי אין סמעטענע. וואָס זאָל איך דיר זאָגן? כ׳האָב נאָך אַזוינס נישט געזען! כ׳גיב אַ בלאָז הינטן: אַ געוואַ-לד. אוממה... ס׳איז מיר אַזש אַריין ס׳וואַסער אין מויל אַריין. גיב איך אַ פרעג ביים קצב: וויפל ווילט איר פאַר דעם-אָ? מאַכט ער „פאַר דעם-אָ וו אָ ס?“ זאָג איך „פאַר דעם-אָ גענזל“. צעלאַכט ער זיך: אַ שיין גענזל. סע געפעלט מיר, „מאַכט ער,“ וואָס איר זאָגט, גענז-על, נישט קיין גאַנז, נאָר גענז-על. נאָר צוריקגערעדט, זאָגט ער, „אַז איר ווילט, איז עס גאָרנישט קיין גענזל אויך!“ „נאָר וואָדען אי׳ דאָס?“ ס׳איז אַ גענזאַטש, מאַכט ער, אַ גענזוק. אַזאַ גריגג לעבן, מאַכט ער, אויף אונזביידן, וואָס פאַר אַ ש ו ו ע ר ע גאַנז דאָס איז.

דאָס מומע-פרומעטל האָט זיך אַ נעם געטון די ליפּן צווישן די צוויי פינגער, זיך באַמחיהט מיט דעם אנגעדענק פון דער שוואַנען-גאַנז און ווייטער גערעדט:

...האָבן מיר געהאַט אַ חנוכּה, ווער אונז גיטס גיט! אפשר פיר קוואָרט שמאַלץ, מ׳זאָמיר אַזוי האָבן פיר געזונטע יאָר! מאָמיר זיך, פּשוט, געבאָדן אין שמאַלץ. וואַרעניקעס מיט

שמאַלץ, וואַרניטשקעס מיט שמאַלץ, ברויט מיט שמאַלץ, און גלאַט שמאַלץ. פרעגט מיך דער פעטער דיינער ע"ה: וואָס איז עס פאַר אַ גאַנז? עפּעס אַ מאָדנע גאַנז, זאָגט ער, מיט אַ האַלז, מאַכט ער, וואָס מ'קאָן דאַפון מאַכן, זעקס געפּילטע העלזלעך, (כ'האָב טאַקע געמאַכט צוויי געפּילטע העלזלעך!). זאָג איך: וואָס איז דיין דאגה? אַבי דאָס פלייש, זאָג איך, איז געשמאַק, און די יויך איז לויטער אויגן, און מיטן שמאַלץ אויף די וואַרעניקלעך, זאָג איך, קאָן מען זיך אויך נישט סמען... הלואי, זאָג איך, אַזוי לאַנג ווי ס'איז אונז באַשערט צו לעבן.

ס'מומע-פרומעטל ווערט אַנטשוויגן. איר אויג רינט, דאַכט זיך מיר. דער הייזעריקער וועקזייגער צערירט זיך, גאָרגלט זיך מ'האַלז און גיט אַ קייך אַרויס אַ פערטהאַלבן קלאַנגען. סע ווערט ליידיק אין דער לופט אַרום אונז. אויסגעקלונגען! נישטאָ מער. דער לעצטער זייגער-כריפּ קומט נישט. געשטאָרבן מיט אַ האַלבן ביסן אין מויל. וואָס פאַר אַ רחמנות!

*

...און דאָס איז דער סוף פון דער מומע-פרומעטעלס שוואַנען-ליד, נישט אויף די טייכוואַסערן איז ער געשוווּמען אין לבנה-נעכט, ווי דער סוד פון ריינער ליבשאַפט, נאָר אונטער אַ שוחטס בליץ-חלף איז זי אויסגעגאַנגען — די נאַרישע שוואַנענ-גאַנז, וואָס איז אָנגעקומען אין יידישע הענט. דאָס מומע-פרו-מעטל האָט געגעסן איר שמאַלץ, דער פעטער ליפּע (אונז צו לענגערע יאָר!) האָט געטונקען די וואַרעניקלעך אין דעמזעלבן שמאַלץ, און — דאָס טרויעריקסטע איז — וואָס דאָס מומע-פרומעטל איז נאָך ביז היינט אין ספק, צי די גאַנז איז געווען אַ כשרע, (זי איז שפּעטער געוואָר געוואָרן, אַז דאָס איז געווען אַ שוואַן! און ווער ווייסט, ווער ווייסט! אפשר האָט זי נאָך צוליב די פיר קוואָרט שוואַנענשמאַלץ אויף דער וועלט,

פאַרלוירן גאַנצע טונעץ מיט לויתן־שמאַלץ אויף יענער וועלט ?

– – – – – – – – – – – – – – – – – – – –

העי דאָרט, זאָלן די קלעזמער שפּילן אַ טרויעריקס !